וואַכט אויף, וואַכט אויף!

דאָס אידישע הויז ברענט!

חיים ליבערמאַן

# וואַכט אויף, וואַכט אויף!
# דאָס אידישע הויז ברענט!

## אַ ווייגעשריי אין דער אידישער נאַכט
## אין אַמעריקע

אַרויסגעגעבן פון
ועד החינוך התורני
על־יד מזרחי—הפועל המזרחי באמריקה
ניו־יורק, תש"ך—1960

# VACHT OIF, VACHT OIF, DOS YIDDISHE HOIZ BRENT

## (Awake, Awake, The Jewish Home is on Fire)

By Chaim Lieberman



*Published by*
Mizrachi-Hapoel Hamizrachi
80 Fifth Avenue, New York 11, N. Y.

*Printed in U.S.A. by*
Shulsinger Bros. Linotyping & Publishing Co.
21 East Fourth Street, New York 3, N. Y.



גewיdmעט מײַן טאָכטער

בײַלע אײַמאַן

חנוך לנער על פי דרכו
גם כי יזקין לא יסור ממנו
(משלי כב, ו)

דערציִ דאָס אינגל לויט
זײַן װעג, אויך אַז ער װעט
אַלט װערן װעט ער זיך ניט
אָפּקערן דערפֿון.

# דער שליסל צום הויז

אין דעמדאָזיגן בוך ווערט מיט אַנגסטן גערופן צו דער גרויסער שריפה פון אַסימילאַציע וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די אידן אין אַמעריקע אין אַ נייעם חורבן.

נאָכ׳ן בלוטיגן חורבן אין איראָפּע — אַ גאָל־דענער חורבן אין אַמעריקע.

דער אויסגאַנג־פּונקט איז די דערציאונג פון אונזערע קינדער.

דאָס בוך פאַרנעמט זיך זייער ווייניג מיט טעאָרעטישע דיסקוסיעס. בלויז עפּעס, אויף אַ שפּיץ גאָפּל.

דאָ ווערט דער עיקר גערעדט דורך בילד, באַריכט און דאָקומענט. דאָ ווערן געבראַכט שטיקער צאַפּלדיק לעבן.

דער אמת פון דער אויג איז שטאַרקער ווי פאָרמולעס פון געדאַנק.

דאָ ווערן אַרויסגעפירט לעבעדיגע אידן, מע־נער, פרויען און קינדער. קינד און קייט. זיי גייען דאָ דורך ווי אין טראַנס אין אַן אימה׳די־גער פּראָצעסיע צו נאַציאָנאַלן טויט, חלילה.

אָבער נאָך איז צייט צו רופן: האַלט!

צו רופן האַלט און ברעכן דעם טראַנס פון טויט אויפ׳ן טאַנץ פון לעבן...

# וואו נעמט מען צען משוגעים?

ניט איינמאָל בייגאַכט אויף אַ שלאָפלאָזן געלעגער, און בייטאָג אין טאָגטעגליכן האַוועו און שמייען, קומט און פיקט מיר אין מוח אַ פראַגע:

וואו נעמט מען צען משוגעים?

צען משוגענע אידן, וואָס זאָלן אָנטאָן זעק אויף זייערע לענדן, אָנשיטן אַש אויף זייערע קעפּ און זיך אָוועקלאָזן איבער די אידישע גאַסן פון אַמעריקע, רייסן קריעה, און שרייען שמע ישראל!

וואו נעמט מען צען אַזעלכע אידן?

אַ מנין אידן־משוגעים, וואָס זאָלן שבת און יום־טוב פאַר־האַלטן דאָס לייענען אין די שולן, אָפּשטעלן דאָס דאַוונען און אַראָפּ־שלעפּן די שיינע בעלי־בתים פון זייערע שטעט אין דער מזרח־וואַנט און זיי אַרויסוואַרפן אין גאַס אַריין אויף סקאַנדאַל און שאַנד און שפּאָט!

וואו זיינען זיי, צען אַזעלכע בראַווע חסר־דעה'ניקעס, וואָס זאָלן אָננעמען זעק מיט שטיינער און גיין ברעכן שויבן ביי די רבנים, שמעטערן טירן ביי די פאָלקס־פירער, צעטראָגן די ווענט ביי די קהל'שע פאַרזאָרגער?

ווער איר פרעגן: פאַרוואָס דאָס אַלץ?

דערפאַר וואָס זיי קוקן־צו ווי דאָס אידישע הויז אין אַמעריקע ברענט מיט אַ גרויסער שריפה, און זיי — זיי טוען ניט אַריין קיין פינגער אין קאַלטע וואַסער צו לעשן.

דאָס אידישע הויז אין אַמעריקע ברענט אין אַלע פיר עקן, עס שרפ'עט מיט אַ העלישן פייער פון קעלער ביז'ן דאַך, און די פירער שלאָפן זיך רואיג אין ווייכע בעטן, לאָזן זיך וואוילגיין ביי סעודות און באַנקעטן, פאָרן נאָך וואוילטאָג אויף „וויק־ענדס" און אין פלאָרידאַ, און דאָס אידישע קינד האָבן זיי אָוועקגעלאָזט אויף הפקר צו אַסימי־לאַציע, אַן אַ שמץ פון אידישער דערציאונג.

אונזערע פירער שלאָפן, אָבער עס שלאָפט ניט די קירכע, עס דרימלט ניט דער מיסיאָנער, עס פוילט זיך ניט דער שמד־פּראָפּאַ־גאַנדיסט.

עס גייט אַוועק אַ יאָר נאָך אַ יאָר, און עס קומט אָן אַ ניי יאָר נאָך אַ ניי יאָר, און מיר הערן אַלץ איין און דעם זעלבן פזמון: פון יעדע פיר אידישע קינדער אין אַמעריקע, באַקומט קוים איינס אַ שטיקל אידישע דערציאונג. דריי שמעקן אַפילו ניט אַריין אין קיין חדר אָדער שולע, נעמען קיינמאָל ניט קיין אידיש וואָרט אין מויל אַריין, און וואַקסן אויף, ניט קענענדיג די צורה פון אַן אלף.

הונדערטער טויזנטער אידישע קינדער, קליינע און גרויסע, זיינען שוין היינט דאָ אין אַמעריקע, וואָס האָבן קיינמאָל קיין צורה פון אַ אידישן אות אין די אויגן ניט געזען; הונדערטער טויזנטער אידישע הייזער, וואו עס איז ניטאָ קיין סידור, קיין מחזור, קיין תנ"ך; וואו מען ווייסט אַפילו ניט ווי אַזוי אַ אידיש בוך עפנט זיך, און ווי אַזוי אַ אידישע שורה לייענט זיך: פון רעכטס צו לינקס, צי פון לינקס צו רעכטס.

וואָס ווערט פון די אַלע ווערן? וואוהין וועט אַזאַ מצב דערפירן?

מיר דאַרפן ניט לאַנג טראַכטן, און עס איז ניט נויטיג צו גראָבן טיף נאָך אַן ענטפער. דער ענטפער איז שוין לאַנג געגעבן.

זאָלן די צען משוגעים נעמען דעם רב ביי דער באָרד, און אויב ער האָט קיין באָרד ניט, ווי עס איז דער שטייגער היינט, שאַדט ניט זיי זאָלן אים אָננעמען פאַר אַן אויער, און אים צופירן צו אַ טיש און

עפענען פאַר אים אַ חומש, און אויפמישן פאַר אים די סדרה עקב, קאַפּיטל י״א, פּסוק ט״ז, און פאַר דער באָרד, צי פאַר׳ן אויער — זאָל ער מיר מוחל זיין — אים אַראָפּבויגן דעם קאָפּ און הייסן לערנען אויף דאָס ביי דעם פּסוק, און זען וואָס רש״י מאַכט. דער פּסוק רעדט אַזוי צו זאָגן:

השמרו לכם — איר זאָלט זיך היטן, פּן — טאָמער, יפתה — וועט איבערגערעדט ווערן, לבבכם — אייער האַרץ, וסרתם — און איר וועט זיך אָפּקערן, ועבדתם — און איר וועט דינען, אלהים אחרים — פרעמדע געטער.

מאַכט רש״י: אויב איר וועט זיך אָפּקערן, דאָס הייסט אויב איר וועט זיך אָפּשיידן פון דער תורה, איז ועבדתם אלהים אחרים — ו ו ע ט א י ר קומען צו עבודה זרה.

ווען מען שיידט זיך אָפּ פון אידישקייט און מען דערווייטערט זיך פון תורה, ענדיגט מען ניט דערמיט, מען בלייבט ניט שטיין אויף איין אָרט. מען גייט ווייטער צו אַסימילאַציע און צו שמד, רחמנא ליצלן. עס איז ניטאָ קיין נייטראַלע פּאָזיציע אָן תורה. דער מענטש, וואָס שיידט זיך אָפּ פון דער תורה, זאָגט רש״י, איז זיין סוף, אַז ער גייט און באַהעפט זיך צו דער עבודה זרה.

אָט דאָ, ליבע אידן, האָט איר דעם ענטפער אויף דער האַנט אויף דער פראַגע: וואָס וועט ווערן מיט יענע ברייטע מאַסן אידן אין אַמעריקע, וואָס זיינען פאַר׳עם־הארצ׳עוועט געוואָרן, און אויף אַזוי ווייט, אַז זיי קענען שוין זייער אידישן נאָמען אין אידישע אותיות ניט חתמ׳ענען, און ווייסן ניט אַפילו וואָס זייער אידישער נאָמען איז.

מען דאַרף ניט גיין צו קיין חכמים זיי זאָלן דערטראַכטן, און ניט צו קיין טרעפער און קיין זנאַכערס, זיי זאָלן אנטרעטזעלן. די תורה זאָגט קלאָר און דייטליך דעם באַשייד.

און דער באַשייד איז: ענטוועדער — אָדער; אויב ניט איד, איז גוי. קיין מיטלוועג איז ניטאָ.

קיינמאָל אין דער גאַנצער אידישער געשיכטע איז נאָך ניט געווען אַזאַ געפערליכע לאַגע ווי היינט. קיינמאָל האָט דער שטן ניט געהאַט אַזעלכע מיטלען און אַזאַ צוטריט צום אידן ווי היינט.

זיינע נייע געווער זיינען: ראַדיאָ, טעלעוויזיע, פילם.

דורך די דאָזיגע דריי מאָדערנע כלי־זיין איז דאָס אידישע הויז ממש פאַרפלייצט מיט קריסטליכער פּראָפּאַגאַנדע. יעדן זונטאָג אָדער חגא קאָנט איר ניט עפענען אייער ראַדיאָ־אַפּאַראַט, אַז עס זאָל ניט אַ פליִען טאָן אויף אייך אַ גלח׳ישע דרשה. און דווקא מיט אידישע פּסוקים דרש׳ענען זיי. און אוי, דרש׳ענען זיי! אוי, האָבן זיי פּיסקעס!...

די טעלעוויזיע ברענגט דעם גלח און זיין קלאָפּערגעצייג גלייך צום אידן אין הויז אַריין. דורך טעלעוויזיע זיינען פּויפּסט און גלח געוואָרן גאָר אָפּטע אַריינגייער אין אידישע הייזער. אין די פייער־ליכסטע קריסטליכע טעג, קריסטמעס און איסטער, ווען דער פּויפּסט פּראַוועט זיין „עבודה" מיט דער גאַנצער פּאָמפּע אין רוים, קומט די טעלעוויזיע און ברענגט עס קיין אַמעריקע, און טראָגט עס אַריין דירעקט אין אידישע הייזער, און דער גאַנצער פּרעמדער צערעמאָ־ניאַל, פּויפּסט, צלם און קלויסטער, שפּילט זיך אָפּ פאַר די אויגן פון אידישן הויז־געזינט. דער פּויפּסט פּראַוועט אין רוים, און אידישע קינדער זעען עס אין זייערע היימען אין ניו־יאָרק. קיין שול און קיין בית־מדרש קוקן זיי ניט אָן, אָבער, להבדיל, דאָס שענסטע פון׳ם קריסטנטום זעען זיי גוט. און איר זאָלט זען ווי מען האָלט מויל און אויערן אָפן. מען שלינגט עס מיט גרויס הונגער.

היינט דער פילם. דער פילם האָט זיך אויסגעלערנט צו נעמען די קריסטליכע טעמע. גרויסע מעכטיגע קריסטליכע ספּעקטאַקלען ווערן פילמירט און געשטעלט. אידיש קינד און קייט גייט אויף די דאָזיגע ספּעקטאַקלען, וואָס ווערן שטענדיג געשטעלט אין פרומען גייסט. בילדער פון היסטאָרישן קריסטנטום, בילדער פון דעם לעבן פון קריסטליכע הייליגע, בילדער פון קריסטליכע פייערטעג און פון קריסטליכער טאָג־טעגליכקייט — אַ זעלטנהייט אין פריערדיגע יאָרן — זיינען היינט געוואָרן טעגליך ברויט אין די פילם־הייזער, זינט עס האָט זיך אָנגעהויבן שפּירן אַ רעליגיעזע דערוואַכונג אין דער וועלט. און די זעלבע דערוואַכונג האָט אַרומגענומען אידן אַזוי ווי ניט־אידן. טאָ וואָס זאָל פאַרהיטן דאָס אידישע קינד קעגן דער פאַר־שיכור׳ונג מיט׳ן קריסטליכן מיטאָס, וואָס פאַרפלייצט אים, ווען ער גייט אין קינאָ־הויז?

קיינמאָל איז דאָס אידישע פאָלק ניט געשטאַנען פאַר אַזעלכע

פּראָבלעמען. אַזעלכע געצייגן אין דעם שונא'ס הענט זיינען קיינמאָל פריער ניט געווען.

אַמאָל איז דאָס אידישע הויז געווען אַ פאַרמאַכטע פעסטונג, פאַרשלאָסן און פאַרהאַקט אויף טויזנט שלעסער. היינט איז דאָס אידישע הויז אָן ווענט. די ווענט פונ'ם אידישן הויז זיינען איינגע־פאַלן און ווי אַ ביידל אין פעלד איז עס אָפן אויף אַלע זייטן, און אַלע ווינטן בלאָזן אַריין און אַלע רוחות טאַנצן דאָרט זייערע קאַראַהאָדן.

אויסערגעוויינליכע צייטן פאָדערן אויסערגעוויינליכע מיטלען. אָבער אַנשטאָט אויסערגעוויינליכע אָנשטרענגונגען, וואָס געפינען מיר? אַן אויסערגעוויינליכע אָפּגעלאָזנקייט, אַ פאַרברעכערישע נאַכ־לעסיגקייט, אַ שענדליכע גלייכגילטיגקייט, אַ מיאוס'ע טעמפּקייט.

און יענע צען משוגעים, נאָכדעם ווי זיי וועלען אויף דאָס ביי איינקנעלן יענעם פּסוק חומש מיט רש"י מיט אונזערע רבנים און דרשנים, פּרנסים און מנהיגים, זאָלן זיי זיי נעמען פאַר דער זעלבער באָרד און פאַר'ן זעלבן אויער, און צופירן צו דער ראַדיאָ און זאָלן זיי הערן, צו דער טעלעוויזיע און זאָלן זיי זען, אין קינאָ אַריין און זאָלן זיי פאַרנעמען; אָדער אפשר אַוועקשלעפּן זיי אַפילו מיט גוואַלד אין אַ מיסיאָנערסקן הייזל, אָדער אפשר גאָר אין אַ „קריסטשיען סאַיענס" טעמפּל, און זאָלן זיי זען וואָס עס ווערט, וואָס עס איז שוין געוואָרן, פון הונדערטער טויזנטער אידישע נפשות, וואָס זיינען שוין אַוועק, זיי זיינען שוין דאָרט, זיי זיינען שוין אויף יענער זייט...

זאָלן זיי זען, און זאָלן די צען משוגעים זיי אַריינשרייען אין די אויערן:

אידישע פירער, רבנים, דרשנים, מנהיגים, גבאים, פּרנסים, קולטור־טוער און סתם אידן:

איר פאַרזינדיגט דאָס אידישע פאָלק אין אַמעריקע! איר פאַרגיסט דאָס דאָזיגע בלוט! און עס וועט קומען אַ טאָג פון רעכנשאַפט און פון אייער האַנט וועט עס געמאָנט ווערן!

# אידישע קינדער צווישן אייגענע
# און צווישן פרעמדע

לאָמיר אָפּפרישן דעם זכרון:

די מעשה מיט די „צוויי פינאַלי־אינגלעך" אין פראַנקרייך האָט אין איר צייט, אין יאָר 1953, אויפגערודערט ממש די גאַנצע וועלט. דאָס זיינען געווען צוויי קליינע אידישע יתומים, וואָס זייערע טאַטע־מאַמע זיינען אומגעבראַכט געוואָרן פון די דייטשן, ווען היטלער האָט געהאַלטן פראַנקרייך. פאַר'ן טויט האָבן די אומגליקליכע עלטערן אָנגעטרויט די צוויי קינדער צו אַ קריסטליכער פרוי, פאַר געלט, פאַרשטייט זיך, מיט'ן תנאי, אַז נאָכדעם ווי דער שטורם וועט אַריבער, זאָל זי זיי אומקערן צו זייערע אידישע קרובים. אָבער די פרוי, אַ קאַטאָליקין, האָט די צוויי אינגלעך אָפּגעשמד'ט. נאָך דער מלחמה זיינען די קרובים געקומען מאָנען די קינדער און זיי נעמען קיין ישראל, וואו זיי האָבן זיך באַזעצט. נאָר די פרוי האָט זיי די קינדער ניט געוואָלט אָפּגעבן. האָבן די קרובים זיך געווענדט צום געריכט. דאָס רעכטפאַרטיגע פראַנצויזישע געריכט האָט אַרויסגעגעבן אַ פּסק, אַז די קינדער געהערן צו זייערע אידישע קרובים און זאָלן אומגע־קערט ווערן. דעמאָלט האָט פּאַסירט עפּעס גאָר אומגעוויינליכס:

עס האָבן זיך געיאָוועט צו דער פרוי גלחים, מאָנאַכן, מאָנאַשקעס

און פשוט׳ע קאַטאָליקן, וואָס זיינען אַריין מיט איר אין אַ פאַר־שווערונג צו באַהאַלטן די צוויי קינדער. זיי באַהאַלטן, כדי זיי זאָלן ניט אָנקומען צו די אידישע קרובים און זאָלן בלייבן קאַטאָליקן צווישן קאַטאָליקן. און די קינדער זיינען פאַרשוואונדן. די פאַרשווערער האָבן זיי געקידנעפּט און זיי באַהאַלטן.

עס איז געוואָרן אַ גרויסער סקאַנדאַל און עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ גוואַלדיגער שטורם, באַלד אַזוי ווי אין די טעג פון דרייפוס׳ן. די פּאָליציי האָט וואָכן לאַנג געזוכט אין קלויסטערס און מאָנאַסטירן, אין אַלערליי קאַטוילישע לעכער, אָבער אומזיסט, ווייל די קינדער זיינען אַרויסגעשמוגלט געוואָרן קיין שפּאַניע. ס׳האָט געדראָט אַ נייע מלחמה צווישן שטאַט און קירכע אין פראַנקרייך. די פּאָליציי האָט געהאַט צופיל פעדים אין אירע הענט און די קירכע האָט זיך ניט געקענט אַרויסדרייען. די העכסטע אינסטאַנצן פון דער קאַטוילישער קירכע אין פראַנקרייך זיינען פאַרוויקלט געוואָרן אין דער אַפערע. צוליב דעם וואָס שפּאַניע איז אויך געווען פאַרמישט האָט די אַפערע אָנגענומען אַן אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַקטער. די גאַנצע וועלט איז וואָכן לאַנג געווען געשפּאַנט מיט דער סענסאַציע פון די צוויי אידישע אינגלעך. די זאַך איז געוואָרן צו „הייס״ פאַר די פרומע פאַרשווערער, ביז די פרומע קידנעפּער האָבן סוף כל סוף זיך אונטערגעגעבן און האָבן די קינדער אַרויסגעבראַכט און אומגעקערט.

איך קען ניט דערציילן און איבערדערציילן די דאָזיגע מעשה אָן אַ קללה אויף די קעפּ פון די פרומע קינדער־כאַפּער. נאָר ניט צוליב דעם האָב איך דאָ דערמאָנט די אויסטערלישע געשיכטע. איך דערמאָן די מעשה כדי אַרויסצודרינגען פון איר אַ גרויסן מוסר־השכל.

גיי אַרויס און לערן ווי ווייט די דאָזיגע פאַרשאָלטענע כאַפּער האָבן זיך מקריב געווען פאַר צוויי אידישע קינדער, כדי זיי אַרונטער־צוברענגען אונטער די פליגל פון זייער אמונה! זיי האָבן זייער פיל איינגעשטעלט: זיי האָבן זיך געשטעלט קעגן דעם פּסק פון אַ געריכט, קעגן דער פּאָליציי, קעגן דער רעגירונג, קעגן אַן אויפגעצאָרנטן פאָלק. זיי האָבן זיך אַרויסגעשטעלט קעגן דער סכנה פון האַרבער שטראָף. ס׳איז ממש צו באַוואונדערן.

ווי אַנדערש דאָס איז ווען איר קערט דעם בליק אויף אונז אַליין,

און איר זעט ווי אַזוי אויף דער אידישער גאַס, צווישן אונז, מיט אונז, אַרום אונז, גייען הונדערטער טויזנטער אידישער קינדער פאַרלוירן פאַר אידישקייט, און קיינעם הויבט ניט אָן צו אַרן! זיי גייען אַרום פוסט און פּאַס, ווערן אויסגעטריקנט אָן די באַלעבנדיגע וואַסערן פון תורה, און עס איז ניטאָ ווער עס זאָל זיי ברענגען צום ג־טליכן קוואַל צו טרינקען.

אָ, ווען איך האָב ניט קיין מורא פאַר ג־ט, וואָלט איך אויס־געשריען: מי יתן, הלוואי וואָלטן אונזערע אידן אַזוי געזאָרגט פאַר די נשמות פון די קליינע אידישע קינדער, ווי די קאַטאָליקן זאָרגן פאַר זיי! הלוואי וואָלטן אונזערע רבנים אַזוי גרייט געווען זיך מקריב צו זיין פאַר אידישע נשמות ווי, להבדיל, זייערע מיסיאָנערן און גלחים!

עס איז ביי אונז אַפילו ניטאָ ווער עס זאָל געהעריג נעמען צו קענטעניש, ווי שטייף עס זיינען פאַרצויגן די פרעמדע נעצן אַרום אונזערע קינדער, זיי צו פאַנגען פאַר דער פרעמדער אמונה, און ווי קונציג די דאָזיגע נעצן זיינען געוועבט. און אויב אונזערע קינדער מיידן זיי אויס און פאַלן ניט אַריין, אויסער אין געציילטע פאַלן, איז טאַקע נאָר מלאכים וואַכן איבער זיי.

נאָר די תורה איז ניט געגעבן געוואָרן צו די מלאכים, און אונזערע קינדער זיינען אויך ניט געגעבן געוואָרן צו די מלאכים. מיר דאַרפן ברענגען אידישקייט צו אונזערע קינדער, און אונזערע קינדער צו אידישקייט. און אויב ניט, האָבן מיר געלערנט אין קלאָרע דיבורים וואָס עס קען געשען: וסרתם — אויב איר וועט זיך אָפּקערן פון דער תורה, איז ועבדתם אלהים אחרים — וועט איר דינען די פרעמדע געטער. ווער ווייסט צי די ביטערע קערנער פון דער פרעמדער אמונה, וואָס ווערן געזייט און געזייט צווישן אונזערע קינדער, וועלן ניט אין איין שוואַרצן טאָג פּלוצלונג אויפגיין אין אַ וויסטער גערע־טעניש פון אַ מאַסן־שמד, חלילה, אַזוי ווי עס איז איינמאָל געשען אין דייטשלאַנד.

מיר טרייסטן זיך און זאָגן: אין די לעצטע יאָרן בעסערט זיך אַביסל דער מצב פון אידישן חינוך אין אַמעריקע. עס מערן זיך ישיבות; עס וואַקסט די צאָל קינדער אין זיי. אָבער דאָס ווייזט נאָר,

אַז אידישע קינדער, ווען מען רופט זיי צו תורה, קומען זיי, נאָר מען רופט זיי ניט גענוג.

עס בלייבט אַלץ די אַלטע פּראָפּאָרציע פון איינס צו דריי. פון יעדע פיר קינדער ביי אידן אין אַמעריקע, קומט נאָר איינס אַמאָל אונטער׳ן באַלקן פון אַ ישיבה אָדער תלמוד תורה, אָדער אַנדער טיפּ חינוך־אַנשטאַלט. דריי שמעקן אָפּילו ניט אַריין. פון תורה־שטאַנד־פּונקט קומען, נאַטירליך, נאָר די ישיבה און דער בעסערער סאָרט תלמוד תורה אין באַטראַכט. און וויבאַלד אַזוי, איז דער חשבון גאָר אַן אַנדערער, און אַ פיל, פיל טרויעריגערער. פון דעם דאָזיגען שטאַנד־פּונקט קריגען ניט קיין רעליגיעזע דערציאונג אָפּילו ניט איין צענטל פון איינס פּראָצענט פון די אידישע קינדער אין אַמעריקע.

די פּראָבע איז די שול, דער בית־הכנסת. זעט וואָס עס קומט פאָר אין די שולן: מען זעט ניט קיין קינדער אין די שולן ביים דאַווענען. עס דערציילט מיר אַ איד אַ פּליט, וואָס איז אַנטרונען פון דער אייראָפּעאישער שריפה און האָט מיטגעבראַכט זיין אייגנס אַ אינגעלע פון אַ יאָר אַכט. אַן ערליכער איד וואָס דערציט זיין קינד אויך פאַר אַן ערליכן אידן. ווען ער האָט אָנגעהויבן גיין דאַווענען אין אַ ניו־יאָרקער שול, האָט אים דאָס אינגל איינמאָל געפרעגט אין פולער תמימות: „טאַטע, ביי די אַמעריקאַנער אידן זיינען גאָר ניטאָ קיין קינדער ?"

דער פּועל יוצא זעט זיך אַן אַנדערש אויך. עס איז שווער צו קריגן אַ מנין אין אַ שול. וואו מען גייט זיינען די שולן פאַרמאַכט. מען הערט ניט קיין קול תפילה און קיין קול תורה פון זיי.

און קומט אַן אויסטערלישער יום־טוב, די ימים נוראים, ווען מען ברענגט שוין ווי עס איז אַריין אַביסל קינדער אין שול אַריין, הערט זיך צו זייערע געשפּרעכן אין מיטן דאַווענען. איר וועט הערן: האַליוואוד און בייסבאָל, און ווייטער גאָרנישט. דאָס איז זייער לומדות.

מען מאַכט ניט קיין חשבון און מען באַגרייפט ניט, אַז וויבאַלד די פּראָפּאָרציע איז איינס צו דריי, איז דער איינס אויך קנאַפּ וואָס ווערט. וואָס ווערט פון דעם ביסל אידישקייט וואָס דאָס איינע קינד קריגט, ווען עס פאַלט אַריין צווישן די דריי וואָס קריגן ניט ? די

מאַגערע קי שלינגען איין די פעטע, און עס מערקט זיך גאָרנישט אַז זיי זיינען אַריין אין זיי.

און מ׳שטיינס געזאָגט, די פעטקייט פון די פעטע...

דער איינער האָט ניט מיט וועמען בשותפות אויפצוהאַלטן זיין ביסל אידישקייט. צו אידישקייט דאַרף מען האָבן אַ מנין, כאָטש אַ מזומן. ער האָט ניט זיין גלייכן מיט וועמען צו האַלטן שבת. ווי קען דער איינער איינהיטן זיין שבת, ווען די דריי רויכערן אים אַריין זייערע סיגאַרעטן אין פנים אַריין?

דאָס מיינט צו זאָגן, אַז אָדער עס וועט זיין אַ קאָלעקטיווע אידישקייט אויף אַ ברייטן שטח, אָדער דאָס וואָס איז דאָ, וועט אויך וואָס ווייטער אַלץ מער און מער איינדאַרן און איינקוואַרן. די טענדענץ ביי מאַנכע פון אונזערע דערציער, מחנכים און מנהיגים זיך צו באַנוגענען מיט׳ן ביסל, איז אַ שווערע זינד. אַביסל איז גאָרניט.

וואָס עס איז נויטיג איז, — נעמען און וועלטן איינלייגן, אַז יעדעס אידיש קינד אין אַמעריקע זאָל קריגן אַ אידישע דערציאונג. אַן אָנשטרענגונג זאָל געמאַכט ווערן ווי קיינמאָל נאָך ביז אַהער, אַז אַלע אידישע קינדער זאָלן לערנען אידישקייט. קיין קינד זאָל ניט אויסנבלייבן. קיין קינד זאָל ניט פאַרנאַכלעסיגט ווערן. מיט אַלע כוחות, אונטער אַלע אומשטענדן.

דערמאָנט אייך די מעשה מיט יענעם גוי׳אישן פילאָזאָף, וואָס מען האָט אים געפרעגט צי מען וועט קענען אַמאָל די אידן בייקומען, און ער האָט געענטפערט:

דעמאָלט, ווען פון זייערע בתי־תפילה וועט זיך מער ניט הערן דער געשריי פון תפילה און דאָס קול פון תורה.

ווי ווייט זיינען נאָך די אַמעריקאַנער אידן דערפון?

איר וועט אָפט הערן ווי מ׳וואַרפט די שולד אויף די קינדער: די אידישע קינדער אין אַמעריקע ווילן ניט לערנען.

זאָל קיינער זיך ניט דערוועגן צו זאָגן אַ שלעכט וואָרט אויפ׳ן אַמעריקאַנער אידישן קינד!

מען האָט אָנגערעדט אַ סך לשון הרע אויפ׳ן אידישן קינד אין אַמעריקע. אַלע די פון יענעם גרויסן קהל, וואָס זייער חוב איז געווען צו פירן דאָס אַמעריקאַנער אידישע קינד צו אידישקייט און זיי האָבן

זייער חוב ניט געטאָן, ברענגען אַרויס אַ שם רע אויפ׳ן אידישן קינד אין אַמעריקע, אַז עס וויל ניט גיין אין חדר.

הס קטיגור! ס׳א ליגן! יעדער לערער פון יעדן מין אידישן חינוך וייס צו דערציילן ווי אַזוי אידישע קינדער האָבן אָפּט ליבער זייער אָרימען אידישן חדר ווי זייער רייכע פּאָבליק סקול. ווייל די פּאָבליק סקול רעדט דער עיקר צו זייער קאָפּ, בשעת „היברו" רעדט צו זייערע ראָמאַנטישע הערצלעך.

אָט נעמט סימי (שמחה׳לע), אַ אינגעלע צווישן זיבן און אַכט יאָר. איין פרימאָרגן כאַפּט ער זיך אויף און דערציילט דער מאַמען: איך האָב געהאַט אַ שרעקליכן חלום. ס׳האָט זיך מיר גע׳חלומ׳ט, אַז אַ גרויסער שטורם איז געקומען און האָט אָוועקגעבלאָזן מיין סקול.

מאַכט די מאַמע: נון, האָט דיר ניט באַנג געטאָן?

און דאָס אינגעלע ענטפערט: ניין, ס׳איז ניט געווען מיין היברו סקול! . . .

און אַזעלכע חלומות האָט יעדער אידיש קינד וואָס פאַרזוכט נאָר דעם טעם פון אידישן חינוך. דאָס וועט אייך יעדער אידישער לערער און מחנך קאָווירן. מיט זיי געשעט טאַקע בפועל ממש ווי אין פסוק שטייט: טעמו וראו כי טוב השם, פאַרזוכט נאָר און איר וועט זען אַז ג־ט איז גוט...

ווער־זשע איז שולדיג וואָס אידישע דערציאונג אין אַמעריקע איז אין אַזאַ יאָמערליכן מצב?

טאָטע־מאַמע זיינען די ערשטע שולדיג אין דעם בראָך. נאָר די רבנים זיינען שולדיגער, וואָס זיי האָבן טאַטע־מאַמע צורו געלאָזט.

די רבנים האָבן ניט געטאָרט לעבן בשלום מיט טאַטע־מאַמע, וואָס האָבן זייערע קינדער פאַרפעלט צו שיקן צו אַ אידישן חינוך. זיי האָבן געדאַרפט געפינען וועגן ווי אַזוי משפיע צו זיין אויף זיי, מיט גוטן אויב מעגליך, מיט בייזן אויב נויטיג. זיי האָבן געדאַרפט אַריינדרינגען אין די הייזער, צערודערן די רו, אַפילו צעשטערן דעם שלום בית. און אויב דאָס וואָלט ניט געניגט, דעמאָלט איז אַרויסנעמען די זאַך פון הויז און אַרויספירן אויפ׳ן מאַרק: אָפּן פאַר אַלעמען קריטיקירן, פאַרשעמען, בראַנדמאַרקן, פיקעטן, טרייבן פון ג־ט׳ס קהל. די רבנים, די מנהיגים, די מחנכים האָבן עס געדאַרפט מאַכן פאַר אַ

חרפה און שאַנד ניט צו שיקן אַ אידיש קינד אין חדר אַריין. אַזוי האָט געדאַרפט איינגעשטעלט ווערן דער דעת הקהל פון אָנהויב אָן, פון דער סאַמע התחלה אין אַמעריקע. ווי ס'איז אַלעמאָל געוועזן ביי אידן. פאַרפעלנדיג דאָס, האָבן די אַמעריקאַנער רבנים און מנהיגים פאַרפעלט זייער היסטאָרישן באַרוף.

אָבער קומען און זאָגן, אַז די אַמעריקאַנער אידישע קינדער טויגן ניט — זאָמד אין יענעמס מויל! צדיקים זיינען די אַמעריקאַנער אידישע קינדער, מלאכים זיינען זיי, וואָס כאָטש מ'האָט זיי אַזוי געלאָזט אויף גוי'אישן הפקר, און די עבודה זרה לויערט אויף זיי פון אַלע זייטן, בלייבן זיי דאָך אויף אונזער זייט גרעניץ. אַלע באַאָבאַכטער פון אידישן לעבן אין אַמעריקע, פון דעם אגודה'ניק ביז'ן ראַדיקאַל, זיינען גליך מודה, אַז קיין באַוואוסטזיניגער דראַנג צו אַסימילאַציע — אַסימי־לאַציע ווי אַן אידייע, ווער שמועסט ווי אַן אידעאַל — איז ביי די אַמעריקאַנער אידן ניטאָ, ניט ביי גרויס און ניט ביי קליין, ניט ביי אַלט און ניט ביי יונג. פאַרקערט, זיי זיינען שטאָלץ וואָס זיי זיינען אידן. עס איז נאָר אַ רחמנות וואָס זיי האָבן ניט קיין אינהאַלט אין זייער שטאָלץ און קיין פירוש אויף אים. דעריבער, אויב מיר פאַרלירן דאָ טייערע דורות — און אוי פאַרלירן מיר זיי! — איז עס נאָר צוליב אונזער זינדיגער אָפּגעלאָזנקייט. מיר פאַרזינדיגן אונזערע קינדער!

ווען מיר וואָלטן געהאַט אַ אידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע, וואָס איז אַליין ניט אַסימילירט און איז אַליין ניט אַוועק דינען דער עבודה זרה, נאָר וואָלט מיט אַ אידיש אויג אַריינגעקוקט אין דער נשמה פון דעם אַמעריקאַנער אידישן קינד, וואָלט זי געזען נישט בלויז זיין אַמעריקאַנישע פאַרשייטקייט און שקאָצעריי, נאָר אויך זיין שטומע בענקשאַפט צו אידישקייט און זיין לעכצונג נאָך אידישער קדושה. נאָר די אידישע ליטעראַטור האָט אויך פאַרראָטן דאָס אידישע קינד אין אַמעריקע און אָנגערעדט לשון הרע אויף אים.

אָה, וואו נעמט מען גאָר אַזוי פיל פלאָץ צו דערציילן פון די נשמה־זוכענישן פון דעם אידישן קינד!

נעמט רבקה'לען. נאָך קיין זיבן יאָר ניט אַלט. פאָרט זי אַרויס אויף זומער און באַזעצט זיך אין שכנות מיט אַ פרומער אידישער משפחה. זי ווערט חבר מיט שיינדעלע'ן, אַ מיידעלע אין אירע יאָרן,

פון דעם פרומען הויז. רבקה׳לע דערזעט עפּעס אַ ניי אידיש הויז, מיט גאָר אַן אַנדער פּיר. אין אַ שיינעם פרימאָרגן געפינט מען שיינדעלע׳ן זיצן און לערנען מיט רבקה׳לען סידור. איינמאָל מאַכט רבקה׳לע צו דער מאַמע׳ן: „לאָמיר כאָטש אין טאָג אין וואָך אויך זיין פרום, מאַמע״.

ווען רבקה׳לע איז אַוועקגעפאָרן צוריק אין שטאָט אַריין, האָט מען ביים פרומען הויז שוין געבויט די סוכה. איז רבקה׳לע אַריין אין אַ קאָנספּיראַציע מיט איר עלטערן ברודער׳ל קיוועלע (עקיבא). בסוד סודות, קיינער זאָל ניט באַמערקן — קינדערלעך קענען ווען זיי פאַר־נעמען זיך אויף אַ שפּיצל — האָבן זיי אַנגעשלעפּט ברעטלעך און העלצער אין זייער שלאָפצימער און אויפגעשטעלט אַ סוכה. סוכות אינדערפרי מעלדן זיי דער מאַמע׳ן, אַז זיי ווילן היינט האָבן זייער פרישטיק ניט אין עס־צימער, ווי אַלע מאָל, נאָר ביי זיך אין זייער אייגענעם צימער. קומט די מאַמע אַריין און דערזעט אַן אמת׳ע סוכה צונויפגעשטעלט ! אַפילו סכך האָבן די קינדער ערגעץ דערשנאַפּט. אַ סוכה אין אַ קינדערשן שלאָפצימער !

און אָט איז אַ פאַל מיט גרויסע קינדער :

איך האָב אַליין אין די הענט געהאַלטן אַ מערקווירדיגן בריוו פון אַ אידישן סאָלדאַט, אין די טעג פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. עס איז געווען אַ בריוו ניט צו זיינע אייגענע עלטערן, נאָר צו די עלטערן פון אַ חבר, אַן אַנדער אידישן סאָלדאַט, וואָס איז געפאַלן אין שלאַכט און איז געשטאָרבן אויף זיינע הענט. ער האָט זיי באַשריבן דעם אומקום פון זייער זון. דער זון איז שווער פאַרוואונדעט געוואָרן, און אַז ער האָט דערפילט אַז ער שטאַרבט, האָט ער זיך געווענדט צו אים, צו אים וואָס שרייבט דעם בריוו, און געבעטן: „זאָג מיט מיר עפּעס אַ אידיש וואָרט, איך שטאַרב און ווייס גאָרנישט וואָס צו זאָגן . . . אַ וואָרט צום אויבן דאָרט . . . איך האָב גאָרנישט געלערנט״.

נאָר זיין חבר, דער שרייבער פון בריוו, האָט אַליין אויך ניט גע־וואוסט פון אַ אידיש וואָרט, ווייל ער האָט, נעבעך, אַליין אויך ניט געלערנט קיין „היברו״, שרייבט ער. איז ער אַוועקגעלאָפן, אין פייער פון דער שלאַכט, זוכן אימיצן, צי ווייסט ניט אימיצער וואָס אַ איד דאַרף זאָגן פאַר׳ן טויט ? אַפּגעזוכט האָט זיך אַ קריסטליכער סאָלדאַט,

וואָס האָט גראַד געהאַט אַ „באַיבל״ אין קעשענע. איז ער מיטגע־לאָפן צום גוסס׳ן, האָט גיך אויפגעמישט און האָט אָפגעזאָגט מיט אים אויף ענגליש די פּרשה שמע ישראל.

און אַזוי איז אַן אַמעריקאַנער אידישער סאָלדאַט געשטאָרבן אין דער צווייטער וועלט־מלחמה: נאָכזאָגנדיג שמע ישראל אין אַ גוי׳אישער שפּראַך, פון די ליפּן פון אַ גוטן גוי.

צוויי אידישע סאָלדאַטן, פּנים אל פּנים מיט׳ן טויט, האָבן ניט געוואוסט אַ אידיש וואָרט צו זאָגן, און אַ גוי איז געווען זייער פאַר־מיטלער פאַר ג־ט...

און דער שרייבער פון דעם בריוו האָט געענדיגט מיט אַ שבועה, אַז ער מיט זיינע קינדער וועט זיך שוין ניט אַזוי באַגיין: ער וועט זיי שוין שיקן אין „היברו״!...

אָט אַזאַ איז דער גאָלדענער שטאָף וואָס מיר האָבן געלאָזט זיך וואַלגערן ווי מיסט אויף די גאַסן!

# למה יאמרו הגוים — אַ חרפה פאַר די פרעמדע

די גרויסע פאַרפרעמדונג פון אידישקייט צווישן די אַמעריקאַנער אידן, איז אַ ווייטאָג פאַר זיך און אַ חרפה פאַר די גויים. למה יאמרו הגוים?

די נאַציאָנאַלע אידישע חרפה ליגט אויסגעשפרייט פאַר גוי׳אישע אויגן איבער דער גאַנצער לענג און ברייט פון אַמעריקע. אין די קאַלעדזשעס און אוניווערזיטעטן איבער דער ברייטער אַמעריקע לערנען זיך יעדן יאָר, יעדן טאָג פון יאָר, צענדליגער טויזנטער אידישע סטודענטן. זייער אָפט אין די לימודים, צי ס׳איז געשיכטע, צי ס׳איז ליטעראַטור, צי ס׳איז יוריספּרודענץ, סאָציאַלע וויסנשאַפטן אָדער פילאָזאָפיע — אומעטום שפרינגט אָפט אַרויס דער אינטערעס און די פראַגע: וואָס האָט אידנטום צו זאָגן אין דעם ענין?

אין אַזעלכע פאַלן, וואָס איז נאָך אַזוי נאַטירליך, ווי אַז דער פּראָפעסאָר זאָל זיך ווענדן צו די אידישע סטודענטן אין זיין קלאַס און בעטן זיי זאָלן באַלייכטן די זאַך פון אידישן שטאַנדפונקט? אָבער אַזעלכע פּראָפעסאָרן, אינאיינעם מיט זייערע קריסטליכע סטודענטן, האָבן שוין לאַנג אויסגעפונען אַז ס׳איז אומזיסט צו פרעגן אַ אידישן סטודענט עפּעס וואָס האָט אַ שייכות צו תנ״ך, תלמוד, אַ אידישן יום־

טוב, אַ אידישן מנהג, אַ דאַטע אין דער אידישער געשיכטע. אָפט איז עס גאָר פאַרקערט: די אידישע סטודענטן דערוויסן זיך די דאָזיגע זאַכן פון זייערע קריסטליכע חברים.

אָט לייענט, און נאָט אייך אַ מאָס אין האַנט אַריין פאַר דער פירכטערליכער אידישער עם־הארצות פון אונזערע אינטעלעקטואַלן:

עס קומט אַריין צו מיר אין הויז אַ יונגער איד, אַן אינטעלעקטואַל, אַ פראָפעסיאָנאַל, און שטעלט זיך פאָר. פון דעם נאָמען קלינגט מיר אָפ אַ שייכות מיט'ן רמב"ם, און איך פרעג דעם גאַסט וועגן דעם. ענטפערט ער מיר: יע, אין זיין משפחה איז דאָ אַ טראַדיציע פון אָנגע־העריגקייט מיט'ן רמב"ם. שמועסן מיר, און איך פרעג אים צי האָט ער אַמאָל געזען דעם פּאָרטרעט פון זיין „עלטער־עלטער־עלטער וכו' זיידן"? זאָגט ער: ניין. פיר איך אים צו צו אַ וואַנט, וואו עס הענגט ביי מיר אַ רמב"ם־בילד, אָדער דאָס וואָס גילט פאַר אַ רמב"ם־בילד, און וויז אים. פון אונזער געשפּרעך זע איך, אַז דער מענטש האָט קיין שום אַנונג ניט וועגן דעם גרויסן גאון, ניט וואָס אַ האָר איז ווערט. דערציייל איך אים און דערקלער אים, ביז איך קום צו דער באַ־וואוסטער מימרא „ממשה עד משה לא קם כמשה", און איך בין אים מסביר דאָס אויך: פון משה רבינו ביז משה מיימון איז ניט געווען נאָך אַזאַ משה...

שטעלט ער אָן אַ תמימות'דיג פּנים און פרעגט: וועלכער משה איז געווען פריער? . . .

ווייס איך, אַז דאָס וועט אייך שווער זיין צו גלויבן. זאָג איך אייך בהן שלי, אַז אַזוי איז עס געווען.

און דאָס זעען גוים. און זיי פאַראַכטן אונז דערפאַר.

איינמאָל, אין אַ זומערדיגן טאָג, בין איך מיט דריי יונגע אַמערי־קאַנער אידן געפאָרן אין וועג. ס'איז געוואָרן זייער הייס און מיר זיינען פאַרפאָרן צו אַ פאַרמער בעטן אַ קאַלטן טרונק, און זיך אָפּרוען אַביסל. אויפגענומען האָט אונז די באַלעבאָסטע. זי האָט אונז פאַר־בעטן אין הויז אַריין. אין הויז האָבן מיר באַמערקט אַ טשיקאַווע זאַך: כמעט אין יעדן ווינקל איז געלעגן אַ ביבל. די באַלעבאָסטע, אַ שווע־דישע פרוי, האָט זייער ליב געהאַט די ביבל. דער געשפּרעך איז

נאַטירלעכערווייז אַרויף אויף דער ביבל. און די פאַרמערקע האָט גענומען פאַרהערן די געסט :

ווער קען מיר אָנרופן די נעמען פון די צוועלף שבטים ? — האָט זי געפרעגט. מיינע דריי פריינט זיינען געווען שטום.

קענט איר מיר אָנרופן די נעמען פון די צוועלף קלענערע נביאים ? — איז געווען די צווייטע פראַגע. אַ טויטע שטילקייט פון מיינע דריי אידישע פריינט. האָט די פרוי, מיט נצחון, אַליין אַראָפּגעלייענט די צוועלף שבטים און די צוועלף נביאים.

און איך, איך האָב זיך געמאַכט ניט וויסנדיג, כדי צו דעמאָנסטרירן פאַר מיינע דריי פריינט די גאַנצע חרפּה פון אידישער עם הארצות אין אַמעריקע.

ניט איינמאָל זיינען שוין אַמעריקאַנער לערער און דערציער אַרויס מיט אָפענעם פאַרוואורף און אָנגעוויזן אויף דער גייסטיגער פאַראַרימונג וואָס קומט פאַר צווישן אידן אין אַמעריקע אין זין פון זייער אַלטער אידישער ירושה. לויט די אידישע סטודענטן, האָט איינער געשריבן, קען מען קלאָר זען אַז די אידישע היים אין אויסגעליידיגט געוואָרן פון יעדן אידישן אינהאַלט — אַ סכנה פאַר דער היים, אַ פאַרלוסט פאַר אַמעריקע, האָט ער אויסגעפירט.

ס'איז געווען אַ פאַל מיט אַ קריסטליכן פּראָפעסאָר וואָס איז געקומען מיט אַזאַ טענה דירעקט צו דער אידישער פרעסע — פּראָפעסאָר ס. ראַלף האַרלאָו, פון סמיט קאָלעדזש, אַ באַוואוסטער קאָלעדזש אין ניו־דזשוירזי. איינמאָל האָט ער זיך ניט געפוילט און האָט אָנגעשריבן אַ בריוו אין דער רעדאַקציע פון דעם באָסטאָנער „דזשואיש אַדוואָקעיט".

דער דאָזיגער קריסטליכער געלערנטער גיט, אָדער האָט געגעבן, אין סמיט קאָלעדזש אַ קורס אויף דער טעמע : „דער באַשטייער פון אידנטום און פון די אַמעריקאַנער אידן צו דעמאָקראַטיע און קריסטנטום". אַ העלפט פון זיינע סטודענטן יענעם יאָר זיינען באַשטאַנען פון יונגע אידן און אידישקעס. זייער אַן אינטעליגענטע גרופּע געווען, שרייבט ער, נאָר זייער וויסן אין אידישקייט און אידישע ענינים איז געווען נול. ער האָט פאַרגלייכט די, וואָס האָבן זיך פאַרשריבן אויף זיין קורס, אָנצושרייבן צו איין זאַך מכוח : חבקוק ; דרייפוס ; הדסה ;

מנורה; הלל; חומש; ירבעם; מלאכי; הושע; אהרן... האָבן די קריסטן, וואָס האָבן געענטפערט, אַרויסגעוויזן ממש לומדות אין פאַרגלייך מיט די אידישע סטודענטן און סטודענטקעס, וועלכע האָבן אויפגעגלאָנצט מיט אַן אומוויסנהייט למעלה מן הטבע...

מכות הדסה האָט איין אידישער סטודענט געשריבן, אַז דאָס איז „אַ גרופּע אידישע קעמפּער". הפּנים, אַז ער האָט געהאַט אין זינען די „הגנה"... וועגן הלל איז געווען, האָט געוואוסט בלויז איין אידישער סטודענט. וועדליג אַ צווייטן איז הלל „אַ אידישער קלוב אין סמיט קאַלעדזש", און וועדליג אַ דריטן איז עס (לאַכט, אויב עס ווילט זיך אייך לאַכן!) „אַן אַמעריקאַנער פילאַנטראָפּ, וואָס האָט געגרינדעט אַ אידישע אָרגאַניזאַציע פאַר סטודענטן".

וואָס איז מנורה? איין ענטפער איז געווען: אַ סימבאָל אין די סינאַגאָגן און טעמפּלען.

„אפשר וועט דאָס — שרייבט דער פּראָפעסאָר צום סוף פון זיין בריוו — אויפוועקן געוויסע לעזער אייערע און גורם זיין זיי זאָלן איינזען, ווי שטאַרק עס פעלט זייערע היימען און זייערע קינדער די קענטעניש פון דער אייגענער גרויסער קולטורעלער און רעליגיעזער ירושה".

אינטערעסאַנט איז, אַז פּראָפעסאָר האַרלאָו איז אַ גלח, און ער שרייבט מיט באַהאַלטענער איראָניע, אַז אידן קומען לערנען וועגן אידישקייט ביי אים, דעם קריסטליכן גייסטליכן.

ער באַשולדיגט ניט די יוגנט. זי איז גרייט צו לערנען, שרייבט ער. שולדיג זיינען די, וואָס דאַרפן זיין דער יוגנט'ס דערציער. שול־דיג זיינען די עלטערן. שולדיג איז די היים.

האָבן אַזעלכע קינדער באַוואוסטזיניג זיך דערווייטערט פון אידישן מקור? חלילה וחס. אַפילו דער גלח זאָגט עדות, אַז אידישע קינדער אין אַמעריקע ווילן בלייבן אידן. די עלטערן האָבן פאַרפעלט. יעדעס קינד אַזאַ איז אַ תינוק שנשבה לבין העכו"ם — ביי זיין אידישע טאַטע־מאַמע.

נאָר געבענטשט זאָלן זיין אידישע קינדער: זיי געפינען אָפּט אַליין זייער וועג אַרויס פון זייער גוי'אישער געפאַנגענשאַפט ביי זייער

אידישע טאַטע־מאַמע און זיי דערשלאָגן זיך צום הויז פון אידישקייט, און אָפטמאָל אויף זייער מאָדנע פאַרפּלאָנטערטע וועגן.

איינמאָל קומט צו מיר אַ מיידל און בעט מיך איך זאָל איר באָרגן אַן ענגלישע „ביבל". וואָס פּלוצלונג? זי האָט געזען דעם פילם „סאַמסאָן ענד דעליילאַה" און ס'איז איר געפעלן געוואָרן. און אויב, האָט זי געזאָגט, די „ביבל" האָט נאָך אַזעלכע „אינטערעסטינג סטאָריס" וואָלט זי „געגליכן צו לייענען".

זיץ איך און הער זי אויס און ווער שטום אויף אַ מינוט, אויף אַ שעה, און קען ניט אויסריידן קיין וואָרט. איך ווייס ניט ווי אַזוי מ'הויבט אָן ריידן צו דעם מיידל, וואָס האָט זיך דערוואוסט פון דעם הייליגן תנ"ך אויף דעם אומהייליגן וועג פון אַ „סעקס סטאָרי" פון האָליוואוד. און וואו? אין ניו־יאָרק, אויף סעקאָנד עווענױ, אין האַרצן פון דער גרעסטער אידישער קהילה אין דער וועלט, אַ קהילה וואו עס הויזן גרויסע ישיבות, און עס לעבן גאונים פון דעם דור! ווי אַזוי איז אַזעלכעס געקומען צו אונז? פאַרוואָס האָט אַזאַ קללה זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אונז?

איך בין די האַלבע שעה און די שעה געווען שטום נאָר לגבי חוץ. אין האַרצן האָב איך געברענט און גע'שרפ'עט און האָב זיך אויסגעַ'טענה'ט און געקריגט מיט רבנים און מנהיגים. און בין שטאַרק צע'חוש'ט געוואָרן, און אין צעהיצטן דמיון האָב איך מיט איין האַנט אָנגעכאַפּט אַ רב ביי באָרד און פּיאות, מיט דער אַנדער'ער האַנט די מויד פאַר די צעפּ, און האָב זיי ביידן געשלעפּט צו אַ דין תורה. און אין מיין דמיון האָב איך ניט געוואוסט וואו דער דין תורה קומט פאָר, אויף דער ערד צי אין הימל, און ווער עס איז דער אַלטער פּאַטריאַרכאַלער זקן וואָס זיצט אויבנאָן איבער אַ טיש מיט גרויסע ספרים און דאַרף פּסק'ענען: איז דאָס ר' איצעלע זצ"ל, מיין פעטער, דער רב פון מיין אַמאָליגן שטעטעלע, צי דער חפץ חיים, צי רש"י הקדוש, אָדער ווער ווייסט, אפשר גאָר אליהו הנביא! און איך האַלט פעסט אין מיינע צוויי הענט מיינע צוויי בעלי דין, און איך טרייסל זיי מיט כוח אַזוי ווי שמשון הגיבור די זיילן פון דעם פּלשתי'שן טעמפּל, אָט־אָט און די וועלט פאַלט איין, און איך טענה צום הייליגן זקן:

משפט אַ גערעכטן משפט צווישן די צוויי: ווער פון די צוויי איז אַ מתחייב בנפשו?

און אין מיין דמיון האָב איך געזען ווי ניט דאָס פאַרשעמטע מיידל אַליין שטייט דאָ מיט מיר, נאָר יענער פאַרוואונדעטער און פאַרשעמטער זעלנער אויך שטייט און מאָנט זיין ווייטאָג און חרפה, און אַלע אַזעלכע אומגליקליכע אידישע קינדער, אַ גרויסע, ענדלאָזע מחנה.

ווען איך האָב געפונען דאָס לשון, האָב איך גענומען ריידן צום מיידל, אָבער גאָר אַן אַנדער שפּראַך ווי אין מיין דמיון. איך האָב איר אויפגעקלערט דעם חילוק פון „בייבל" ביז תנ"ך, פון דער מעשה אין האליוואוד ביז דער זעלבער מעשה אין, להבדיל אלף הבדלות, דעם „צאינה וראינה". זי האָט פון מיר געהערט גאָר אַן אַנדער „סטאָרי" וועגן דער „בייבל". איך האָב זי גוט אויסגעשייגעצט — כאָטש דאָ וואָלט זיך געפּאַסט בעסער „אויסגעשיקסעט" — פאַרוואָס אַ אידיש קינד דאַרף זיך ערשט פון די פילם־הייזער דערוויסן וועגן דעם ספר הספרים, אָבער איך האָב זי מדריך געווען די ערשטע טריט, און הייפּט — היינט אויף אַ סך אידישע טעכטער געזאָגט געוואָרן.

# חנה און אירע זיבן זין אין אַמעריקע

אין אַלע אידישע דורות האָבן טאַטעס און מאַמעס געהאַט צו דערציילן וואונדער־זאַכן פון זייערע קינדער. פון די קינדער זיינען אַרויסגעקומען נייע אידישע דורות, וואָס האָבן ווידער געהאַט צו דער־ציילן וואונדער־זאַכן פון קינדער. אַזוי פון פאַרצייטיגן ירושלים אָן.

נאָר דאָ אין אַמעריקע, בעוונותינו הרבים, זיינען דאָ צו דערציילן זאַכן פון טאַטעס און מאַמעס, פון וועלכע קיין נייע אידישע וואונדער־דורות קענען, ליידער, ניט אַרויסקומען. ווייל זיי זיינען אין זייער אידישקייט אַרויס אויף הפקר און האָבן געלאָזט זייערע קינדער אויף הפקר. אויף הפקר און צו אַלע עבודה זרה׳ס.

נאָר ביי די קינדערלעך אַליין, אין אַ זיבעטן זכות, ביי איינעם פון אַ שטאָט און צוויי פון אַ משפחה, דערוועקט זיך אַמאָל די אידישע נשמה און זיי גייען אַרויס מלחמה האַלטן מיט זייערע עלטערן. דאָס רוב פאַלן זיי אין דעם קריג, נאָר אַמאָל זיינען זיי מנצח. דאָס זיינען קינדער־העלדן פון גאָר אַ באַזונדער מין, וואָס ברענגען אַן אייגענעם גלאַנץ אין דער מיסטיק פון אידישן גייסט. און פון די דאָזיגע אַמעריקאַנער קינדער איז אויך דאָ צו דערציילן וואונדער־זאַכן, ווי אין די דורות פון אַמאָל.

מיט אַ יונגען בחור פון ברוקלין האָט געטראָפן אַזאַ מעשה: ס׳איז אים איינמאָל אויסגעקומען צו נעכטיגן אין אַ האָטעל אין אַ קליין

שטעטל וויטליך פון ניו־יאָרק. אין די האָטעלן, ווי באַוואוסט, געפינט מען אין יעדן צימער אַ „בייבל״. ס׳איז אַ מיסיאָנערסקע ביבל, וואָס ווערט פאַרשפּרייט פון דער גידעאָן־געזעלשאַפט און וועלכע מ׳געפינט אגב אַפילו אין די כשר׳ע האָטעלן אין פלאָרידע (אַזוי האָט זיך אַ איד באַקלאָגט פאַר מיר). ווען דאָס בחור׳ל איז געגאַנגען שלאָפן איז זיין אויג געפאַלן אויף דער ביבל, און ער איז נייגעריג געוואָרן אַריינ־צוקוקן. ער האָט קיינמאָל קיין תנ״ך ניט געזען, און אין האַנט גע־האַלטן אַוודאי ניט. כאָטש ער איז געוואַקסן אין ברוקלין, אַן עיר ואם בישראל. ער האָט זיך געלייגט אין בעט, געעפנט דאָס ביכל, גענומען אַריינקוקן. ער האָט אָנגעהויבן פון בראשית ברא.

לייענט ער און טראַכט ביי זיך: דאָס בוך הויבט זיך אָן מיט דער באַשאַפונג פון דער וועלט, מוז עס דאָך זיין זייער אַן אַלט ספר. און רעדן רעדט עס גלייך ווי עס וואָלט געווען דערביי, אַזוי ווי עס וואָלט געשריבן געוואָרן בשעת מעשה, ווען ג־ט האָט באַשאַפן די וועלט. ער האָט קיינמאָל אַזאַ „בוך״ ניט געלייענט, און קיינמאָל האָט אַ בוך אויף אים ניט געמאַכט אַזאַ מאָדנעם איינדרוק. און ער קען זיך ניט רעכט געפינען. ער ווייסט ניט צי ס׳איז אַלץ אמת אָדער אַ פאַרבלענדעניש, וואָס גוטע שרייבער ווייסן ווי אַזוי צו מאַכן.

נאָר אָט לייענט ער ווייטער און ער קומט אָן אויף נעמען פון לענדער און נעמען פון טייכן, די פיר טייכן וואָס גייען אַרויס פון גן־עדן. לייענט ער און חידוש׳ט זיך: אין זיין שולע איז ער גוט אין געאָגראַפיע, אָבער אַזעלכע געאָגראַפישע נעמען ווי דאָ האָט ער קיינ־מאָל ניט באַגעגנט. און אַ משונה׳דיגער געדאַנק איז אים געקומען אין קאָפּ אַריין:

ווען ער וועט קומען אַהיים וועט ער נעמען נאָכפאָרשן אין זיינע ביכער פון געאָגראַפיע צי עס זיינען טאַקע דאָ אַזעלכע לענדער און טייכן אויף דער וועלט ווי עס שטייט דאָ אין דער „האָלי בייבל״. אויב יע, איז אַ סימן אַז ס׳איז אַן אמת׳דיג בוך. וואָרים ער האָט אַ קיימא לן, אַזוי האָט ער געלערנט, אַז געאָגראַפיע איז דער יסוד פון אַלץ, קיין זאַך איז ניט אַזוי פעסט און זיכער ווי די ערד אונטער די פיס.

אַזוי האָט ער געטאָן. און וואונדער איבער וואונדער! ער האָט געפונען די לענדער און טייכן אין דער געאָגראַפיע. אַמאָל זיינען די

נעמען שטאַרק פאַרענדערט, אָבער די געאָגראַפיע פון דער ביבל, האָט ער זיך דערוואוסט, איז אמת און ריכטיג, און ס'איז געשריבן פון דעם ערשטן געאָגראַף אין דער וועלט, דעם באַשעפער אַליין.

דערביי איז דאָס אינגל ניט שטיין געבליבן. ער האָט זיך ערשט געגומען צו דער „בייבל״. אָבער ער האָט שנעל פאַרשטאַנען, אַז קענען ריכטיג די „בייבל״ קען מען נאָר אין אָריגינאַל, און דעמאָלט וועט עס הערט אויף צו הייסן „בייבל״ און עס ווערט תנ״ך. און ער האָט זיך אָוועקגעלאָזט זוכן דעם וועג ווי אַזוי צו קענען די „בייבל״ אין אָריגינאַל. ער איז אַוועק זוכן און, זאָל איך דערציילן ווי אַזוי ער האָט אָפּגעשלאָגן די טירן פון רבנים און זיי האָבן אים מדחה געווען, ער האָט אָפּגעשלאָגן די שוועלן פון ישיבות און זיי האָבן אים אויך מדחה געווען, צוליב פאַרשטענדלעכע סיבות — ער איז ניט געווען צוגעגרייט ניט אין ידיעות און ניט אין געלט — זאָל איך עס אַלץ דערציילן — צו אונזער שאַנד ?

אָבער ניש'קשה, דאָס בחור'ל איז שוין ניט פאַרפאַלן געוואָרן. ער האָט זיך סוף כל סוף דערשלאָגן צו אַ פרשה חומש מיט רש״י, פונדאַנען צו אַ קאַפּיטל תנ״ך, פונדאַנען צו אַ בלאַט גמרא, און פון די אַלע צו אמת ואמונה, און יראת שמים, ווי ג־ט האָט געבאָטן.

אַצינד באַרעכנט די געהיימע וועגן פון אַ אידישער נשמה : אַ אידיש אינגל פון דער אידישער ברוקלין, האָט ערשט אין אַ גוי'אישן שטעטל ווייט פון ניו־יאָרק, ניט ביי זיין טאַטן אין שטוב, נאָר אין אַ פרעמדן הויז, אין אַ האָטעל, דורך אַ מיסיאָנערסקער ביבל, זיך אַרויפגעשלאָגן אויפ'ן וועג צו אידישקייט און צום ג־ט פון אידישקייט !

עפּעס אַ גרויסער זכות פון הייליגע אבות איז דעם אינגל ביי־געשטאַנען. אָבער וואָס איז מכוח די אַנדערע : מכוח דער אידישער ברוקלין, מכוח דעם אידישן טאַטן, מכוח די רבנים און די ישיבות, מכוח דעם גאַנצן אידישן אַפּאַראַט צווישן וועלכן דאָס אינגל האָט גע־לעבט און איז געוואַקסן, און דורך וועלכן ער האָט זיך געגליטשט און שיער־שיער זיך ניט אַוועקגעגליטשט אַ גוי, רחמנא ליצלן ? זיינען זיי אַלע ניט עתיד ליתן את הדין ?

נאָר הערט ווייטער און שטוינט.

איינמאָל אין אַ פרימאָרגן קומט אַריין אַ יונג בחור'ל צו אַ

אידישן מוכר־ספרים אויף קאַנעל סטריט אין ניו־יאָרק, און פרעגט צי קען ער דאָ ניט קריגן אַ בוך, אין ענגליש, וואָס גיט איבער דעם אידישן שטאַנדפּונקט וועגן דעם אותו האיש, דעם גרינדער פון דער קריסטליכער אמונה.

דער מוכר־ספרים — אַ איד וואָס איז ניט אַזוי אינטערעסירט צו פאַרקויפן ספרים ווי צו פלאַנצן אידישקייט דורך זיי — האָט באַטראַכט דאָס אינגל, וועלכער האָט אים אויסגעזען ניט ווייניגער מאָדנע ווי זיין בקשה: אָרימליך געקליידט, אויסגעבלייכט, אַסקעטיש, מיט אַ צעשויבערטן קאָפּ ווי נאָך אַ שלאָפלאָזער נאַכט. די בקשה איז אים ניט געווען צום האַרצן. מאַכט ער צו אים, פאָטערליך:

— וואָס־זשע, וועגן אידישקייט ווייסטו שוין אַלץ, און עס פעלט דיר נאָר צו וויסן וועגן יענעם מאַן?

ס'איז הפנים געווען אַ פראַגע אין פינטל אַריין, ווארים דאָס אינגל האָט זיך גענומען איבערשטעלן פון איין פוס אויפ'ן אַנדערן, האָט געפּלאָנטערט מיט דער צונג, זיך געוואָרגן מיט ווערטער, אָבער איז דאָך באַשטאַנען אויף זיינס:

— מען הערט איבער אים — האָט ער געזאָגט — אַזוי פיל פון די קריסטן, וויל איך וויסן וואָס די אידן האָבן צו זאָגן...

דער מוכר־ספרים האָט זיך דערמאָנט, אַז ביי אים אין לאַגער געפינט זיך אַ גוט בוך וועגן דעם דאָזיגן ענין, געשריבן פון אַ רב אין ענגלאַנד, און ער האָט דאָס בוך אויפגעזוכט פאַר'ן אינגל. דער פרייז איז אָבער געווען אַביסל צו גרויס פאַר זיין קעשענע, האָט דאָס אינגל געזיפצט.

— ס'איז צו טייער פאַר מיר — האָט ער געזאָגט.

דער מוכר־ספרים, וואָס האָט דערפילט עפּעס אַ טראַגישן אומרו אין דעם אינגל, מאַכט צו אים: ווייסטו וואָס, איך שענק דיר דאָס בוך אַ מתנה.

— פאַרוואָס? — פרעגט דאָס אינגל אַן איבערראַשטער.

ענטפערט אים דער מוכר־ספרים: ווען דו וועסט איבערלייענען דאָס דאָזיגע בוך און זיך באַקענען מיט אידישקייט, וועסטו אַליין פאַרשטיין...

דאָס בחור׳ל האָט גענומען דאָס בוך און איז אַוועק.

צוויי טעג שפּעטער באַוויזט ער זיך ווידער ביים מוכר־ספרים און זאָגט:

— איך בין דיר געקומען באַדאַנקען. איך האָב גאָרניט גענוג דאַנק. דו האָסט מיר געראַטעוועט מיין לעבן.

איצט איז דער מוכר־ספרים געווען דער איבערראַשטער:

— וואָס הייסט איך האָב געראַטעוועט דיין לעבן?

און דאָס בחור׳ל האָט פאַנאַנדערגעוויקלט פאַר אים אַ מורא׳דיגע געשיכטע, וואָס שפּיגלט אָפּ די אידישע טראַגעדיע פון די קליינע אידישע קינדער אין אַמעריקע, די תינוקות של בית רבן. און אָט וואָס די געשיכטע איז געווען:

דאָס אינגל וואוינט מיט׳ן פאָטער און אַ שטיפמאַמע. די מאַמע איז געווען אַ אידישע, די שטיפמאַמע איז אַ גוי׳ע. ווי עס איז אָפט דער פאַל אין געמישטע חתונות, האָבן ביידע, מאַן און ווייב, ניט „געקערט" פאַר „רעליגיע". האָט מען דעם אינגל, פאַרשטייט זיך, ניט מחנך געווען אַלס איד, אויך ניט אַלס קריסט. איז ער געוואַקסן הפקר אין פּרט פון אמונה.

אָבער ס׳איז אַ ליגן אַז אַלץ איז טאַקע הפקר אין אַמעריקע אין פּרט פון אמונה. די הערשנדיגע אמונה געפינט גענוג וועגן ווי אַזוי צו פאַקן אַ אידיש קינד וואָס ווערט געלאָזט אויף הפקר, און אויף אונזער בחור׳ל האָט זי אויסגעצויגן איר האַנט אויף אַזאַ אופן:

דאָס אינגל האָט געהאַט אַן אנגענעמע שטים צום זינגען. צווישן זיינע חברים אין גאַס זיינען געווען אינגלעך וואָס האָבן געזונגען אין כאָר פון דער קאַטוילישער קירכע פון דער נאָכבאַרשאַפט. האָבן די חברים אים אַריינגעצויגן אין דעם קירכן־כאָר. פאַר יעדן אויפ־טריט האָט ער אַפילו געקראָגן אַ דאָלער.

ס׳איז אַוועק אַ היפּשע צייט, און די גלחים האָבן זייער ליב געהאַט דאָס אידישע אינגל. און אַז ער איז אַלט געוואָרן אַ יאָר פופצן־זעכצן זיינען זיי צוגעשטאַנען צו אים און געזאָגט:

— זע, קיין אידישקייט היטסטו ניט אָפּ. דו ווייסט אויך ניט וואָס דאָס איז. אָבער אין דער קריסטליכער אמונה קענסטו אַזוי גוט ווי איינער פון אונז, אונזערע געזאַנגען און הימנעס. פאַרוואָס זאָלסטו

בלייבן הענגען ניט אַהין און ניט אַהער? קום, מיר וועלן דיך צוגרייטן, און ווער אַ קריסט...

אַזוי איין מאָל, און צוויי מאָל, און צען מאָל, ביז דאָס אינגל האָט זיך געלאָזט איינרעדן און האָט זיך געלאָזט צוגרייטן צו שמד.

און אָט איז געקומען די וואָך, כמעט שוין דער טאָג וואָס איז געווען באַשטימט פאַר אים דורכצומאַכן די באַוואוסטע צערעמאָניע, און ער ליגט ביינאַכט אין בעט און טראַכט און טראַכט, און עס גיט אים אַ בליץ אין קאָפּ אַ געדאַנק, אין פלוג זייער אַ פּשוט'ער, אָבער אין תוך, אין זיין לאַגע און זיין עלטער, זייער אַ מיסטישער געדאַנק, וואָס ווער ווייסט ווער עס האָט אים אַריינגעוואָרפן אין קאָפּ אַריין אין יענער שטילער, אַנטשיידנדיגער נאַכט:

— איך גיי ווערן אויס איד און ווערן אַ קריסט — האָט ער געטראַכט; וואָס קריסטנטום איז, האָבן זיי מיך אויסגעלערנט, אָבער וואָס אידישקייט איז האָט מיך קיינער ניט געלערנט; ווייס איך וואָס איך קריג, אָבער איך ווייס ניט וואָס איך גיב דערפאַר אַוועק — ווי מעג איך מאַכן אַזאַ בלינדן בייט?

און ער האָט באַשלאָסן אויסצוגעפינען וואָס אידישקייט האָט צו זאָגן. יענע נאַכט איז ער שוין ניט געשלאָפן. קוים דערלעבט ס'איז געוואָרן פרימאָרגן, איז ער אַוועקגעלאָפן אין דער ערשטער בעסטער אידישער בוכהאַנדלונג און געפרעגט אויף אַ בוך, אַ אידישן בוך, וועגן „יענעם מאַן". און אַזוי איז ער אָנגעקומען צו יענעם מוכר־ספרים, וואָס האָט אים געגעבן אַ בוך. איבערגעלייענט דאָס בוך, האָט ער גלייך געלאָזט וויסן זיינע גלחים: דער עסק איז אויס!...

און דאָס איז ער איצט געקומען דערציילן דעם מוכר־ספרים, וואָס איז געווען זיין גואל.

און איצט האָט דאָס בחור'ל געהאַט אַ נייע בקשה צום קלוגן און גוטן מוכר־ספרים:

— דו האָסט מיך פאַרהיט איך זאָל בלייבן אַ איד — האָט ער געזאָגט צו זיין רעטער — העלף מיר אַצינד אַריינגיין אינווייניג אין אידישקייט. לערן מיך, איך קען אַפילו ניט קיין אלף־בית...

און דער מוכר־ספרים האָט קובע געווען אַ צייט צו לערנען מיט'ן אינגל. אָנגעהויבן מיט אלף און בית, און גאַנץ שנעל אַוועק

גאָר הויך און טיף, ווייל די נשמה פון דעם קינד האָט געשמאַכט נאָך ג־ט׳ס וואָרט ווי אַן אינד דורשט צו די שטראָמען וואַסער.

און היינט איז ער אַ איד, און נאָך וואָס פאַראַ איד: אַ הייסער, אַ ברענענדיגער ליובאַוויטשער חסיד. און ווען דער אַלטער רבי ר׳ יוסף יצחק זצוק״ל איז נסתלק געוואָרן, האָבן די צייטונגען, נאַטירליך, געדרוקט דאָס בילד פון דעם נפטר. איז אונזער חסיד געגאַנגען איבער די צייטונגס־קיאָסקן און האָט אויפגעקויפט אַזוי פיל נומערן ווי ס׳איז אים נאָר מעגליך געוועזן און האָט זיי באַהאַלטן, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז עולם וועט ניט זיין אָפּגעהיט און דאָס בילד פון דעם רבי׳ן קען נאָך, חלילה, קומען צו פאַרשוועכונג...

איך קען ניט אַוועקגיין פון דער דאָזיגער טראַגיש־דערהויבענער געשיכטע ניט פרעגנדיג צוויי פראַגן:

איין פראַגע איז געווענדט צום רב פון יענער געגנט, וואו דאָס אינגל האָט זיך געהאַדעוועט אַרום אַ קלויסטער: ווי קומט עס וואָס דער רב האָט ניט געוואוסט אַז ביי אים אין גאַס געפינט זיך אַזאַ הויז, אַזאַ אידיש אינגל און אַזאַ קלויסטער? מיט וואָס איז ער עס אַזוי געווען פאַרנומען — מיט פסק׳ענען שאלות? פאַרוואָס איז ער ניט געגאַנגען אין גאַס צווישן די קינדער, צו זוכן פאַרלאָזטע אידישע נשמות וואָס בענקען נאָך אַ תיקון?

מיין צווייטע פראַגע איז געווענדט צום אָפּגעראַטעוועטן אינגל, היינט דעם הייסן חסיד: אָבי ער האָט געראַטעוועט זיין אייגענע נשמה, האָט ער זיך איבערגעגעבן צום בית־מדרש און צום רבי׳ן, און האָט פאַרגעסן, אַז אויף די גאַסן פון ניו־יאָרק לויפן אַרום אַנדערע אידישע קינדער וואָס זוכן אַ וועג צו אידישקייט אַזוי ווי ער אַליין האָט געזוכט, און קענען ניט געפינען; פאַרוואָס האָט ער זיי געלאָזט אויף הפקר? פאַרוואָס איז ער ניט געוואָרן איינער פון די צען משוגעים, אַרומצו־לויפן איבער די גאַסן און שרייען: גוואַלד, אידן, ראַטעוועט, דאָס אידישע הויז ברענט! מיט וועלכע בילכערע זאַכן זייט איר אַלע אַזוי פאַרנומען?

אַמאָל האָט דער איד געזוכט ג־ט. און דער אַמעריקאַנער איד? דער אַמעריקאַנער איד זוכט אויך — אַ פלאַץ צו „פאַרקן זיין קאַר״...

**און בשעת מעשה פאַרט ער איבער זיינע אייגענע קינדער...**

נאָך אַ געשיכטע:

געקומען קיין אַמעריקע אַ איד. אַ איד ווי אַלע אידן. געווען יונג, ענערגיש, אונטערנעמעריש. איז אַוועק אין געשעפט. עס האָט אים שטאַרק אָפּגעגליקט. חתונה געהאַט. געהאַט אַ בן יחיד.

אַז אַ אידן גייט אַוועק גוט, איז „וישמן ישורון ויבעט". די אידישקייט איז אַרויס דורכ'ן פענסטער. דאָס אינגל האָט מען גע־שיקט אין פּאָבליק סקול און פּטור אַן עסק.

דאָס אינגל איז געוואַקסן, דאָס געשעפט איז געוואַקסן און דאָס ווייב האָט זיך געבאָדן אין וואוילטאָג. דער מאַן איז געגאַנגען אין געשעפט, דאָס אינגל איז געגאַנגען אין סקול, און דאָס ווייב איז גע־גאַנגען אויף פּאַרברענגעריי: אַ קערטל, אַ קאָקטייל פּאַרטי, מאַזשאַנג.

איין זאַך האָט נאָר געשטערט דעם ווייב: דער בן יחיד קומט פון שולע דריי אַזייגער נאָכמיטאָג, און דעמאָלט מוז די מאַמע נעבעך איבעררייסן אירע פאַרוויילונגען און זיין אין דער היים.

ביז איינמאָל האָט זי זיך דערוואוסט, אַז אין ישיבות לערנט מען שפּעטער ווי דריי אַזייגער, מ'לערנט אַ גאַנצן טאָג. אויב אַזוי, קען זי דאָך געווינען נאָך עטליכע שעה פריי פון אירע פליכטן אין הויז מיט'ן קינד און זיך „ענדזשאָיען" אויף די טאָג־טעגליכע „פּאַרטיס" מיט די אַנדערע ווייבער, ליידיג־גייערינס ווי זי. און אַזוי האָט זי געטאָן. זי האָט אַריינגעגעבן איר אינגל אין אַ ישיבה.

נאָר זי האָט ניט געוואוסט וואָס פאַר אַ מערכה זי האָט זיך דאָ איינגעהאַנדלט.

דאָס אינגל אין דער ישיבה איז אַריין גאָר אין אַ נייער וועלט. און זיין נשמה האָט זיך געעפנט אַזוי ווי אַן אויסגעשמאַכטע פלאַנץ אין אַ טריקעניש דערפרישט זיך אונטער אַ רעגן. ער האָט אָנגעהויבן ווערן אַ אידיש קינד. ער האָט שנעל דערפילט, אַז די פירעכץ אין דערהיים שטימט ניט מיט דעם וואָס ער לערנט אין דער ישיבה, און ער האָט אָנגעהויבן ביסלעכווייז ווירקן און לענקען צום בעסערן.

איינמאָל אַ פרייטאָג־צונאַכטס, ער קומט אַהיים פון שול נאָך קבלת שבת, געפינט ער דאָס הויז מאָדנע אויפגערוימט, און דעם טיש גאַנץ מאָדנע געגרייט: אַ קלאָר־ווייסע טישטוך אויפ'ן טיש — יאָ, נאָר אָנשטאָט לייכטער מיט געבענטשטע ליכט, אָנשטאָט חלה און

קידוש, אַנשטאָט שבת׳דיגע פינקלדיגע כלים און זילבער, איז דער טיש געווען אַרומגעזעצט מיט ווייבער און זייערע הענט האָבן גע־אַרבעט פלינק טיילנדיג קאָרטן, און נעבן יעדער אידענע איז געלעגן איר קופּקעלע געלט — די אמת׳ע „אורחים אויף שבת״.

דאָס אינגל איז אַ ווײַלע געבליבן שטיין ווי צעמישט, אָבער ער איז שנעל געקומען צו זיך און באַלד געוואוסט וואָס ער האָט צו טאָן:

ער איז צוגעגאַנגען צום טיש, האָט אָנגענומען די טישטוך ביי אַן עק, האָט זי צוזאַמענגעצויגן מיט אַלץ וואָס אויף איר, קאָרטן, געלט, האַנט־טאַשן, און איז צוגעגאַנגען צום פענסטער און האָט עס אַלץ אַרויסגעוואָרפן אין גאַס אַריין. און מיט די האַנט־טאַשן זיינען אַראָפּ אין גאַס אַריין די ווייבערשע שמינקען, זייערע שליסלען, געלט, פּאַפּירן... דאָס גאַנצע ווייבערשע פאַרמעגן.

ס׳איז געוואָרן אַ מהומה אין הויז און אַ מהומה אין גאַס, וואָס ס׳איז ניט נויטיג צו באַשרייבן. אין דער מהומה איז דאָס אינגל אַרויס פון שטוב און מער האָט זיין פוס ניט אַריבערגעטראָטן די שוועל פון זיין טאַטנס הויז...

ער איז אַוועק אין דער ישיבה און האָט זיך דאָרט באַזעצט. מיט לערנען, מיט עסן און מיט שלאָפן. דער מנהל און ראש ישיבה, אַ טיפער חכם, האָט דעם אינגל געהאָלפן לייזן זיין פּראָבלעם.

היינט איז דאָס אינגל שוין אַ גרויסער, און אַ גרויסער תלמיד־חכם, און ער האָט זיין לעבן געווידמעט צו ישיבה־אַרבעט. טאַקע אין דער זעלבער ישיבה. ער האָט חתונה געהאַט און פירט זייער אַן אָרים לעבן מיט ווייב און קינד, אָבער פון זיין פאָטער, אַ גביר אדיר, אַ מטופל מיט צען גרויסע געשעפטן, וויל ער קיין פּרוטה ניט נעמען. ווייל די געשעפטן זיינען אָפן שבת.

און נאָך מער: ער האָט געגעבן צו וויסן טאַטע־מאַמע, אַז איבער הונדערט און צוואַנציג יאָר וועט זיין דאָס אייגענע: ער וועט ניט נעמען קיין ירושה וואָס אַ האָר איז ווערט, צוליב דעם זעלבן טעם.

— איר מעגט אייך פאַרגרייטן מיט אַן אַנדער יורש, האָט ער זיי מודיע געווען.

זיצן טאַטע־מאַמע שוין יאָרן און טרויערן: וואָס קומט זיי אַרויס

פון זייער עשירות, וואָס קומט זיי אַרויס פון זייערע צען געשעפטן, וואָס קומט זיי אַרויס פון זייער גאַנץ לעבן, אַז זייער איינציג קינד, זייער בן־יחיד, זייער אויג אין קאָפּ וויל פון דעם אַלעמען ניט וויסן, און וויל זיך ניט צורירן דערצו, ווייל ס׳איז אים מוקצה מחמת איסור און מוקצה מחמת מיאוס...

אַן ענליכע מעשה מיט אַן ענליכן סוף איז פאָרגעקומען אין אַ שטעטל אין ניו־יאָרק סטייט.

געקומען אין יענעם שטעטל אַ פליט, אַן אַנטרונענער פון די היטלער־רוצחים. געווען אַ פרומער יונגערמאַן, אָן אַ פאַך, אָן געלט, געזען ס׳איז אַ שטעטל אָן אַ שטיקל חדר, האָט ער זיך געשאַפן אַ שטיקל מעמד פון מלמדות: געפונען עטליכע אינגלעך און גענומען קנעלן מיט זיי.

אַרום אַ האַלב יאָר שפּעטער האָט זיך צום מלמד צוגעשאַרט נאָך אַ בחור׳ל, אַ חבר פון איינעם פון זיינע תלמידים. און ער האָט אויך אָנגעהויבן לערנען. נאָר אַלץ הייסט לערנען: אין צוויי וואָכן צייט האָט ער איינגעשלונגען דאָס וואָס די אַנדערע האָבן דערוואָרבן אין זעקס חדשים. ווי אַ הונגעריגער וואָלף האָט ער זיך אַרויפגעוואָרפן אויף אידישקייט. געווען איז ער דער איינציגער זון פון גרעסטן אידישן גביר אין שטעטל, פונ׳ם אייגנטימער פון אַ דעפּאַרטמענט סטאָר.

דאָס דאָזיגע בחור׳ל איז געווען ניט נאָר אַ נאה דורש, נאָר אויך אַ נאה מקיים. ער האָט זיך גענומען מיט גרויס דביקות אָפּהיטן דאָס וואָס ער האָט געלערנט אַז אַ איד דאַרף אָפּהיטן, און איז נאָך אַפּילו געווען אַ גרויסער מקפּיד. למשל, ער איז געוואויר געוואָרן ביים מלמד וועגן תשעה באב און זיינע דינים, און די מנהגים וואָס אידן זיינען זיך נוהג אין דעם דאָזיגן טאָג. און ער האָט געוואָלט ניט אַנדערש ווי שלאָפן אויף דער ערד די נאַכט פון תשעה באב. נאָר ער האָט געוואוסט, אַז ביי זיך אין דערהיים וועלן טאַטע־מאַמע אים שטערן דאָס צו טאָן, האָט ער יענע נאַכט גענעכטיגט ביים מלמד, און האָט נאָך געטאָן מער ווי דער מלמד: ער איז אַפּילו געשלאָפן מיט אַ שטיין צוקאָפּנס...

דאָס בחור׳ל איז נאָך קיין בר־מצווה ניט געווען און ס׳איז אים נאָך אָנגעקומען פאַרהעלטניסמעסיג ניט שווער אָפּצוהיטן פאַרבאָר־

גענערהייט זיין געפונען ביסל אידישקייט. נאָר אָט האָט אים דער מלמד אויפגעקלערט די האַרבקייט פון כשר און טריף, פליישיגס און מילכיגס. דאָס אינגל האָט פלוצלונג באַגריפן, אַז זיין גאַנץ לעבן האָט ער געזינדיגט מיט טריפות. דאָס האָט אים שרעקליך אויפגעטרייסלט און ער האָט אויפ׳ן אָרט באַשלאָסן תשובה צו טאָן און פאַרמיידן די זאַך אויף דער צוקונפט.

ער האָט דעם רבי׳ן גאָרניט געזאָגט, נאָר ער איז גלייך אַוועק אַהיים, און דער צופאַל האָט אים צוגעדינט: קיינער איז אין הויז ניט געווען. דער טאַטע איז געשעפט, די מאַמע ביי אַ וויבערשער פאַרווילונג. און דאָס אינגל האָט פאַרקאַטשעט די אַרבל און האָט זיך גענומען כשר׳ן דאָס הויז: וואו אַ כלי, אַ טעלער, אַ שיסל, אַ שאָל — טראַך אין דער ערד און צעשמעטערט; לעפל, גאָפל און מעסער, זילבערנע, באַזילבערטע און באַגילדעטע — געבויגן און צעבראָכן און אין אַלגעמיין געמאַכט אומברויכבאַר. און אין דעם אויוון האָט ער צעעפנט און אָנגעצונדן אַלע רערן און אים אָנגעבערענט ביז צונטער רויט. פון די טעפּ האָט ער אויך אַ תל געמאַכט.

געקומען טאַטע־מאַמע אַהיים — ערשט אַ פּאָגראָם אין שטוב! ניט אַנדערש זייער קינד איז פון זינען אַראָפּ! ווער האָט עס אים געבראַכט צו אַזאַ משוגעת? אַהאַ, דער „רעפּיודזשי", דער „היברו־טיטשער"!...

און זיי זיינען אַוועקגעלאָפן צום אָרימען מלמד: מיר וועלן דיך לאָזן אַרעסטירן פאַר מאַכן פון אונזערע קינדער וואַנדאַלן!...

דער מלמד האָט גע׳טענה׳ט, אַז ער האָט ניט געהייסן דעם אינגל גיין טאָן וואָס ער האָט געטאָן; ער האָט נאָר געלערנט מיט אים וואָס דער דין איז... דאָס איבעריגע האָט שוין דער דין אַליין געווירקט און אים אונטערגעזאָגט וואָס צו טאָן...

דער שטורם האָט זיך איינגעשטילט. אָבער דער שטורם אין דעם אינגל׳ס האַרצן האָט זיך ניט איינגעשטילט. ער האָט גענומען פאָדערן, אַז דאָס הויז זאָל געפירט ווערן ווי אַ אידיש הויז דאַרף זיך פירן: מיט כשרות, מיט שבת און יום־טוב.

און וואָס טוט מען ניט צוליב אַ קינד? מ׳האָט איינגעהאַנדלט נייע כלים, ניי געפעס, ניי זילבער, אַלץ, מילכיג און פליישיג און

פאַרעווע. און אַז טאַטע־מאַמע האָבן נעבעך ניט געוואוסט ווי אַזוי, האָט דאָס אינגל זיי געלערנט.

נאָר ס׳האָט עפּעס ניט „געקלאַפּט״. דאָס אינגל האָט מער אין טאַטנס שטוב קיין הנאה ניט געהאַט פון אַ ביסן אין מויל. אים האָט זיך אַלץ נישט געגלויבט, אַז עס גייט ווי עס דאַרף צו זיין. ער האָט געהאַט אַ געפיל, אַז ער האָט גוי׳אישע טאַטע־מאַמע, רחמנא ליצלן.

און אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט ער באַשלאָסן, אַז ער מוז גיין פונדאַנעז. גיין זוכן אידישקייט. ניט זיין טאַטנס הויז, ניט זיין אַמעריקאַנער קליין שטעטל האָבן עס אים געקענט געבן. און ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ גרויסער שטאָט אין אַ ישיבה. און היינט איז ער אַליין אַ באַוואוסטער ראש־ישיבה.

און זיין טאַטע־מאַמע, נעבעך, האָבן אַזוי געוואָלט מאַכן פון אים אַ דאָקטאָר...

זעען מיר פון דעם אַלעמען, אַז מיר האָבן אידישע קינדער אין אַמעריקע וואָס זיינען ראוי צו ווערן פאַרגליכן מיט די טייערסטע אידישע קינדער פון די שענסטע אידישע דורות. זיי דורשטן צו תורה ווי די תלמידים פון רבי עקיבא, און זיי זיינען פעאיג אויף קרבנות פאַר קידוש השם ווי די זיבן זין פון חנה׳ן.

יאָ, חנה׳ס זיבן זין זיינען ב״ה דאָ אין אַמעריקע, נאָר ווײ, די חנה׳ס זיינען ניטאָ!

זיי זיינען אַוועק צו אַ „קאָרד פּאַרטי״...

# חורבן הבית ביי אַמעריקאַנער אידן

אין אַ פריערדיגן קאַפּיטל האָב איך דערציילט פון אַ יונגעמאַן, וואָס האָט מיך געפרעגט וועלכער משה איז געווען פריער: משה רבינו אָדער משה בן מיימון, דער רמב״ם. און דער פרעגער איז געווען אַ קאָלעדזש־געענדיגטער און אַ פּראָפעסיאָנאַל. די זאַך איז אַזוי פאַנ־טאַסטיש, פּשוט אומבאַגרייפליך, אַז איך האָב מורא געהאַט מ׳וועט מיר ניט גלויבן. האָב איך געשוואוירן: בהן שלי. איצט וויל איך דערציילן נאָך עפּעס, וואָס איז אפשר נאָך פאַנטאַסטישער און אומ־גלויבליכער, און איך לייג ווידער אָפּ אַ שבועה: ווי איך בין אַ איד, אַז ס׳איז אמת.

איך קען אַ הויז — אַ טיפּיש „אַמעריקאַנער אידיש הויז״: אויסגע־ליידיגט פון יעדן קענטיגן סימן פון אידישקייט. קיין מזוזה אויף אַ טיר, קיין סידור אָדער ספר אויף אַ טיש, קיין דאַווענען, קיין המוציא און קיין בענטשן, קיין שבת און קיין יום־טוב. די פאַמיליע באַשטייט פון זיידע־באָבע, טאַטע־מאַמע און קינדער: דער זיידע מיט דער באָבע זיינען איינגעוואַנדערטע אידן, די אַנדערע זיינען דער צווייטער און דריטער דור אַמעריקאַנער אידן. אידן פון נידעריגערן מיטלקלאַס. איך קום אַמאָל אַהין אַריין.

איינס פון די קינדער איז אַן אַכט־יאָריג מיידעלע. אַ טייער קינד, אַ פלייסיגס. זיצט שטענדיג איבער ביכלעך, אַ זאַך וואָס איז

ניט געוויינליך ביי אַמעריקאַנער קינדער היינטיגע צייטן פון ראַדיאָ און טעלעוויזיע. זי גייט אין פּאַבליק סקול, פאַרשטייט זיך, נאָר פון „היברו" האָט מען קיינמאָל אַפילו ניט געטראַכט.

ווי אַזוי איז מען מעורר אַזאַ הויז צו אידישקייט? פון דערפאַרונג ווייס איך, אַז ס'איז בעסער אָנצוהויבן פון די קינדער איידער פון די עלטערן. האָב איך געטאָן אין דעם פאַל דאָס אייגענע וואָס איך האָב געטאָן מיט הצלחה אין אַ סך אַנדערע פאַלן: איך האָב געבראַכט דעם קינד אַ מתנה אַ שיין אילוסטרירט בוך, „מעשיות פון תנ"ך", אין ענגליש, פאַרשטייט זיך.

נאָך פאַר מיר אין די אויגן האָט זיך דאָס מיידעלע צוגעכאַפּט צום בוך און זיך ניט געקענט אָפּרייסן. ס'איז דאָך איבעריג צו ריידן ווי שטאַרק קינדער ווערן פאַרכאַפּט ווען זיי דערהערן וועגן ג־ט, ווי אַזוי די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן, וועגן דעם מבול און אַזוי ווייטער. איך האָב גלייך דערפילט אַז אַ קערענדל איז פאַרזייט געוואָרן אין גוטער ערד.

אַ פּאָר טעג שפּעטער בין איך ווידער אין יענעם הויז, און איך נעם דאָס מיידעלע אויף אַ פאַרהער. דער טאַטע איז דערביי. איך פרעג זי ווי ווייט זי האָט שוין אַריינגעלייענט, און זי ענטפערט מיר, אַז זי האַלט שוין ביי „סאָלאָמאָנ'ס טעמפּל".

איך זע, דער טאַטע האָט פאַרגעניגן און ער גייט אויך אַריין אין דעם שמועס. און אפשר דערפאַר וואָס ער פאַרנעמט זיך מיט ריעל עסטייט און בויען, גיט ער אַ פרעג דאָס מיידעלע: „ווי לאַנג האָט געדויערט דאָס בויען פון סאָלאָמאָנ'ס טעמפּל?"

און דאָס מיידעלע ענטפערט מיט אַ שטראַלנדיג פּנימ'ל, גליקליך וואָס זי ווייסט: „זיבן יאָר".

דאַן ווענדט ער זיך צו מיר און פרעגט: „און וואָס איז איצט מיט סאָלאָמאָנ'ס טעמפּל, ער שטייט נאָך?"

איך ווייס ניט צי אין דער גאַנצער וועלט, און אין דער גאַנצער געשיכטע פון דער וועלט, איז נאָך אַמאָל געווען אַזאַ קרומקייט און פאַרזעעניש ווי די דאָזיגע פראַגע. דאָס מויל פון אַ קראָקאָדיל, דאָס פּנים פון אַ היפּאָפּאָטאַמוס זיינען דערהויבענע שיינקייט לגבי דער דאָזיגער פראַגע אין מויל פון אַ אידן. איך האָב געדאַרפט אויפ־

שפּרינגען און קריעה רייסן, די וועגט האָבן געדאַרפט איינפאַלן איבער אונזערע קעפּ, צו פאַרדעקן אונזערע געזיכטער פון חרפּה.

אָבער גאָר אַנדערש, אומבאַגרייפליך אַנדערש איז געווען די איבערלעבונג וואָס איז געקומען איבער מיר. אין אַלע מיינע אברים איז מיר אייז קאַלט געוואָרן. אַ מאָדנע שטילקייט האָט זיך באַזעצט אין מיר. איך בין ניט איבערראַשט געוואָרן, איך בין ניט אין כעס געוואָרן: ס׳איז געווען אַריבער איבערראַשונג, ס׳איז געווען עפּעס וואָס איז אויף יענער זייט כעס.

גיכער פון אַלעם האָט זיך מיר געוואָלט אַרויספאַלן יענעם אידן אויפ׳ן האַלז און וויינען, וויינען אויפ׳ן נייעם חורבן: אין יענעם אידן איז דער בית המקדש נאָך אַמאָל חרב געוואָרן.

איך גיב דאָ איבער די דאָזיגע גרויליגע געשיכטע און פיל אַז איך בין מאַכטלאָז איבערצוגעבן דעם גאַנצן גרויל: אַז עס זאָל גאָר געמאָלט זיין אַ איד וואָס ווייסט ניט אַז דער בית המקדש איז חרב געוואָרן! אַז ער ווייסט ניט פון דעם ערשטן, ווייסט ער דאָך פון דעם צווייטן אַוודאי ניט. הייסט עס, אַז ער ווייסט גאָרניט וועגן תשעה באב אויך. און ער האָט ניט קיין באַגריף פון גלות און פון משיח. אַ בלאַנק. די גאַנצע גוואַלדיגע אידישע עפּאָפּייע אין דער וועלט איז אים פאַרבייגעגאַנגען ווי קיינמאָל גאָרניט. און דאָ גייט שוין ניט די רייד וועגן אים, דעם דאָזיגן מענטשן, אַליין. עס גייט אויך אין זיין סביבה: וואָס פאַר אַ ליידיגער חלל עס מוז האָבן געווען, און עס מוז זיין נאָך איצט, זיין סביבה, ווען ער האָט ניט געהערט פון חורבן בית־המקדש, פון תשעה באב, פון גלות און משיח!

און וואָס פאַר אַ מין סביבה איז עס געווען? ניו־יאָרק, ברוקלין, די גרעסטע אידישע קהילה אין דער וועלט. אַ סביבה פון קיין עין־הרע צוויי אַ האַלב מיליאָן אידן. הייסט עס, אַז ס׳איז מעגליך צו לעבן אין מיטן פון דעם גרויסן ניו־יאָרקער אידנטום און זיין, וואָס שייך אידישקייט, גלייך ווי ראָבינסאָן קרוסאָ, אַ פאַרוואָרפענער אויף אַן איינזאַמען וויסטן אינזל!

איך האָב מיינע אויגן ניט געקענט אַראָפּנעמען פון דעם דאָזיגן אידן, אין וועלכן איך האָב איצט געזען אַ נייעם אַספּעקט פון אונזער חורבן און גלות. איך האָב קיין פונק תרעומות אויף אים ניט גע־

האַט. איך האָב געפילט, אַז ער איז אַליין גאָרניט שולדיג אין זיין בראָך. איך האָב געזען אַז ס׳איז ניט אַ מענטש וואָס וואָלט זיך קעגנגעשטעלט ווען מ׳זאָל אים געוועזן מחנך זיין ווי אַ איד. אָבער איך האָב ניט געקענט קוקן אויף אים ווי אויף אַ לעבעדיגן אידן: פאַר מיר איז געזעסן אַ טויטער איד. אַ גוף אָן אַ נשמה. און איך האָב זיך געפרעגט און איבערגעפרעגט, און אַצינד פרעג איך עס אייך, חשוב׳ער לעזער: ווער האָט אים דער׳הרג׳עט? ווער איז שולדיג אין דעם מאָרד פון דעם דאָזיגן אידן? ווער האָט אויסגעגאָסן זיינע בלוטן? ניט בלוט, נאָר בלוטן, ווי אין פסוק שטייט: זיין בלוט און דאָס בלוט פון זיינע קינדער, וואָס זיי איז שוין אויך מסתמא באַשערט געוואָרן ניט צו וויסן ווי עס האַלט היינט מיט „סאָלאָמאָנ׳ס טעמפל״.

איך האָב געקוקט אויף אים און האָב אויף זיין פנים געלייענט די פרשה פון עגלה ערופה: „אַז עס וועט געפונען ווערן אַ גע׳הרג׳עטער, ער איז געפאַלן אין פעלד און ס׳איז ניט באַוואוסט ווער עס האָט אים דער׳הרג׳עט״, איז „ויצאו זקניך ושופטיך״, זאָלן אַרויסגיין די בעסטע פון די זקנים און די גרעסטע פון די דיינים און זאָלן ברענגען אַ כפרה. איר זייט ניט ריין פון זינד, איר רבנים און דרשנים, לומדים און מנהיגים, וואָס יענער איד ווייסט נעבעך ניט אַז דער בית־המקדש איז חרב געוואָרן! איר האָט אים אַוועקגעלאָזט אָן עסן צו געבן און אָן באַגלייטן אים אין וועג! אימיצער איז שולדיג דעם קאָפּ אין דעם דאָזיגן מאָרד — און ס׳איז ניט אַ קאַלב...

פון די צוויי פאַלן וואָס איך האָב דאָ געבראַכט ווייס איך ניט וועלכער איז דער מער גרוילהאַפטער, דער פאַל משה — רמב״ם אָדער „סאָלאָמאָנ׳ס טעמפל״. אָבער דוכט זיך דער גרויליגסטער פון ביידע איז גאָר דער דריטער פאַל, און דער פערטער, וואָס איך גיי נאָך דאָ דערציילן.

וואָלט איר געגלויבט, אַז עס זיינען דאָ אידן אין אַמעריקע, וואָס זיינען שוין אַזוי ווייט אָפּגערוקט און פאַרפרעמדט פון אידישקייט, אַז זיי וויסן ניט אַז ביי אידן דאַוונט מען?

איינמאָל, ס׳איז געוועזן אין אַ זומער־פּלאַץ, ראש השנה אין דער פרי. איך בין געגאַנגען צום מנין דאַוונען. ס׳איז געווען אַ הערליכער זוניגער פרימאָרגן. אויפ׳ן וועג זיינען מיר אַנטקעגנגעקו־

מען אַ באַקאַנטע פרוי מיט אַ אינגל, אַ יאָר זיבן אַלט. זיי זיינען געגאַנגען שפּאַצירן און געניסן פון דער שיינער נאַטור. איך האָב זיי געקענט פון שטאָט. מיר האָבן זיך באַגריסט און זיך אָפּגעשטעלט ריידן. און דאָס אינגל פרעגט מיך, אין ענגליש:

— וואוהין גייסטו, מר. ליבערמאַן?

ענטפער איך: איך גיי דאַוונען, באַנוצנדיג דאָס ענגלישע „טו פּרעיערס, טו סערוויסעס".

מאַכט ער צו מיר: דו ביסט אַ קריסט?

איך האָב אָנגעשטעלט אַ פּאָר פאַרוואונדערטע, גיין, דערשראָקענע אויגן, ניט אויפ'ן אינגל, נאָר אויף דער מאַמע. זי האָט פאַרשטאַנען מיין ביטערע פראַגע און האָט געגומען דערקלערן:

אין שטאָט, פאַרשטייט איר מיך, וואוינען מיר ניט ווייט פון אַ קלויסטער, און דאָס אינגל זעט מענטשן גיין אַהין, און ער פרעגט וואוהין גייען זיי, זאָגן מיר אים: דאָס זיינען קריסטן און זיי גייען דאַוונען („טו פּרעיערס, טו סערוויסעס"), מיינט ער דערפאַר אַז ווער עס דאַוונט איז אַ קריסט...

„און אַז אידן דאַוונען האָט איר אים ניט געלערנט צו וויסן?

— האָב איך זי געפרעגט — און וואָס מכוח לערנען אים אַליין דאַוונען?"

„מיין מאַן דאַוונט ניט — האָט זי מיר אָפנהאַרציג דערקלערט — און די אידישע שכנים אין הויז האָט דאָס אינגל אויך קיינמאָל ניט געזען גיין דאַוונען".

אַ צווייטער פאַל פון דעם מין איז מיר אָנטקעגנגעקומען אויף פאָלגענדן אופן:

איך בין איינמאָל מיט אַ פריינט אַריין אין אַ רעסטאָראַן כאַפּן אַ ביס. ס'איז געווען אין ניו־יאָרק. מיר האָבן זיך געזעצט ביי אַ טיש, און באַלד, פון אַ צווייטן טיש, איז צוגעקומען צו אונז אַ אינגעלע גוטמוטיג אויפגעלייגט, פלאַפּלענדיג. באַלד האָט ער גע־שלאָסן מיט אונז חבר'שאַפט, ווי ס'איז די טבע פון קינדער צו ווערן צוגעלאָזט צו מענטשן אויפ'ן ערשטן קוק. און פּלוצלונג גיט ער אונז אַ פרעג, אין ענגליש:

„זייט איר קאַטאָליקן?" („אַר יו קעטהאָליקס?")

און איידער מיר האָבן צייט געהאַט צו ענטפערן, איז דאָס אינגל מיט׳ן ציגל געפאָרן ווייטער און אומשולדיג אויסגעפּלוידערט אַלץ וואָס איז אים געווען אויפ׳ן הערצל: „אַלע מיינע חברים אין בלאָק זיינען קאַטוילישע — האָט ער געפּלאַפּלט — און זיי גייען אין קירכע, נאָר איך איינער גיי ניט... מיין טאַטע וויל מיך ניט נעמען אין קירכע. ער זאָגט אַז אידן גייען ניט אין קירכע"...

ס׳איז געווען קלאָר וואָס דעם אינגעלע האָט געדריקט אויף זיין קינדערשער נשמה. ער האָט מקנא געווען זיינע קריסטליכע חברים וואָס זיי גייען אין „קירכע". עס האָט אים אויך געצויגן צו גיין אין אַ בית תפילה. ווען זיין טאַטע וואָלט אים אַמאָל גענומען אין שול אַריין וואָלט ער אַוודאי געווען באַפרידיגט און וואָלט ניט גע־פרעגט יעדן איינעם, ווילד־פרעמדע, צי מען איז „קאַטאָליקן". דאָס איז געווען זיין אופן פון פרעגן „גייט איר דאַוונען?" דאַוונען איז פאַר אים געווען אַ קאַטוילישער ענין.

אַז ביי אידן גייט מען אויך דאַוונען, דאָס האָט ער ניט גע־וואוסט, אַזוי ווי דאָס ערשטע אינגל האָט עס ניט געוואוסט...

נון, האָב איך געבראַכט פיר פאַלן פון אָפּפרעמדונג פון אידיש־קייט. צוויי מיט גרויסע און צוויי מיט קליינע. זיי זיינען ניט קיין פאַראיינצלטע פאַלן. איך מיין אַז זיי זיינען טיפּיש. און איך פרעג אייך, ליבן אידן: צי באַגרייפט איר דעם שרעקליכן חלל אין וועלכן די דאָזיגע אידן האָבן געלעבט כדי צו קומען צו אַזאַ שפל המדריגה אין עם הארצות? איז אַזאַ עם הארצות אַמאָל געהערט געווען ביי אידן? געווען אין דער אַלטער וועלט אַ סאָרט עם הארצות פון אידישע ישוב׳ניקעס, און אַ סך וויציגע און שפּיציגע אַנעקדאָטן און מעשה׳לעך זיינען געשאַפן געוואָרן וועגן זיי. אָבער אַנטקעגן די אַמע־ריקאַנער „ישוב׳ניקעס" זיינען יענע געווען ממש גאונים. ניין, די אַמעריקאַנער קעגן יענע זיינען גאָר אינגאַנצן „שלא מן הישוב".

מיר האָבן שטענדיג געוואוסט, אַז לומדות האָט קיין גרונט ניט, קיין ברעג, קיין גרעניץ, קיין סוף. צו גאונות איז קיין שיעור נישטאָ. אָבער אַז עם הארצות זאָל קיין שיעור ניט האָבן, עם הארצות אָן אַ גרונט און אָן אַ ברעג — דאָס האָט נאָר אַמעריקע באַוויזן.

פריי זיך אַמעריקע, זיי שטאָלץ ניו־יאָרק, גרויס זיך גרעסטע אידישע קהילה אין דער וועלט: איר האָט „געשלאָגן רעקאָרד".

# אַ אידישער שבט אונטערגעגאַנגען...

מיר האָבן שוין אין לויף פון אונזערע איצטיגע באַטראַכטונגען זיך באַקענט מיט געגנוג פאַלן מיט אידישע קינדער אין אַמע־ריקע, וואָס וואַקסן אויף ווי דערנער אין מדבר, אָן אַ טראָפּן אידי־שער זאַפט. פון דעם לייענען אָבער באַקומט זיך דער איינדרוק נאָר פון קינדער, און אַזוי בלייבט עס ביים לעזער אין דמיון.

דער לייענער בלייבט דאָ שטיין, אָבער דאָס לעבן שטייט ניט אויף איין אָרט. קינדער וואַקסן, ווערן גרויס, ווערן אַליין טאַטע־מאַמע פון קינדער: ווי אַזוי ווירקט זיך אויס זייער אום־אידישקייט שפּעטער?

דערויף האָבן זיך אויך אָנגעקליבן גאַנצע בערג, שווערע בערג, אויפ׳ן האַרצן. אַ סך, אַ סך מער ווי עס ווילט זיך דערציילן, ווייל איך האָב מורא איך וועל, חלילה, זינדיג ווערן מיט׳ן „ובתוך עם טמא שפתים אנכי יושב"...

נאָר עפּעס דערפון איז אַ חוב צו דערציילן.

איינמאָל קומען אַריין צו מיר אין רעדאַקציע אַ איד מיט אַ אידענע, אַ מאַן מיט אַ ווייב, און לויט׳ן פּנים — אַ מת מיט אַ מת׳עכע. שענערע פּנימ׳ער לייגט מען אין קבר אַריין. זיי קומען אַריין, ברעכן די הענט: גיט אַן עצה!

וואָס אַזוינס איז געשען?
זיי האָבן אַ טאָכטער וואָס האָט זיך גע׳שמד׳ט.
ווי קומט אַ טאָכטער פון אַזאַ טאַטע־מאַמע צו שמד?

ווען די טאָכטער איז נאָך געווען אַ מיידל, האָט מען איר געגעבן לערנען טאַנצן. אַ אידיש קינד צו זיין האָט מען איר ניט געשיקט לערנען, אָבער אַ טענצערין צו זיין — האָט מען זיך געלאָזט קאָסטן גאָר, גאָר גרויס. און געזאָלט האָט זי זיין ניט ווייניגער ווי אַ פּאַוולאָווואַ, פּאַרשטייט זיך. עלטערע אידישע איינוואַנדערער אין אַמע־ריקע געדענקען נאָך געוויס יענע צייט, ווען מישאַ עלמאַן איז נאָך געווען אין זיין ערשטן גלאַנץ, ווי אַזוי אידישע טאַטע־מאַמע האָבן דעמאָלט גע־פּייניגט זייערע אינגלעך מיט פידל כדי צו מאַכן זיי פאַר צווייטע מישאַ עלמאַנ׳ס; און ווען די גרויסע באַלעט־טענצערין פּאַוולאָוואַ איז געווען אין דער מאָדע, האָט יעדער אידיש מיידל מיט אַ פּאָר פיסלעך גע־מוזט לערנען טאַנצן, און זי האָט געזאָלט ווערן ניט אַנדערש ווי אַ צווייטע פּאַוולאָוואַ, ווייל קיין ערשטע האָט זי שוין, ליידער, ניט געקענט זיין.

דער בעסטער וועג צו ווערן אַ פּאַוולאָוואַ איז געווען — צו שיקן די מיידלעך זיך לערנען דווקא ביי רוסישע טאַנץ־מייסטערס, ווייל פּאַוולאָוואַ איז דאָך געווען אַ רוסישע... און אין די לעצטע יאָרן האָבן אין ניו־יאָרק ניט געפעלט קיין רוסישע טאַנץ־מייסטערס און מייסטערינס: די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע האָט זיי פאַרוואָרפן אַהער אין די הונדערטער.

האָבן מיין איד און אידענע געשיקט זייער טאָכטער צו אַ רוסישער טאַנץ־מייסטערין.

האָט גראָד געטראָפן און יענע רוסישע טאַנץ־לערערין האָט געהאַט אַ האַרץ אויף אידן, באשר בכן די קאָמוניסטן האָבן אומגעבראַכט איר מאַן אין רוסלאַנד, און אַזוי ווי דאָס איז דאָך „ידוע״, אַז קאָמוניזם איז אַ „אידישע זאַך״, הייסט עס, אַז די אידן זיינען שולדיג אין איר מאַנ׳ס טויט. האָט זי דערפאַר באַשלאָסן צו נעמען נקמה אין אידן. ווי אַזוי? זי האָט זיך אונטערגענומען זייער אַ מאָדנע זאַך: זי פלעגט נעמען אין דער אַרבעט די אידישע מיידלעך, וואָס פלעגן גיין צו איר טאַנצן, און מיט זיי אויך אונטערקנעלן וועגן קריסטנטום. און דאָס האָט זי

אויך געטאָן מיט דער טאָכטער פון מיין איד און אידענע. און אַזוי ווי וועגן אידישקייט האָט די טאָכטער קנאַפּ־וואָס געוואוסט, טאַקע גאָרנישט געוואוסט, און אַזוי ווי אַ סענטימענטאַלער נפש איז זי געווען (ווי „קינסטלערינס" דאַרפֿן זיין), האָט זיך דאָס מיידל געלאָזט איבעררעדן און האָט זיך אָפּגע׳שמד׳ט. און אָפּג׳שמד׳ט האָט זי זיך אויף אַ קאַטאָליטשקע.

ווען זי איז שוין געווען אַ קריסטין און איז אַריין אין די הענט פון די גלחים און די נאָנעס, האָבן זיי זי באַאיינפלוסט אַז זי זאָל אַוועקוואַרפן אינגאַנצן דעם געדאַנק פון מאַכן אַ קאַריערע פון טאַנצן, ווייל פאַר אַ פרומער קאַטוילישער טאָכטער פּאַסט ניט צו זיין אַ טענצערין אויף דער בינע, וואָס פאָדערט נאַקעטקייט און איז בכלל ניט קיין צניעות׳דיגער ענין...

דאָס מיידל האָט געפאָלגט און זי האָט אַוועקגעוואָרפן דאָס טאַנצן.

איז שוין דאָס מיידל אויס אידישקע און אויס טענצערין אויך...

און טאַטע־מאַמע האָבן שוין אַ טאָפּלטן „נחת"...

נון, טאַנצן לשם קאַריערע טאַקע ניט, אָבער טאַנצן לשם מצווה — דאָס דערלויבט די קאַטוילישע קירכע. און אין די יאָרן פון דער מלחמה, ווי באַוואוסט, האָבן קינסטלער און קינסטלערינס, זינגער און זינגערינס, אַקטיאָרן און אַקטריסעס, טענצער און טענצערינס געהאַט אַ סך צו טאָן אין דער אַרמיי, צו געבן די סאָלדאַטן פאַרוויילונג. דאָס איז טאַקע געווען אַ מצווה.

און אונזער גע׳שמד׳טע טענצערין איז אַוועק זיך פאַרדינען די דאָזיגע מצווה. זי איז געגאַנגען טאַנצן פאַר די סאָלדאַטן. און גאַנץ באַזונדערס איז זי געווען טעטיג אין אַ צענטער, וואו עס האָבן זיך אויפגעהאַלטן סאָלדאַטן וואָס האָבן זיך דערהאָלט פון קראַנקהייטן.

דאָרט האָט זי זיך באַקענט מיט אַ יונגעמאַן און עס האָט זיך פאַרוועבט אַ ליבע צווישן זיי. דער יונגערמאַן איז אויך געווען אַ משומד: ער איז געווען אַ אידישער יונגערמאַן, וואָס איז אַוועק אין דער מלחמה אַ איד, און איז צוריקגעקומען — אַ קריסט.

וואָס האָט אים געבראַכט צו שמד?

מיין איד און אידענע האָבן עס מיר דערציילט אַזוי: ער האָט געדינט אויפ׳ן פּאַסיפישן פראָנט. איז געווען פאַרוואָרפן אויף אַ וויסטן

אינזל. דער טויט איז אייביג געשטאַנען פאַר די אויגן. זיין נשמה, אַזוי ווי די נשמה פון יעדן סאָלדאַט אין קריג, איז געווען אָפן פאַר די געהיימניסן פון וועלט און פון לעבן און טויט. נאָר אינווייניג אין דער נשמה איז געווען וויסט און ליידיג. ער האָט ניט געקענט אַליין זיך ראַנגלען מיט די דאָזיגע פּראָבלעמען, ווייל ער איז ניט דערצויגן געוואָרן צו וויסן און פאַרשטיין די דאָזיגע טיפערע פראַגן און פּלאָנ־טערס פון דער מענטשליכער עקזיסטענץ. און קיין אידישער טשעפּלעין איז דאָרט ניט געווען. האָט ער זיך צוגעטוליעט צום קריסטליכן טשעפּלעין. און יענער האָט אים געגעבן לייענען די קריסטליכע ביבל און האָט אויף אים משפיע געווען, און אַזוי האָט ער זיך אָפּגע׳שמד׳ט...

האָבן מיר שוין אַ משומדת׳טע און אַ משומד.

פון זייער באַקאַנטשאַפט, ווי געזאָגט, האָט זיך פאַרוועבט אַ ליבע, און פון דער ליבע איז געוואָרן אַ שידוך, און מען גייט חתונה האָבן.

נאָר אַז עס איז געקומען צו דער חתונה, ערשט אַ יאָמער, אַ קלאָג: זיי טאָרן גאָר ניט חתונה האָבן! פאַרוואָס?

ווייל... ווייל זי איז אַ קאַטאָליטשקע, און ער איז אַ פּראָטעסטאַנט.

און קאַטאָליק און פּראָטעסטאַנט טאָרן זיך ניט משדך זיין...

און דאָ, חשוב׳ע לעזער, ביי דעם דאָזיגן מאָמענט, איז כדאי זיך ניט צו איילן ווייטער מיט דער געשיכטע, נאָר עס ווילט זיך אָפּ־שטעלן און זיך פאַרטראַכטן איבער דעם קאָמישן און אַזוי טיף טראַגישן שפּיל, ווי אַזוי צוויי אידישע קינדער, וואָס אַלס אידישע קינדער וואָלט גאָרנישט געשטאַנען אין זייער וועג חתונה צו האָבן איינס מיט׳ן אַנדער׳ן, פאַרקריכן זיי ביידע אין קריסטנטום, און אין דעם קריסטנטום ווערן זיי אסור איינס פאַר׳ן אַנדערן!...

צוויי אידישע קינדער ווערן צעריסן מיט זייער פאָלק, מיט זייערע טאַטעס און מאַמעס,און ביידע אַנטלויפן אין שמד אַריין, און דאָרט ווערן זיי ערשט צעריסן איינס מיט׳ן צווייטן...

אָבער, ליבע, זאָגט מען דאָך, איז שטאַרקער פון טויט, און איז הפנים שטאַרקער פון שמד אויך. אַזעלכע פּלאָנטערס צווישן קאַטאָליק און פּראָטעסטאַנט טרעפן גאַנץ אָפט צווישן סאַמאַראַדנע קריסטן און ס׳איז שוין דאָ אַן אַלט מיטל דערצו, און דאָס דאָזיגע מיטל האָבן גענוצט אונזערע צוויי משומדים אויך.

עס זיינען אייגנטליך דאָ צוויי מיטלען. די קאַטוילישע קירכע וועט געבן חופה וקדושין צו אַ געמישט פּאָרל נאָר בתנאי, אויב דער פּראָטעסטאַנטישער צד שרייבט אונטער אַ קאָנטראַקט, אַז די קינדער וועלן דערצויגן ווערן פאַר קאַטאָליקן.

דאָס צווייטע מיטל איז: מען גלייכט אויס די רעליגיעס. דאָס הייסט, איין צד שמד'ט זיך איבער אויף דער רעליגיע פון דעם אַנדערן צד. דער קאַטאָליק ווערט אַ פּראָטעסטאַנט, אָדער דער פּראָטעסטאַנט ווערט אַ קאַטאָליק.

אונזערע צוויי משומדים האָבן באַנוצט דאָס צווייטע מיטל: זיי האָבן אויסגעגלייכט זייער גלויבן.

דער יונגערמאַן איז געוואָרן פון אַ פּראָטעסטאַנט אַ קאַטאָליק. ער איז אַריבער צו דער כלה'ס אמונה.

און אַריבערגיין פון פּראָטעסטאַנטיזם צו קאַטאָליציזם איז ניט קיין פשוט'ער ענין. דאָס איז גלייך ווי אַריבערצוגיין פון אַ גאַנץ אַנדער רעליגיע צו דער קריסטליכער רעליגיע. אין אַנדערע ווערטער: פון אַ פּראָטעסטאַנט דאַרף מען זיך שמד'ן כדי צו ווערן אַ קאַטאָליק.

און אונזער יונגערמאַן, וועלכער האָט פריער זיך גע'שמד'ט פון איד אויף קריסט, האָט איצט זיך גע'שמד'ט פון פּראָטעסטאַנט אויף קאַטאָליק.

צוויי מאָל זיך גע'שמד'ט! און צוליב וואָס?

סוף כל סוף נאָר כדי חתונה צו האָבן מיט אַ אידישער טאָכטער...

בקיצור, זיי האָבן חתונה געהאַט, און אינגיכן איז געבוירן גע־וואָרן אַ קינד, און דאָס קינד איז אַ אינגל.

און ווי געטרייע קאַטאָליקן האָבן זיי דאָס קינד געטויפט, אָבער זיי האָבן אים אויך גע'מל'ט...

גע'מל'ט, פאַרשטייט זיך, ניט אין אידישן זין, נאָר צוליב „היגיענע". אַ סך קריסטן, האָבן זיי געזאָגט, זיינען היינטיגע צייטן מל די קינדער, ווייל ס'איז געזינטער...

דאָס אַלץ האָבן מיר דערציילט דער איד מיט דער אידענע, דערציילט און דערביי געגאָסן מיט טרערן. דעם חתנ'ס עלטערן, ווען זיי האָבן דערהערט, אַז דער זון האָט זיך גע'שמד'ט, האָבן געטאָן אַזוי ווי מען האָט אַלעמאָל געטאָן ביי אידן: געריסן קריעה, געזעסן

שבעה, אויסגעמעקט פון האַרצן און פּטור. נאָר זיי, דער מיידל׳ס עלטערן, וואָס זיינען געזעסן פאַר מיר, זיי האָבן ניט געהאַט דעם כּוח אַזוי צו האַנדלען. זיי גייען צו די קינדער און די קינדער גייען צו זיי, האָבן זיי מיר דערציילט, און מען האָט ליב דאָס אייניקל, נאָר דערביי גייען אויס די כּוחות פון האַרצווייטאָג.

און נאָך אַ זאַך איז געווען דערביי: אין הויז איז געווען נאָך אַ טאָכטער, אַ שוועסטער פון דער משומדת, און דער איד מיט דער אידענע האָבן געציטערט: ווי פאַרהיט מען אַז זי זאָל אויך ניט אַריינ־געצויגן ווערן אין דער נעץ פון שמד.

דערצו איז עס געווען אַ מיידל וואָס איז געשטאַנען אין שידוכים: ווען די וועלט זאָל זיך דערוויסן פון די צוויי משומדים אין דער משפּחה, צי וועט דאַן אַ אידישע משפּחה נאָך וועלן זיך משדך זיין מיט זיי?

און ווען דאָס גע׳שמד׳טע פּאָרל פלעגט קומען צו גאַסט, פלעגט מען פאַרשליסן טיר און טויער, אַראָפּלאָזן די פאַרהאַנגען איבער די פענסטער, אַזוי ווי דער טויט וואָלט אַריינגעקומען אין הויז אַריין.

דער עיקר צו שאַצן אין דער דאָזיגער געשיכטע איז די פאָלגנדע סיטואַציע, אַ גאַנץ מערקווירדיגע און אייגנאַרטיגע: דאָ זיינען ניט געווען אַריינגעמישט קיין גוים. דאָ איז דער שמד ניט געקומען דורך געמישטער היראַט. דאָ איז געווען אַ ריין־אידישער שבט וואָס איז פון זיך אַליין, פון אינווייניג אַרויס, געוואָרן אַ קאַטוילישער צווייג פון אַ ריין־אידישער משפּחה.

אין גרויס פאַרצווייפלונג זיינען די עלטערן פון דער משומדת געקומען צו מיר נאָך אַן עצה, ווי אַזוי מ׳קען ברענגען די משומדים צוריק צום אידישן פאָלק, און דאָס אינגל בבריתו של אברהם אבינו.

איך האָב געקוקט מיט גרויס רחמנות אויף די צוויי צעבראָכענע שאַרבנס, דעם אידן מיט דער אידענע, וואָס זיינען געקומען צו מיר, מ׳שטיינס געזאָגט, אַז איך זאָל זיי העלפן אַרויסראַטעווען זייערע קינ־דער פון יענער וועלט. וואָס פאַר אַן עצה האָב איך זיי דען געקענט געבן? ווען איר קומט צו מיר — האָב איך זיי געזאָגט — מיט צוואַנציג יאָר פריער, האָב איך דעמאָלט געהאַט אַן עצה. היינט האָב איך ניט. מיט צוואַנציג יאָר פריער וואָלט איך אייך גע׳עצה׳ט, איר זאָלט אייער קינד געבן אַ גוטע אידישע דערציאונג, זי איינגעוואוינען צו לעבן

מיט אידישע אינטערעסן און אין אידישן שטייגער, וואָלט זי ניט געפאַלן קיין גרינגער קרבן צו עפּעס אַ רוסישער טאַנץ־לערערין, וואָס האָט מיט איר אַריינגעטאַנצט אין קלויסטער אַריין.

פונדעסטוועגן, אַוועקשיקן זיי אינגאַנצן מיט ליידיגן האָב איך אויך ניט געקענט. האָב איך זיי דערציילט די מעשה מיט דעם באַקאַנטן פראַנצויזישן גלח, ריכטיגער — אַ קאַנדידאַט אויף גלח, עימעי פּאַליער, וואָס האָט זיך באַקערט צו אידישקייט. ער האָט אָנגעשריבן אַ ווערק וואו ער דערציילט וואָס עס האָט אים געבראַכט ער זאָל פאַרלאָזן דעם קאַטויליציזם און אָננעמען דאָס אידנטום, כאָטש קיין אמת'ער גר צדק איז ער ניט געוואָרן, ווייל רבנים האָבן ניט געפונען פאַר ראַטזאַם אים מגייר צו זיין. נאָר דאָס איז אַן ענין פאַר זיך, אין וועלכן מיר קענען זיך דאָ ניט אַריינלאָזן. זיין ווערק איז איבערזעצט אויף ענגליש אויך. האָב איך זיי געראָטן זיי זאָלן נעמען דאָס דאָזיגע בוך און עס געבן זייערע צוויי משומדים איבערצולייענען, אפשר וועט דאָס זיי עפענען די אויגן.

זיי האָבן געפאָלגט מיין עצה. מיט עטליכע וואָכן שפּעטער זיינען זיי ווידער געקומען צו מיר, מיר אָפּגעבן אַ באַריכט. און דער באַריכט איז געווען אַ טרויעריגער: עס האָט, ליידער, ניט געהאָלפן: ווי געטרייע קאַטאָליקן האָבן זיי געפרעגט זייער גלח צי זיי מעגן לייענען דאָס בוך, און ער האָט געזאָגט — ניין. און זיי האָבן עס אָפילו אין האַנט ניט גענומען.

נאָר דאָס מאָל זיינען דער איד מיט דער אידענע צוגעשטאַנען צו מיר, איך זאָל גיין אַ שריט ווייטער, נעמליך, איך זאָל זיך באַגעגענען מיט די משומדים און ריידן מיט זיי, פּרואוון ווירקן אויף זיי פּערזענליך, אויפווייזן זייערע טעות'ן. אין אַנדערע ווערטער — האָבן מיט די משומדים אַ וויכוח...

און די משומדים, האָבן זיי געזאָגט, זיינען מסכים.

דער געדאַנק איז מיר געווען פּריקרע. זינט איך לעב האָב איך ג־ט צו דאַנקען קיינמאָל ניט אָנגעקוקט אַ משומד אין די אויגן. און עס האָט זיך מיר דערמאָנט די שרעק פון די מיטלאַלטערליכע וויכוחים וואָס אידן זיינען געצוואונגען געווען צו האָבן מיט די משומדים, וועלכע

פלעגן ברענגען צו די גויים מסירות אויף אידן און אויף אידישע ספרים. און איך האָב גאַרנישט געוואָלט הערן דערפון.

נאָר די אומגליקליכע טאַטע־מאַמע זיינען צוגעשטאַנען צו מיר מיט אַזעלכע תחנונים, אַז איך האָב זיי געזאָגט: איך וועל זיך באַטראַכטן. איך וועל פרעגן ביי אַ רב אַ שאלה.

דער רב האָט לאַנג געטראַכט און געזאָגט צו מיר אַזוי: וויבאַלד די משומדים זיינען וויליג זיך צו באַגעגענען מיט אייך און אויסהערן אייך, אפשר איז עס אַ סימן, אַז זיי האָבן געקראָגן ספקות אָדער חרטה און זיי זיינען גרייט תשובה צו טאָן. און אויב אַזוי, מעגט איר גיין ריידן מיט זיי.

און אין אַ שיינעם טאָג בין איך אַוועק זיך צו טרעפן מיט די צוויי משומדים. דאָס טרעפעניש איז געווען אין דעם הויז פון דעם אידן מיט דער אידענע. פאַר היימליכקייט וועגן, האָב איך מיטגענומען אַ פריינט (שלמה אַקסלראָד).

איך וועל יענע באַגעגעניש קיינמאָל ניט פאַרגעסן, אָבער די צוויי משומדים וועלן עס אויך ניט פאַרגעסן...

פון זייער צד האָט גערעדט מערסטנס דער יונגערמאַן, דאָס ווייבל איז געווען פאַרנומען מיט׳ן קינד, בלויז פון צייט צו צייט האָט זי זיך אַריינגעמישט. טאַטע־מאַמע זיינען געזעסן שטומע, און אַזוי ווי מען זיצט שבעה.

די טענות זיינען געווען טעאָלאָגישע, נאַציאָנאַלע און פערזענליכע.

איך האָב אָנגעהויבן דעם געשפרעך אַן ערך אַזוי: אַז אַ מענטש ציט זיך אַריבער פון איין דירה אין דער אַנדערער — האָב איך געזאָגט — טוט ער דאָס צוליב צוויי מאָטיוון. איין מאָטיוו איז — די אַלטע דירה געפעלט אים מער ניט; דער צווייטער מאָטיוו איז — די נייע דירה געפעלט אים בעסער. היינט אויב ס׳איז אַזוי מיט אַזאַ פשוט׳ער זאַך ווי אַ דירה, איז דאָך אַוודאי און אַוודאי אַזוי ווען אַ מענטש בייט־אויס איין רעליגיע אויף דער אַנדערער. וויבאַלד איר האָט באַשלאָסן — האָב איך געזאָגט — איבערצובייטן אידנטום אויף קריסטנטום, האָט איר דאָך געוויס זיך אַריינגעטראַכט אין ביידע אמונות, און איר האָט געפונען אַז די אידישע אמונה געפעלט אייך מער ניט, און די אַנדערע אמונה געפעלט אייך בעסער. זאָגט־זשע מיר, איך

בעט איך, וואָס איז עס אַזוינס אין אידישקייט וואָס געפעלט אייך ניט, און געפעלט אייך ניט אַזוי שטאַרק, אַז איר האָט באַשלאָסן אַרויס־צוגיין פון „דער דירה״?

שוין ביי דעם ערשטן ענטפער האָט דער יונגערמאַן געגומען פּלאָנ־טערן מיט דער צונג. וואָרים וואָס האָט ער דען געוואוסט וועגן אידנטום, אַז ער האָט כמעט גאָרנישט געלערנט, אויסער אַביסל אלף־בית? כאָטש ער איז געווען אַ שוחט׳ס אַ זון.

האָב איך אים גלייך געוויזן, אַז ער איז אַ גראָבער־יונג, אַן עם־הארץ, אַ כאַם אין אידישקייט. און דאַן האָב איך אים געפרעגט: ווי אַזוי איז עס ביי אַ מענטשן רעכט געווען זיך אָפּצוזאָגן פון אַ היסטאָ־רישער אמונה פון זיינע אבות, בעת ער פאַרשטייט אַזוי ווייניג דערפון?

מיר זיינען אַריבער צו קריסטנטום. וואָס איז עס אַזוינס דאָ אין קריסטנטום — האָב איך אים געפרעגט — וואָס האָט אים אַזוי שטאַרק צוגעצויגן, אַז ער איז געווען גרייט דערפאַר אויפצוגעבן זיין פאָלק, זיין טאַטע־מאַמע, זיינע ברידער און שוועסטער?

איך קען זיך דאָ, פאַרשטייט זיך, ניט אַריינלאָזן אין די פּרטים פון׳ם שמועס וועגן קריסטנטום. נאָר איך וויל אייך געבן אַ ציור:

איר האָט מסתמא אַמאָל געהאַט די געלעגנהייט צו זען ווי אַזוי אַ הינטל קריגט אַריין אין די ציין אַ טיכל אָדער עפּעס גלאַט אַ שמאַטע, ווי אַזוי ער רייסט עס און בייסט עס און וואַרפט עס אין אַלע זייטן, ביז די שמאַטע ווערט צעפליקט אויף פּיק־פּיצלעך. יעדן איינעם איז אַמאָל אויסגעקומען דאָס צו זען. פּונקט אַזוי, זאָג איך אייך, איז געווען מיט מיר און מיט דעם משומד׳סקן יונגענמאַן אין יענער דעבאַטע וועגן קריסטנטום. ער האָט שוין געזען ווער פון אונז ביידע קען און קריסטנטום בעסער! ער האָט געהאַט די אמת׳ע אינקוויזיציע.

ווען ער איז געווען אין אַ שטאַרקן קלעם, פּלעגט דאָס וויבל אים קומען צו הילף. און זי איז געווען ווי אַ בייזע טיגערין. אַן אמת׳ע מכשפה. פון איר מויל האָט זיך געגאָסן פּריסעק אויף אידישקייט און עס האָט זיך געגאָסן בוימל וועגן קריסטליכקייט. כאָטש פאַרשטיין דעם עניין אין תוך אַריין האָט זי פּונקט אַזוי ווייניג ווי איר מאַנדל.

אים האָב איך לאַנג געהאַלטן אויפ׳ן צימבל וועגן זיין צווייטן שמד. פריער ביסטו געווען אַ פּראָטעסטאַנט — האָב איך צו אים

געֿטענה'ט — דערנאָך ביסטו אַריבער צום קאַטויליציזם; אויב ס'איז געווען דערפאַר וואָס קאַטויליציזם איז דיר געפעלן בעסער, טאָ דערקלער מיר מיט וואָס איז קאַטויליציזם בעסער ווי פּראָטעסטאַנטיזם; און אויב ס'איז געווען צוליב ליבע, טאָ וואָס פאַר אַ ווערט האָט דיין גאַנצע אמונה?

ס'איז ניט געווען צוליב ליבע, האָט ער געֿטענה'ט, נאָר פון איבערצייגונג. ער האָט זיך איבערצייגט, האָט ער געזאָגט, אַז קאַטויליציזם איז „דהי ריעל מעקאָי" . . .

איך האָב אָנגעקוקט די צוויי פאַרשווינען און האָב זיך איינגעהערט אין זייערע רייד, און מיין שטוינען איז געווען אָן אַ ברעג: זיי זיינען אַוועק צום קריסטנטום ניט אָנהויבנדיק צו פאַרשטיין וואָס דאָס איז אַזוינס. זייער עם־הארצות אין קריסטנטום איז געווען פּונקט אַזוי גרויס ווי זייער אומוויסנהייט אין אידנטום. דאָ איז ניט געווען קיין שום אידייאישער שקלא וטריא איבער די צוויי גייסטיגע וועלטן, וואָס שטייען שוין צוויי טויזנט יאָר אין אַזאַ שאַרפער אָפּאָזיציע איינע קעגן דער אַנדערער. מען האָט ניט געוואויגן און ניט געמאָסטן און ניט געקומען לאָגיש אָדער פּסיכאָלאָגיש צו דער מסקנא, אַז איינע וועגט אַריבער די אַנדערע. מען האָט ניט געלערנט, מען האָט ניט געפאָרשט, מען האָט ניט געטראַכט, מען האָט זיך ניט פאַרטיפט, מען איז בלינד אַריינגעגאַנגען אין דער פרעמדער וועלט. ווי אַזוי־זשע איז עס רעכט געווען ביי צוויי אידישע קינדער, הענגענדיק אויף שפּינוועבס, צו מאַכן אַזאַ געוואָגטן שריט, אַוועקצוואַרפן די אמונה פון זייערע אבות, פאַרשאַפנדיק דערביי זייערע טאַטעס און מאַמעס אומבאַשרייבליכע ליידן?

איך האָב זיך געשטעלט די פראַגע און האָב זיך אַליין געענטפערט: ניין, מען קען ניט זאָגן, אַז די דאָזיגע צוויי האָבן אַוועקגעוואָרפן די אמונה פון זייערע אבות; זיי האָבן גאָרנישט געהאַט וואָס אַוועקצווואַרפן. זייערע „אבות" האָבן זיי קיין אמונה קיינמאָל גאָר ניט געגעבן. און דאָס קריסטנטום, ווידער, האָט, אין תוך גערעדט, זיי אויך ניט געגעבן קיין אמונה אין דעם זין פון אַ וועלט־אַנשויאונג. ווייל איך האָב דאָך געזען באַשיינפּערליך, אַז זיי האָבן גאָרנישט געוואוסט וואָס דאָס קריסטנטום קומט געבן דעם מענטשן און וואָס עס וויל פון דעם מענטשן. נאָר וואָס דען: דאָ האָט געשפּילט די הויפּט־ראָלע דער

אַקט פון גלויבן אַליין, די לעכצונג נאָך אמונה, די בענקשאַפט פון דער נשמה צו זיין צוגעבונדן צו עפּעס אויסער זיך און איבער זיך, די ציענייש צו זיין איינגעוועבט אין דער געהיימניש פון דער וועלט.

איך האָב דאָ געזען באַשיינפּערליך: אידישע קינדער אין אַמע־ריקע, ווען זיי גייען חס ושלום אַריבער צו שמד, טוען זיי עס ניט דער־פאַר וואָס זיי דערקענען דאָס קריסטנטום, נאָר דערפאַר וואָס זיי קענען ניט דאָס אידנטום. אָבער זיי בענקען נאָך אַ גלויבן. און ווען זיי פאַלן אַריין אין דער נעץ פון מיסיאָנערן, לאָזן זיי זיך גרינג פאַנגען, ווייל זיי זיינען אין ערגעץ ניט פאַראַנקערט, ניט אין זייער היים, ניט אין זייער פאָלק, ניט אין זייער ג־ט.

איך האָב זיי געשטעלט די פראַגע, פון אַ ריין־מענטשליכן שטאַנד־פונקט, ווי אַזוי ס'איז ביי זיי רעכט געווען צו פאַרלאָזן זייער פאָלק אין אַן עפּאָכע פון אַזעלכע שרעקליכע רדיפות אויף אידן. זייער ענטפער איז געווען: קאַטאָליקן ווערן אויך פאַרפאָלגט.

איך האָב געבראַכט מיט זיך אַ ביכל וואָס ווערט גענוצט אין קאַטוילישע קינדער־שולעס, און האָב אים געגעבן לייענען און געוויזן פונוואַנען עס שטראָמט שנאה צו אידן: דאָס אידישע פאָלק ווערט פאַרגליכן צו קינ'ען און דער נוצרי צו הבל'ן, און נאָך אַזעלכע „שיינע" זאַכן. האַלטנדיג דאָס דאָזיגע קאַטוילישע ביכל אין די הענט — האָב איך געזאָגט — שטייען מיר ביים סאַמע מקור פון אַנטיסעמיטיזם...

ענטפערט ער מיר: למאי איז דער תלמוד פול מיט שנאה אויף גויים?...

דאָ, האָב איך דערפילט, רעדט שוין דער גוי, דער אמת'ער גוי. וואָס איז פאַרגיפטעט קעגן אידן און אידישקייט, איז גרינג גלויביג אויף ליגנס און גרייט אויף בלבולים.

דאַן האָב איך געזאָגט צו אים: מיט אַן ערך הונדערט יאָר צוריק איז געווען אַ שמד־כוואַליע צווישן די דייטשישע אידן. ווייסטו וואָס עס איז געוואָרן פון זייערע אייניקלעך און אוראייניקלעך?

יע, וואָס איז פון זיי געוואָרן? האָט ער געפרעגט פאַראינטערעסירט.

זיי זיינען געוואָרן — האָב איך געענטפערט — נאַצים, וואָס האָבן געברענט אַנדערע אידן. און אָנווייזנדיג אויף זיין קליין איינגעלע האָב איך געזאָגט:

— איך האָב אַן אייניקל, איז עס אַזוי גרויס ווי דיין קינד. אָבער איך קען אין מיין דמיון זען אַ בילד אין דער צוקונפט ווי אַזוי דיין זון הויבט אַ האַק אויף מיין אייניקל...

דערמיט האָט זיך דער וויכוח געענדיגט.

נאָר די טראַגעדיע פון טאַטע־מאַמע האָט זיך דערמיט ניט גע־ענדיגט. זיי האָבן שטאַרק געזאָרגט און פלייסיג געאַרבעט חתונה צו מאַכן זייער צווייטע טאָכטער. חתונה מאַכן זי אין אַ גוט־אידישער משפחה, צו פאַרגיטיגן זיך אַליין פאַר׳ן אומגליק. זיי זיינען אַרויס־געפאָרן אין אַן אַנדער שטאָט און דאָרט האָט זיך געמאַכט אַ פּאַסיגער שידוך און דאָס מיידל האָט חתונה געהאַט. נאָר לאַנג האָט דאָס גליק ניט געדויערט. דעם מאַנ׳ס משפחה האָט זיך דערוואוסט די שאַנד פון דער פאַמיליע, און דער מאַן האָט דאָס ווייב אָפּגעג׳גט.

דעם דאָזיגן לעצטן קלאַפּ האָט שוין די מאַמע ניט געקענט אַריבערטראָגן און זי איז שנעל אַוועק פון דער וועלט. אינגיכן נאָך איר איז דער טאַטע אויך אַוועק. תנצב״ה.

די דאָזיגע טרויעריגע געשיכטע איז ניט קיין פאַראיינצלטע געשעעניש: ס׳איז אַ דערשיינונג. ס׳איז ניט קיין פּאַסירונג: ס׳איז אַ פּראָצעס. אַ שטענדיגער פּראָצעס, וואָס צאַפּט אָפּ בלוט פון אידישן גוף און צערט אים אויס. לאַנגזאַם, באַשטענדיג.

דער אידישער עולם איז אַלאַרמירט געוואָרן, אָבער ס׳האָט ניט געווירקט. הרב יהודה העכט האָט געגרינדעט אַ באַוועגונג „אַנטי־שמד״. נאָר זי האָט ניט געפונען די שטיצע וואָס זי האָט פאַרדינט.

אָבער לייענט דאָס פאָלגענדע בריוועלע, אַ לעבעדיגער דאָקומענט. ער איז געקומען אין יולי, 1959.

אין אַ צאַרטער מיידלשער האַנטשריפט האָט דער בריוו, געשריבן אין ענגליש, זיך געלייענט אַזוי:

„ליבער מר. ליבערמאַן,

גאַנץ אָפט לייענט מיר מיין מאַמע אייער קאָלום, וואָס דערשיינט אין דעם „פאָרווערטס״. איך האָב אויך געקויפט און האָב געלייענט מיט גרויס אינטערעס די ביכער, וואָס איר רעקאָמענדירט פון צייט צו צייט אין אייער קאָלום. מיט עטליכע יאָר צוריק האָב איך געהאַט דעם זכות צו לייענען אייער אייגן בוך, „דהי קריסטשיאַניטי און שלום

אש״. דערפאַר וואָס איר און אייערע ווערק האָבן מיר געבראַכט אַזוי פיל אין דער פאַרגאַנגענהייט, האָב איך מיר גענומען די פרייהייט צו שרייבן צו אייך דעם איצטיגען בריוו. צום אומגליק קען איך ניט, ניט לייענען און ניט שרייבן קיין אידיש — דעריבער מוז דער דאָזיגער בריוו זיין אין ענגליש.

„ערשט דאָ ניט לאַנג צוריק, אויף אַ רייזע קיין טענגעלוואוד, האָב איך אָנגעטראָפן אַ גרויסע צאָל קריסטליכע מיסיאָנערן. מיר האָבן געהאַט צוזאַמען אַ סך שמועסן וועגן דער ביבל, וועגן רעליגיע, אַפילו וועגן בודהיזם. זייערע אַרגומענטן פאַר קריסטנטום זיינען געווען אַזוי איבערוועלטיגנד, אַז איך האָב קוים געקענט אַרויסקומען די צווייט־בעסטע אין מיין פאַרטיידיגונג פון אידנטום. זייער פאָרשטעלונג פון קריסטנטום איז געווען אַזוי מעכטיג, אַז ווען איך האָב באַטראַכט דעם עולם אַרום זיך, האָב איך באַמערקט אַז אַפילו אידן זיינען געזעסן און האָבן געוויינט וואָס „אידן זיינען געווען פאַראַנטוואָרטליך פאַר׳ן טויט פון אַזאַ געטליכן מענטשן״. איך האָב ניט געקענט דערטראַכטן קיין פילאָזאָף אָדער נביא וואָס זאָל זיין אַזוי גרויס ווי זייער יעזוס, לויט ווי זיי האָבן אים פאַרגעשטעלט. קיין אידישער געזעץ האָט ניט אויסגעזען אַזוי „שיין״ און אַזוי ליכטיג ווי זיינער. אָה, ווי שטאַרק מיר האָט זיך געוואָלט האָבן אַן ענטפער פאַר די דאָזיגע לייט. איך האָב געוואוסט, אַז ווען איר וואָלט דאָרט געווען זיין — איר וואָלט שוין געוואוסט וואָס צו ענטפערן.

„מר. ליבערמאַן, איך האָב געהאָפט, אַז ווען איך וועל אייך שרייבן, וואָלט איר אפשר אָפּגעריסן צייט פון אייער שווערער אַרבעט און אפשר מיר געהאָלפן געפינען אַן ענטפער אָדער „אַרגומענט״ פאַר זייער טהעזיס (לערע). ווען איר זאָלט מיר רעקאָמענדירן ביכער, אָדער בראָשורן, אָדער אַבי וואָס (אויב אין אידיש, וועט מיין מאַמע זיי לייענען פאַר מיר) — וואָלט איך געווען העכסט דאַנקבאַר.

„אַן ענטפער פון אייך וועט זיין זייער אַ גרויסער כבוד פאַר מיר.

מיט דרך ארץ, (מיס) סאַנדראַ אייזענבערג

20־64 סאונדערס סטריט, פאָרעסט הילס, לאָנג איילענד״.

דער דאָזיגער בריוו איז געווען ממש אַ דונער פאַר מיר. פאַרוואָס?

צי דען איז דאָס געװען דאָס ערשטע מאָל װאָס איך האָב דערזען פּנים אל פּנים, טאַקע דורך אַזעלכע בריװ און בקשות, די גרױסע טראַגעדיע פון אונזער אויפקומענדיגן, אויסגעליידיגטן, בלאַנדזשענדיגן דור, װאָס זוכט דעם אידישן װעג און געפינט אים ניט, װייל זיינע פאָטערס און זיינע פירער האָבן אים פאַרראַטן?

קודם כל מיט זיין תמימות, מיט דער פאַרלאָרנקייט װאָס ער אַנטפּלעקט, מיט דעם שטומען געראַנגל פון אַ אידישער נשמה װאָס פילט זיך פאַרשעמט און דערנידעריגט פאַר איר אומװיסנקייט, און דערשראָקן פאַר דעם אַגרעסיװן כוח פון דעם שונא, װאָס דראָט גובר צו זיין און פאַרשלינגען איר הייליגן גלויבן, ניט מיט יענעמס העכערן אמת, נאָר מיט איר אייגענער גרעסערער אומװיסנקייט.

און אַ דונער־קלאַפּ איז דער בריװ געװען אויך דערמיט, װאָס ער קומט פון װאַנען ער קומט — פון פאָרעסט הילס, לאָנג איילענד, אין האַרץ פון ברוקלין, ביים האַרצן פון ניו־יאָרק, װאו עס שװיבלט און גריבלט מיט שולן און צענטערס, מיט רבנים און ראַבאַיס, רביים און חסידים, מיט ישיבות און „היבּרוס", ציונים, יונייטעד דזשואיש אַפּיל, און אין מיטן פון דעם דאָזיגן גאַנצן אידישן קאָך איז אויסגעװאַקסן אַ אידיש קינד װאָס קען ניט שװימען אין די גוי'אישע כװאַליעס װאָס פאַר־פלייצן זי, און זי טרינקט זיך, און זי שרייט געװאַלד, און קיינער הערט ניט...

נאָר דער שפּיץ פון אַלץ, דער אמת'ער תוך און שטאָך פון דעם געװאַלטיגן בריװ, זיין חרפה און בושה, זיין טראַגעדיע, זיין אויסזיפּעץ פון נאַציאָנאַלער גסיסה, רחמנא ליצלן, ליגט אין דער שורה װאָס דערציילט, אַז אידן זיינען דאָרט, אונטער די דרשות פון די קריסטליכע פּרעדיגער, געזעסן און געװיינט „װאָס אידן זיינען געװען פאַראַנט־װאָרטליך פאַר'ן טויט פון'ם געטליכן מענטשן"...

פון דעם דאָזיגן געװיין, כ'לעבן, איז ניטאָ װער ס'זאָל לאַכן! כאַ־כאַ־כאַ, כאַ־כאַ־כאַ, כי־כי־כי!... עס דערמאָנט אין אַ װיץ. עס דערמאָנט יענע מעשה מיט איװאַן דעם פּויער און יאַנקל דעם קרעטש־מער. פּלוצלונג קומט צוגיין איװאַן און נעמט שלאָגן זיין אַלטן גוטן פריינט יאַנקל דעם קרעטשמער:

— װאָס טוסטו, איװאַן, פאַרװאָס שלאָגסטו מיך?

— איר, אידן, האָט גע'הרג'עט אונזער גאָט, יאַנקל.

— וואָס רעדסטו, דאָס איז דאָך שוין אַן אַלטע מעשה פון צוויי טויזנט יאָר צוריק!...

— אָבער איך האָב עס ערשט נעכטן אין קלויסטער געהערט...

יענע אידעלעך דאָרט ביי דער מיסיאָנערסקער אסיפה וואָס האָבן נעבעך געכליפּעט אויף אידישע זינד אין יעזוס׳עס טויט, אָט דאָ ערשט אַנומלט, אין טענגעלוואוד, זיי זיינען געגליכן צו יענעם איוואַנ׳ען, וואָס האָט זיך „ערשט נעכטן״ דערוואוסט די מעשה...

אָט וואו מיר האַלטן שוין מיט מאַנכע אידן אין אַמעריקע: אויף דער מדרגה פון איוואַן דעם פּויער.

און אפשר נאָך גאָר ווייטער צוריק, ביים נביא וואָס האָט געקלאָגט:

„הנה שם הנשים יושבות מבכות את התמוז״, אָט זיצן דאָרט די ווייבער און באַוויינען דעם תמוז (יחזקאל ח׳, י״ד).

וואו נעמט מען דעם נביא פאַר די אידן אין אַמעריקע?

# טראַגעדיעס פון אידישער אַסימילאַציע

מיר גייען ווייטער אין אונזערע זוכונגען אין דער אידישער ווירקליכקייט אין אַמעריקע. אָנצוקוקן דאָס פּנים פון דעם דור וואָס וואַקסט אויף אָן אידישער דערציאונג, דאָס פּנים פון אידישער אַסי־מילאַציע. איך רוף עס: גייען אַפריכטן גלות.

ס'איז ניט גלייך דאָס ריידן פון אַסימילאַציע אין אַבסטראַקט, און דאָס זען זי ווי זי אַרבעט זיך אויס אין דער ווירקליכקייט, אין דער פאָרם פון קאָנקרעטע פאַלן.

מיר האָבן שוין געזען אַ קאָנקרעטן ביישפּיל פון שמד. אַ סך, אַ סך מער פאַרשפּרייט ווי שמד איז די טראַגעדיע פון געמישטער הייראַט. די געמישטע הייראַט איז כמעט געוואָרן אַ מגפה. ס'איז געוואָרן אַ גרויס איינשטעלעניש אַריינצוגיין אין אַ שמועס מיט אַן אַמעריקאַנער אידן וועגן זיין משפּחה, וואָרים איר זייט עלול זיך אָנצושטויסן אין אַ גוי אין דער משפּחה.

נון, שמד און געמישטע שידוכים זיינען ליידער ניט קיין נייעס אין דער אידישער געשיכטע. נאָר ביי די אַמעריקאַנער אידן איז דאָ צו פאַרצייכענען איינציגע ספּעציפיש אַמעריקאַנער שטריכן. אַמאָל ביי אידן, אַז אימיצער האָט זיך, ג־ט באַהיט, גע'שמד'ט אָדער חתונה

געהאַט מיט אַ גוי אָדער גוי׳ע, איז די מטורפ׳ע פערזאָן אַוועק פון איר הויז און איז אַרויס פון דער אידישער סביבה, און מען איז פון איר פּטור געוואָרן. אַזאַ איד איז אויסגעשפּיגן געוואָרן פון אידישן כלל און ער האָט זיך אַליין אויך אָפּגעשניטן פון אידן. ער איז אַוועק צו אַל־די־רוחות.

אָבער היינט אין אַמעריקע, בעוונותינו הרבים, בלייבט דער נפש אויף זיין אַלטן אָרט אין זיין משפחה און אין דער אידישער געזעלשאַפט. אָנשטאָט אַוועקצוגיין צו די גוים, ברענגט ער אַריין די גוים צו די אידן. ער בלייבט, און עס אייטערט די וואונד, און דער גוף ווערט פאַרגיפטעט ווייטער און ווייטער. און די מגפה מערט זיך לויט געאָמעטרישע פּראָגרעסיע: נישט איינער אַמאָל אין אַ שמיטה, נאָר אויפ׳ן שטייגער פון צוויי מאָל צוויי איז פיר, פיר מאָל פיר איז זעכצן, זעכצן מאָל זעכצן... עס איז געוואָרן אַ היפש אָפּטע זאַך צו באַגעגענען גוי׳אישע מחותנים אויף אידישע שמחות, חתונות, ברית׳ן, און בר־מצווה׳ס, אָדער גוי׳אישע אבלים אויף אידישע לוויות.

און וועלכע דראַמעס דאָס ברענגט, און מיט וועלכע טראַגעדיעס עס זיינען פול אידישע הייזער ווי אַ פועל יוצא פון אָט דעם לאַנגזאַמען, טאָג־טעגליכן נאַציאָנאַלן זעלבסטמאָרד אונזערן! נאָר קיינער מאַכט זיך גאָרנישט דערפון, קיינער רייסט זיך ניט דעם פּעלץ, קיינער רייסט קיין קריעה ניט, און דאָס האַרץ אַוודאי ניט. אַזוי ווי אַלע אונזערע כלל־חולאת׳ן, איז אויך די דאָזיגע חולאת איבערגעלאָזט געוואָרן אויף הפקר, אָן אַ רופא און אָן אַ טאָטער. די ליטעראַטור פוילט זיך עס גאָר צו פאַרצייכענען, ווער שמועסט זיך פאַרטיפן אין דער נאַציאָנאַלער טראַגעדיע, אָדער כאָטש אין די פּערזענליכע טראַגעדיעס וואָס די געמישטע הייראַט איז גורם, פאַר די ערשטע פּרינציפּאַלן, און פאַר די קינדער נאָך זיי. עס איז נישטאָ קיין קול מיט אַ גרויסן געשריי, קיין אויטאָריטעט מיט אַ שטרענג וואָרט, אָדער אַן אינסטאַנץ מיט אַ ווייכער צונג, צו באַקעמפן, צו וואָרענען, אויפצוקלערן און באַלערנען, זאָל שוין זיין נאָר וועגן די פּערזענליכע טראַגעדיעס וואָס קומען אַרויס און פאַראומגליקן גאַנצע משפחות משפחות׳ווייז.

אַפילו די רבנים אין די שולן ווייסן, אַז ווען זיי רירן אָן די פראַגע, טרעטן זיי אויף געפערליכן באָדן, ווייל די מעגליכקייט איז

ניט אויסגעשלאָסן, אַז דער פּרעזידענט פון דער שול, אָדער דער גבאי, אָדער ביידע, און אַ טוץ בעלי־בתים, זיינען, מ׳זאָל אויסגעהיט ווערן, פאַרוועבט אין דער נעץ פון אידיש־גוי׳אישער משפחה׳שאַפט.

לאָמיר שטיל עפּענען עטליכע טירן פון אידישע הייזער, אַריינשטעקן דעם קאָפּ און כאַפּן אַ שנעלן קוק. בלייבן לאַנג קענען מיר ניט: ס׳זיינען ליידער דאָ צופיל אַזעלכע הייזער צו באַקוקן...

נאָר צום אַלעם ערשטן וועלן מיר זיך אַריינכאַפּן אין אַ הויז, וואו מ׳עפנט אונז אַליין די טיר און מ׳פאַרבעט אונז ממש. אדרבא, לייענט:

„חשוב׳ער פריינט חיים ליבערמאַן: איך בין אייערער אַ שטענדיגער לייענער, און איך געפין זיך איצט אין אַ פאַרלעגנהייט און איך נויטיג זיך אין אַן עצה.

איך האָב אַן אייניקל פון אַ טאָכטער, וואָס קומט פון אַ קריסטליכן טאַטען.

דאָס קינד איז גע׳מל׳ט לויט דעם אידישן דין, כאָטש מען האָט מיך געראָטן אים ניט מל צו זיין, אָבער מיין אַבזיכט איז געווען צו פאַרהיטן, אַז דאָס קינד זאָל ניט אויסוואַקסן קיין אַנטיסעמיט, ווייל די אידישע מילה וועט זיין אַ שטערונג.

דאָס קינד איז שוין היינט אַ בחור און האָט זיך באַקענט מיט אַ קריסטליך מיידל, און איצט טראָגט ער אויף זיין האַרצן דעם „צלם", און אין זיין אויטאָמאָביל איז אויסגעהאַנגען גאָר גרויס די „הייליגע מאַמע", כאָטש אין אַלע מיינע יאָרן אין אַמעריקע האָב איך אַזוינס קיינמאָל ניט געזען אין אַ קריסטליכן אויטאָמאָביל...

איך וויל באַמערקן, אַז דאָס קינד האָט באַזוכט אַ אידישע שולע עטליכע זמנים, אָבער אידישקייט האָט זיך צו אים ניט צוגעקלעפּט. אפשר איז דאָס מיין שולד, אָבער עס זיינען געווען אומשטענדן זייער שטאַרקע וואָס איך האָב ניט געקענט פאַרהינדערן, נעמליך, דער טאַטע מיט דער מאַמען האָבן זיך געשיידט און די מאַמע האָט געטאָן אַלץ וואָס זי האָט געדענקט אַז דאָס וועט העלפן, אַז דער מאַן זאָל זי ניט פאַרלאָזן. און איצט האָט זי אַן אַנדער מאַן, אויך אַ קריסט, און זיי קומען צו אונז און מיר צו זיי.

און איצט ווייל די טאָכטער אַז מיר זאָלן קומען צו דער חתונה. מיין פרוי און איך אַנטזאָגן זיך צו קומען, כאָטש מיר זיינען ניט רעליגיעז.

מיר בעטן ביי אייך אַ פּריוואַטן בריוול מיט אייער מיינונג. זאָלן מיר גיין צו דער חתונה, אָדער ניט?

די כלה און איר פאַמיליע זיינען פרומע קאַטאָליקן.

מיט דאַנק".

איר פאַרשטייט דעם טראַגישן פּלאָנטער? איך האָב בשום אופן ניט געקענט דורכדרינגען די רעטעניש פאַרוואָס צו דער טאָכטער מיט איר קריסטליכן מאַן איז רעכט צו גיין, און צום אייניקל מיט דעם קריסטליכן ווייב — ניט.

און אַצינד לאָמיר גיין צו אידן איבער די הייזער, ניט געבעטענער־הייט. ערשטע טיר:

עס דערציילט מיר אַ דירעקטאָר פון אַ באַוואוסטן אידישן מושב זקנים אין ניו־יאָרק, אַז ער האָט גראָד יענעם טאָג, ווען מיר האָבן זיך געטראָפן און זיך צעשמועסט, דערהאַלטן אַ בריוו, וואָס הויבט זיך אָן אַזוי:

„מיין טאָכטער האָט חתונה געהאַט מיט אַ שייגעץ, מיין זון האָט חתונה געהאַט מיט אַ שיקסע, און איך אַליין גיי אונטער, כ׳קען דאָס פּנים ניט ווייזן פאַר לייטן... נעמט מיך אַריין צו זיך"...

לאָמיר עפענען אַן אַנדער טיר: געגאַנגען אַ יונגערמאַן צו אַ דאָקטאָר זיך היילן פון אַ קראַנקהייט.־ ביים דאָקטאָר האָט געאַרבעט אַ נוירס, אַ קאַטאָליטשקע. האָט מען זיך פאַרליבט און חתונה געהאַט.

דעם בחור׳ס מאַמע האָט געוויינט און געקלאָגט, נאָר ס׳האָט ניט געהאָלפן. דער טאַטע איז געווען נאָכגיביגער. בעט זיך די מאַמע ביי דער שנור: זיי זיך מגייר. זאָגט די שנור: איך האָב אַן אַלטע פרומע באָבע, קען איך זי ניט מצער זיין. איכ׳ל וואַרטן ביז זי וועט שטאַרבן, דערנאָך וועט מען זען.

בעט זיך ווייטער די מאַמע: נעם אַראָפּ דאָס צלמ׳ל פון האַלז, ווייניגסטנס ווען דו קומסט צו מיר אין הויז. ענטפערט די שנור: זאָל זיך דיר דוכטן, ס׳איז אַ בראָשקע. פּסח קומט דאָס פּאָרפאָלק צו די סדרים, און די גוי׳אישע שנור זאָגט אַפילו די הגדה. נאָר זי זאָגט

עס אין ענגליש. זאָגט דער יונגערמאַן אויך אין ענגליש. זאָגן שוין טאַטע־מאַמע אויך אין ענגליש. נאָר די מאַמע איז איינגעדאַרט געוואָרן פון צער, געקראָגן שווינדל און פאַרלוירן די קראַפט אין די פיס.

מיר עפענען אַ דריטע אידישע טיר און קוקן אַריין. אַ ביש׳קשה׳־דיגע היים, מיט שפורן פון אַ געוועזענער שיינער באַלעבאַטישקייט, נאָר עס זיצט אַן איבערמיטליעריגע פרוי עלנט אַליין. האָט זי ניט קיין מאַן? יאָ, זי האָט. האָט זי ניט קיין קינד? יאָ, זי האָט אַ זון. טאָ פאַרוואָס זיצט זי איינע אַליין בייטאָג און ביינאַכט, שבת און וואָך?

ווען דער זון האָט געדינט אין דער אַרמיי ערגעץ ווייט אין פּאַסי־פיק, איז איינמאָל אָנגעקומען פון אים אַ בריוו בזה הלשון: „צו אייך אין הויז וועט קומען אַ מיידל וואָס איך האָב דאָ קענען געלערנט. זי האָט קיינעם ניט אין ניו־יאָרק. וואָלט איך געוואָלט איר זאָלט זי לאָזן וואוינען ביי אייך ביז איך וועל קומען אַהיים. ס׳וועט אייך אויך זיין היימליכער. זייט גוט צו איר, וואָרים זי איז דאָ געווען גוט צו מיר און מיר אַרויסגעהאָלפן".

אין אַ שיינעם פרימאָרגן קומט און קלאַפּט אָן אין טיר אַ יונג מיידל, ווי דער זון האָט געשריבן. די עלטערן האָבן זי אויפגענומען בכבוד גדול און איר געגעבן אַ צימער. פון אַ צלמ׳ל אויפ׳ן האַלז האָבן זיי באַלד געזען אַז ס׳איז אַ קריסטין. מ׳האָט זיך איינגעלעבט פריינטליך.

אין אַן ערך אַ יאָר אַרום קומט דער זון צוריק פון דער אַרמיי, און עס שטעלט זיך אַרויס אַ קלייניגקייט:

דער בחור האָט זיך דאָרט אין די ווייטע מקומות אין פּאַסיפיק באַקענט מיט דעם מיידל און זיך פאַרליבט אין איר. און האָט חתונה געהאַט מיט איר. און האָט זיך גע׳שמד׳ט. און האָט געשיקט דאָס ווייבל אַ צייט פאָראויס צו לעבן מיט זיינע עלטערן, כדי זיי זאָלן זי קענען לערנען, זיך געוואוינען צו איר און זיך איבערצייגן וואָס פאַר אַ געראָטענעם שידוך ער האָט געטאָן, און ס׳זאָל ניט זיין קיין טראַ־געדיע...

ס׳איז אָבער אַרויס אַ גרויסע טראַגעדיע.

די מאַמע האָט עס בשום אופן ניט געוואָלט אָננעמען: זי האָט ניט געקענט פאַרשעמען דעם אָנדענק פון איר פאָטער און זיידן, וואָס

זיינען געוועזן גרויסע רבנים. און זי האָט אַרויסגעטריבן דעם זון און זיין ווייב פון הויז. דער פאָטער איז געוועזן אויפ'ן זונ'ס צד. איז געוואָרן אויס שלום בית צווישן טאַטע־מאַמע אויך, אַזוי לאַנג ביז דער טאַטע איז אויך אַוועק פון הויז.

און דערפאַר זעען מיר די מאַמע זיצן איינע אַליין אין אַ צעבראָכן הויז וואו ס'איז פריער געוועזן אַ פרידליכע און גליקליכע היים...

# אַן עונג שבת אין אַמעריקע

איינמאָל, שבת שירה, תשי״ח, איז עס געווען, האָב איך שבת געהאַלטן ביי דעם חשוב׳ן קאָלעגע שריפטשטעלער, מיטאַרבעטער פון „פאָרווערטס״, הרב אהרן בן־ציון שורין, אין ברוקלין. פרייטאָג־צו־נאַכטס, נאָכן עסן, זיינען אַריינגעקומען אידן פון דער געגנט גוט־שבת ביטן. געווען צווישן זיי ראשי־ישיבה, אויך אַ לערערין אין אַ רעליגיע־זער מיידל־שול, און דער רבי פון איינעם פון די אינגלעך פון הרב שורין. מ׳האָט געטרונקען טיי, צוגעביסן, און דער רבי האָט פאַרהערט דאָס אינגל אין דער סדרה פון דער וואָך, ווי עס פירט זיך ביי אידן פון שנים קדמוניות.

פון פאַרהערן דאָס אינגל איז מען אַריבער צו דעם ענין פון אידישער קינדער־דערציאונג אין אַמעריקע. פון דער אידישער קינדער־דערציאונג — צו דער אַמעריקאַנער קינדער־דערציאונג בכלל. פונ־דאַנען איז שוין געווען איין שפרונג צו דער טעמע פון טאָג — צו דעם שרעקליכן מצב פון דעמאָראַליזאַציע אין די אַמעריקאַנער פּאָבליק סקולס. ביז סוף כל סוף דער שמועס האָט זיך פאַרשפּיצט אויף דער אַסימילאַציע, וואָס האָט זיך פאַנאַנדערגעגאָסן אויף דער אידישער גאַס, און אויפ׳ן חורבן וואָס די געמישטע חתונות ברענגען אין אידישן לעבן.

דאָ זיינען געזעסן מערסטנס פאַכמענטשן אין דעם געביט פון חינוך און יעדער איינער האָט געהאַט עפּעס צו זאָגן און צו דערציילן פון אייגענער פּראַקטיק. און ס׳האָט זיך געפּלאָכטן ווי אַ קייט : וואָס איינער האָט דערציילט, האָט דערמאָנט דעם אַנדערן עפּעס ענליכס, און אַזוי האָט זיך באַקומען אַ מין אַלגעמיינער איבערבליק פון דעם גייסטיגן אידישן מצב אין גאָלדענעם לאַנד.

אַנגעהויבן האָט אַ ישיבה־לערער. ער האָט דערציילט עפּעס וואָס האָט געדאַרפט, נאָך זיין מיינונג, דינען ווי דער בעסטער ביישפּיל פונ׳ם מישמאַש וואָס קאָכט זיך אויף דער אידישער גאַס.

מ׳האָט געבראַכט אין אַ אידישער שולע פאַרשרייבן אַ אינגל, וואָס האָט געהייסן : מאָרדעקאַי־פּיטער. פרעגט מען די מאַמע, וואָס האָט אים באַגלייט : „וואָס איז עס פאַר אַ קאָמבינאַציע : מאָרדעקאַי־פּיטער ?״

ענטפערט זי : „דאָס זיינען צוויי נעמען נאָך צוויי זיידעס, אַ איד און אַ גוי : דער אידישער זיידע האָט געהייסן מרדכי, און דער גוי׳־אישער האָט געהייסן פּיטער״...

דערויף איז אַרויס די לערערין פון דער פרומער מיידל־שול און האָט דערציילט אַ מעשה וואָס איז פאַרלאָפן ביי איר אין קלאַס :

איינע פון די זאַכן וואָס זי לערנט מיט אירע תלמידות איז דער ענין ליכט־בענטשן. זי דערקלערט זיי דעם זינען פון ליכט בענטשן, די באַדייטונג דערפון, די שיינקייט דערפון, די אידישקייט דערפון, און אויך די ברכות דערצו. זי מאַכט עס, זאָגט זי, זייער דעליקאַט, זייער פאָרזיכטיג, כדי ניט צו פאַרשאַפן קיין ווייטאָג יענע תלמידות, וואָס זייערע מאַמעס בענטשן ניט קיין ליכט. אָבער ביסלעכוויז ברענגט עס דערצו, אַז אַזעלכע תלמידות ווירקן אויף זייערע מאַמעס און זיי הויבן אָן בענטשן ליכט.

געווען אָבער איין מיידל אין קלאַס, וואָס איז געבליבן פּאַסיוו צו דעם ענין. האָט די לערערין זיך געווענדט צו איר מיט באַזונדערער אויפמערקזאַמקייט : צי בענטשט מען ליכט ביי איר אין דער היים ? ניין. פאַרוואָס ? די מאַמע אַרבעט און זי קומט אַהיים שוין לאַנג נאָך דער צייט פון ליכט בענטשן.

טאָ בענטש דו אַליין ליכט, גיט איר די לערערין אַן עצה. דער

געדאַנק געפּעלט דעם מיידל, נאָר די צרה איז, וואָס ביי זיי אין הויז איז גאָר ניט בנמצא אַזאַ זאַך ווי לייכטער...

מאַכט די לערערין: וועל איך דיר געבן אַ פּאָר לייכטער און איך וועל דיר געבן אַ פּאָר ליכט.

אַזוי איז געבליבן. אויף מאָרגן האָט די לערערין געבראַכט אַ פּאָר גלעזערנע לייכטערלעך מיט ליכט און געגעבן דעם מיידל.

געקומען מאָנטאָג אין קלאַס, פרעגט די לערערין דאָס מיידל ווי עס איז איר געגאַנגען מיט׳ן ליכט בענטשן. ס׳איז געגאַנגען זייער גוט, דערקלערט דאָס מיידל אַ צופרידענע. און וואָס האָט די מאַמע געזאָגט? ווען די מאַמע איז געקומען זיינען די ליכט שוין געווען אויסגעברענט. און דער טאַטע? דער טאַטע איז אויך ניט געווען אין דער היים. האָט קיינער פון דעם הויזגעזינד גאָר ניט געזען ווי דו האָסט געבענטשט ליכט?

יאָ, די באָבע האָט געזען...

דאָ איז שוין די לערערין געוואָרן אַביסל פאַרוואונדערט: ס׳איז דאָ אַ באָבע אין הויז און זי בענטשט ניט קיין ליכט אויף שבת?

מיין באָבע איז אַ קאַטאָליטשקע, האָט די מיידל אויפגעקלערט דער לערערין...

די מעשה מיט דער קאַטוילישער באָבע האָט אויפגעוועקט נאָך אַ שענערע מעשה אין זכרון פון איינער פון די געסט, וועלכע האָט דערציילט:

זי קען אַ פאַמיליע פון אַ געמישטן פאָרפאָלק, נאָך יונגע מענטשן: ער איז אַ איד און זי איז אַ קריסטין. און זיי האָבן אַ קינד, אַ קליין מיידעלע. און ביידע פאָר שווער און שוויגער לעבן: דער טאַטע און די מאַמע פון דעם אידן, און דער טאַטע און די מאַמע פון דער קריסטין.

און די יונגע מאַמע וויל פאַרשאַפן נחת ביידע זיידעס און באָבעס פון זייער אייניקל. איז ווען עס קומען צו גאַסט די קריסטליכע זיידע און באָבע, טוט אָן די מאַמע דעם קינד אַ צלמ׳ל אויפ׳ן האַלז. און ווען עס קומען אָן צו גאַסט די אידישע זיידע און באָבע, נעמט זי אַרונטער פונ׳ם קינד דאָס צלמ׳ל, און טוט אים אָן אַ מגן־דוד׳ל...

און ווי איז ווען ביידע צדדים קומען אין איין צייט?

אַזוי ווייט האָבן מיר זיך שוין ניט געגריבלט, דאָרט ביי דער

פרייטאָג־צונאָכטיגער מסיבה אין דעם פרומען אידישן הויז אין ברוקלין.

דאָן איז געקומען מיין רייע צו דערציילן עפּעס, וואָס האָט זיך מיר דערמאָנט.

געווען אַ געמישט פּאָרפּאָלק, ער אַ איד, זי אַ קריסטין, און געהאַט האָבן זיי אַ מיידעלע פון אַ יאָר זיבן. אָנגעהויבן האָט זיך עס, פאַר־שטייט זיך, מיט אַ הייסער ליבע, ווען ביידע, ער און זי, האָבן נאָך געלערנט אין הײ־סקול. קיין רעליגיע איז זיי ניט געשטאַנען אין וועג, ערשטנס, ווייל ביידע האָבן זייער ווייניג געוואוסט און געזאָסן דערפון ביי זייערע עלטערן אין דער היים, און צווייטנס — וואָס פאַר אַ האַפּט האָט רעליגיע קעגן ליבע אין אַמעריקע? ליבע איז שטאַרקער ווי אַלץ. די ליבע געווינט שטענדיג — אין די פילמען...

חתונה געהאַט, האָט מען, פאַרשטייט זיך, ניט אַריינגעלאָזט קיין סימן פון רעליגיע אין הויז. ניט ער פון אידישקייט, ניט זי פון איר גוי׳אישקייט. און אַזוי האָט מען אָפּגעלעבט רואיג און צופרידן ביז...

ביז דאָס מיידעלע איז קראַנק געוואָרן און איז געשטאָרבן...

איבער׳ן טויטן קערפּער פון זייער קינד האָבן זיי צום ערשטן מאָל דערזען דאָס ערנסטע פּנים פון לעבן. זיי האָבן דערזען דעם טויט.

ליבע קען זיין פאַרשייט, אָבער דער טויט איז שטענדיג פרום.

האָט זיך דערוועקט עפּעס אַן אומקלאָרע פרומקייט אין זיין האַרצן, און אַן אומבאַשטימטע פרומקייט אין איר האַרצן, און ביידע האָבן געוואָלט זייערע פרומע געפילן אויסגיסן איבער׳ן קערפּער פון דעם טויטן קינד.

ווי אַזוי מאַכט מען עס? זאָל מען דעם קינד געבן אַ אידישע לוויה? זאָל מען איר געבן אַ קריסטליכע לוויה?

האָט מען זיך געאייניגט. מ׳האָט זיך געאייניגט אויף אַ לוויה האַלב אַ אידישע און האַלב אַ קריסטליכע:

זי האָט גערופן אַ גלח צו האַלטן אַ הספד אויפ׳ן קינד, און ער האָט גערופן אַ ראַבאַי.

אַ ראַבאַי, וואָס האָט הפּנים ניט געוואוסט, אַז אין געמישטער הייראַט גייט דאָס קינד לויט דער מאַמע, און אַזוי איז דאָס מיידעלע געווען בפירוש אַ קריסטליכע, אָדער אויב ער האָט יאָ געוואוסט, האָט עס אים ניט אויסגעמאַכט.

נאָר די לוויה האָט מען נאָך ווי עס איז געקענט צעטיילן אויף צוויי העלפטן, אָבער וואָס טוט מען מיט דער קבורה? זאָל מען דאָס קינד לייגן אויף אַ אידישן בית־עולם? אויף אַ קריסטליכן?

איז באַשלאָסן געוואָרן צו וואַרפן גורל. און אַזוי ווי אַ גוי האָט מזל, איז דער גורל געפאַלן אויף אַ קריסטליכער סעמעטערי...

נאָך דער מעשה האָט זיך מיר דערמאָנט אַן אַנדערע, וואָס איך האָב דערציילט. אַ אידיש מיידל און אַן איטאַליענער האָבן געפירט אַ ליבע. דעם מיידל'ס טאַטע־מאַמע, אַלט־היימישע מיטלקלאַס־אידן, האָבן מיט ציין און נעגל געקעמפט קעגן דעם שידוך, אָבער זיי האָבן געהאַלטן ביים פאַרלידן זייער קאַמף. דערווייל האָט געטראָפן אַן אומ־גליק: דאָס מיידל איז קראַנק געוואָרן און איז געשטאָרבן. צוליב דער צוטשעפעניש פון דעם איטאַליענישן בחור האָבן די עלטערן געזאָרגט זייער טאָכטער זאָל האָבן דווקא אַן אמת'ע, אַן עכטע אידישע לוויה.

נאָר שפּעטער האָט דער איטאַליענער בחור דערציילט, אַז ער האָט אויך געזאָרגט פאַר דעם מיידל'ס נשמה: ער האָט בגניבה אַריינגעלייגט דער געליבטער אַ צלמ'ל אין קאַסטן; אַן דעם, האָט ער געזאָגט, וואָלט זי ניט געקענט אַריין אין גן־עדן... ווייל זי איז ניט געווען קיין געטויפטע... זי איז נאָך געווען אַ אידישקע...

לסוף האָב איך אין דער מסיבה ביים שבת'דיגן טיש דערציילט אַ פאַל וואָס קען באַטראַכט ווערן פאַר קלאַסיש אין דער טראַגעדיע פון אידישער מישונג אין אַמעריקע. ס'איז געשען אין דער שכונה וואו איך וואוין.

אַ אידישער בחור און אַ קאַטוילישע מיידל האָבן זיך פאַרליבט.ביידע זיינען געווען ליבעראַל און ביי ביידן איז ליבע געווען איבער אַלץ. האָט מען חתונה געהאַט. און אָפּגעמאַכט האָט מען, אַז ניט ער וועט אַריינברענגען עפּעס פון זיין אמונה אין הויז אַריין, ניט זי פון איר אמונה. און קינדער וועט מען אויפציען אינגאַנצן פריי: אַז זיי וועלן אויפוואַקסן וועלן זיי זיך אַליין אויסקלייבן וועלכע אמונה זיי וועלן וועלן (גלייך ווי דאָס וואָלט געווען אַן אַנצוג וואָס מ'גייט אַריין אין אַ געשעפט און מ'קויפט)...

יאָרן זיינען אַוועק. דער מאַן האָט אויפגעבויט אַ גוט געשעפט.

צוויי אינגלעך זיינען געוואַקסן. און דאָס הויז איז געווען ליידיק פון יעדן סימן פון אמונה. אַזוי ווי מ׳האָט אָפּגעשמועסט.

נאָר אָט האָט געטראָפן און דאָס ווייב איז פאַרשלאָפט געוואָרן. די קראַנקהייט איז געגאַנגען פון שלעכט צו ערגער. די פרוי האָט אָנגעהויבן טראַכטן אַז עס קומט דער טויט. און פאַר׳ן טויט האָט זי זיך דערשראָקן: עס האָט זיך אויפגעוועקט די קאַטאָליטשקע אין איר און זי האָט זיך דערמאָנט אָן דער קאַטוילישער לערע, אַז ווען מ׳שטאַרבט אָן ווידוי און אָן דעם גלח׳ס הייליגן בוימאייל, גייט מען אויף אייביגן גיהנום.

האָט זי אין געהיים אַוועקגעשיקט איינעם פון אירע אינגלעך צום גלח און אים געלאָזט בעטן ער זאָל קומען. אָבער דער גלח האָט ניט געוואָלט קומען. די קאַטוילישע קירך איז שטרענג אין אַזעלכע זאַכן: חתונה געהאַט אויסער דער קירך, קינדער ניט געטויפט, איז זי געווען ביי דער קירך אין חרם.

אַז די פרוי האָט דערהערט אַז דער גלח זאָגט זיך אָפּ פון קומען, האָט זי ערשט רעכט מורא געקראָגן און זי האָט ווידער געשיקט צו אים, און ווידער, און איינמאָל דרינגלעכער פון אַנדערן. ביז דער גלח האָט געלאָזט אַזוי זאָגן:

ער וועט קומען נאָר מיט איין תנאי: אויב עס וועט געשען און זי וועט בלייבן לעבן, זאָל זי פאַרריכטן אַלץ וואָס זי האָט פאַר־קרימט: לאָזן די זין טויפן און איינפירן אַ קאַטויליש הויז.

זי האָט צוגעזאָגט. און דער גלח איז געקומען. און כך הווה, זי איז געזונט געוואָרן אויך.

געזונט געוואָרן, האָט זי זיך גענומען מקיים זיין איר צוזאָג צום גלח. אָן דעם מאַנ׳ס וויסן איז זי אַוועק מיט אירע צוויי יונגען אין קלויסטער און זיי געלאָזט אָפּטויפן. און איין טאָג, ווען דער מאַן איז אַוועק אין געשעפט, איז זי אַוועק אין מאַרק און האָט אָנגעקויפט אַלע רעליגיעזע מכשירים פון אַ קאַטוילישן הויז, זיי געבראַכט אַהיים און זיי אויסגעהאַנגען און אויסגעשטעלט: אַ קרוציפיקס, צלמים, בילדער פון דער „הייליגער מאַמע"...

ווען דער מאַן איז פאַרנאַכט געקומען פון געשעפט, איז ער נבהל ונשתומם געוואָרן: ס׳טייטש, וואָס זיינען עס פאַר אַ נייעסן? וואָס מכוח דעם אַלטן אָפּמאַך, און אַזוי ווייטער.

דאָס ווייב האָט אים אַלץ דערציילט. דער איד, אויב מ׳קען אים רופן איד, האָט זיך דערפילט ווי אַ לייב וואָס איז אַריין אין אַ פּאַסטקע. ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ שטאַרקער רציחה און האָט זיך אַ וואָרף געטאָן און גענומען רייסן פון די ווענט די קאַטוילישע זאַכן: די בילדער, דעם קרוציפיקס...

דאָס ווייב האָט זיך גענומען ראַנגלען מיט אים, מיט קולות און געוויין. אין דער רגע האָט זיך געעפנט די טיר און די צוויי זין זיינען אַריין אין הויז. און די גוי׳ע האָט מיט פאַרצווייפלונג גענומען שרייען צו זיי:

זעט, זעט! ער וויל נאָכאַמאָל קרייציגן אונזער גאָט!...

דערהערט אַזאַ זאַך, האָבן די בנים גענומען און האָבן דעם טאַטן אָנגעבראָכן די ביינער און אים אַרויסגעוואָרפן פון שטוב...

איז דער איד אַוועק וואוינען אַליין אין אַ האָטעל.

נאָר ער האָט פאַרמאַכט די טאַש און ניט געגעבן אויף צו לעבן אין הויז אַריין.

האָט דאָס ווייב אָנגעקלאָגט אין געריכט פאַר אַלימענטן. און דאָס געריכט האָט אָפּגעפּסק׳נט:

אַמעריקע איז אַ פריי לאַנד. יעדער איינער איז באַרעכטיגט צו האַלטן דעם גלויבן וואָס ער וויל. קיינער האָט ניט קיין רעכט באַצווינגען אַ צווייטן אין זיין אמונה. דעריבער מוז דער מאַן צאָלן אַלי־מענטן.

און דער איד צאָלט ווי אַ טאַטע...

אָט מיט אַזעלכע טראַגעדיעס זיינען פול טויזנטער און טויזנטער אידישע הייזער אין אַמעריקע. מען מיינט, אַז ווען אַ אידיש קינד קריגט ניט קיין אידישע דערציאונג, קריגט ער ניט, און דערמיט ענדיגט זיך עס.

ניין, דערמיט הויבט זיך עס ערשט אָן...

און דאָס זיינען געווען די טרויעריגע מעשיות וואָס אידן האָבן זיך דערציילט ווען מען איז זיך צוזאַמענגעקומען פרייטאָג־צו־נאַכטס אויף אַן עונג שבת...

# מישמאַש

די פּלאָג פון געמישטע חתונות ביי אידן אין אַמעריקע האָט לאַנג געוואַרט אויף אַ ריכטיגער באַהאַנדלונג, און דאָס האָט זי סוף כל סוף געפונען אין אַ בוך אין ענגליש וואָס הייסט: „מיקסד מערידזש ענד דהי דזשואיש פיוטשער" (געמישטע חתונות און די אידישע צוקונפט — בלאָק פּאָבלישינג קאָ. ניו־יאָרק). דער שרייבער איז הרב דוד קירשענ־באַום, פון לאָנדאָן, קענעדע.

דאָס איז ניט קיין בוך אין געוויינליכן זין פון וואָרט: דאָס איז אַ וויגעשריי פון אַ אידן, וואָס זעט ווי אַ פייער האָט אַרומגעכאַפּט דאָס אידישע הויז אין אַמעריקע, און די מענטשן אינעווייניג שלאָפן. און ער שרייט אַ גרויס געשריי, כדי זיי אויפצואוועקן. נאָר די מענטשן שלאָפן צו שטאַרק. ווייל זיי שלאָפן פון שיכרות. די שיכרות איז וואוילטאָג, אַ לעבן פון גייסטלאָזע פּאַרגעניגנס ,אַ לעבן פון וועלכן די אידישע אידייע איז אויסגערונען געוואָרן.

הרב קירשענבאַום, גלייך אין אָנהויב פון זיין בוך, שטעלט אַוועק אַ האַרבע פראַגע: פאַרוואָס איז עס, פרעגט ער, וואָס וועגן אַלץ אין דער וועלט רעדט מען ביי אונז און מען דיסקוטירט, וועגן אַלץ רופט מען פאַרזאַמלונגען און קאָנפערענצן, נאָר וועגן דער פראַגע פון אַלע

פראַגן, דער פלאָג פון אַלע פלאָגן — געמישטע הייראַט, האָט מען אָנגענומען אַ פול מויל מיט וואַסער און מען שווייגט? אומזיסט, זאָגט ער, וועט איר זיך באַמיען ביי אַ קאָנפערענץ אַרויפצושטעלן די דאָזיגע פראַגע אויף דער טאָג־אָרדענונג צו פאַרהאַנדלען. אַפילו רבנים אין די שולן מיידן אויס צו רעדן פון דער בימה וועגן דער דאָזיגער זאַך. ער פרעגט פאַרוואָס, אָבער אין אמת'ן פאַרשטייט ער זייער גוט פאַרוואָס: די מכה האָט זיך שוין אַזוי שטאַרק און טיף איינגעגעסן אין אונזער קערפּער, אַז עס טוט וויי זי אָנצורירן. דער ראַבאַי וועט אויסמיידן צו רעדן וועגן דעם ווייל אפשר דער פרעזידענט פון זיין שול האָט אַ גוי'אישע שנור אָדער אַ גוי'אישן איידים, און צום פרעזידענט — מסתמא נאָך אַ פּאָר צענדליג אידן פון זיין קהילה.

אַנדערע האָבן מורא צו רעדן קעגן געמישטער הייראַט, טאָמער וועט מען באַליידיגן די קריסטליכע שכנים...

אונזער מחבר וואָרנט אָבער, אַז אויב מ'וועט ווייטער שווייגן, און אויב עס וועט ניט אויפגעשטעלט ווערן קיין דאַמבע וואָס וועט אָפּהאַלטן די פאַרפלייצונג, דאַן וועט ניט דוי'ערן לאַנג און מ'וועט שוין פאַרשפּאָרן אָפּהאַלטן אידישע קאָנפערענצן און אסיפות גאָר אינ־גאַנצן, ווייל ס'וועט שוין ניט זיין מיט וועמען — אַזוי גרויס איז די אַסימילאַציע דורך געמישטער הייראַט איבערן לאַנד, איבערהויפּט אין די קלענערע שטעט מיט אַ קליינער אידישער באַפעלקערונג.

הרב קירשענבאַום מאָלט אַ שרעקליך בילד פון דעם אונטערגאַנג פון דער אידישער פאַמיליע אין אַמעריקע. פון דער אידישער פאַמיליע און פאַמיליען־לעבן. געוויינליך וואַרפט מען די שולד פאַר געמישטע חתונות אויף דער יוגנט, אויפן אידישן בחור וואָס פאַרבינדט זיך מיט אַ קריסטליך מיידל, און אויף דער אידישער מיידל וואָס האָט חתונה מיט אַ גוי'אישן בחור. אָבער הרב קירשענבאַום לייגט די שולד ניט אויף דער יונגוואַרג, נאָר אויף די עלטערן. מיט די עלטערן הויבט זיך אָן די צרה, זאָגט ער, ניט מיט די קינדער.

דער סוף פון אַזעלכע חתונות פון אידן מיט גויים איז כמעט שטענדיג אַ טראַגישער, שרייבט הרב קירשענבאַום. די פּאָרפּאָלקן אַליין זיינען דאָס רוב אומגליקליך, און די קינדער וואָס קומען אַרויס זיינען נאָך אומגליקליכער. זיי ווייסן ניט אויף וועלכער וועלט זיי זיינען, וואוהין זיי געהערן, צו אידן אָדער צו גויים. זיי בלייבן געוויינליך

הענגען אינמיטן, ניט אַהין און ניט אַהער, און זיי שעלטן טאַטע־מאַמע פאַרוואָס זיי האָבן חתונה געהאַט איינע מיט די אַנדערע.

הרב קירשענבאַום שילדערט מיט שאַרפע פאַרבן דאָס אידישע פאַמיליען־לעבן אין אַמעריקע, ריכטיגער געזאָגט — דעם מאַנגל פון פאַמיליען־לעבן. און עס כאַפּט באמת אָן אַ שרעק צו טראַכטן וואָס עס איז געוואָרן פון דעם אידישן הויז און פון דער טראַדיציאָנעלער אידישער פאַמיליע, אויף וועלכע אַלע פעלקער האָבן געקוקט מיט קנאה. אין דעם אידישן הויז אין אַמעריקע איז ניטאָ קיין שבת און קיין יום־טוב, קיין תורה לערנען, קיין אידישער ספר און קיין אידיש בוך, פּאַקטיש קיין סימן פון אַ אידישן בוכשטאַב, קיין כשרות, קיין צניעות, קיין אינטערעס אין אידישע אידייען און באַוועגונגען. דאָס אידישע הויז און דאָס אידישע לעבן אונטערשיידן זיך ניט אין קיין שום פּרט פון דעם גוי׳אישן אַרום; טאָ וואָס איז דער חידוש וואָס קינדער וואַקסן אויף און הויבן גאָרניט אָן צו פאַרשטיין פאַרוואָס זיי זאָלן ניט חתונה האָבן מיט גויים?

„די אידישע היים — שרייבט הרב קירשענבאַום — איז געוואָרן אַ קרעטשמע מיט ליידיגע צימערן, אָן אַ נשמה, אָן אַ כאַראַקטער, אָן קול־טור. ווי אַזוי קען מען האָפן אויף אַ צוקונפטיגן אידישן דור, אויף אידישן המשך און אידישן קיום, פון אַזעלכע היימען? נייע שולן, טעמפּלען און תלמוד־תורה׳ס ווערן געבויט. דאָס דאָזיגע „ריעל עסטייט אידנטום" וואַקסט ווי אויף הייוון. אָבער קיינער ווייזט דערוויל ניט אַרויס קיין אינטערעס אין גאַנץ מאַכן די צעבראָכענע אידישע היים".

דאָס איינציגע וואָס פאַרבינדט נאָך אַזעלכע אידישע פאַמיליעס מיט אידן איז דיביישטייערונגען וואָס מען קריגט נאָך פון זיי פאַר אידישע צדקות אָדער פאַרן יו־דזשעי־עי. דאָס איז דער איינציגער דינער פאָדים וואָס פאַרבינדט זיי נאָך מיטן אידישן כלל. אָבער אינגיכן וועט זיך דער דאָזיגער דינער פאָדים אויך איבעררייסן, וואָרנט הרב קירשענבאַום, און וואָס דעמאָלט?

„די אידישע פאַמיליע איז געוואָרן וועלטליך — שרייבט הרב קירשענבאַום — איר וועלטליכקייט באַשטייט אין תכלית, עולם הזה און גשמיות׳דיגע פאַרגעניגנס. אויפן אָרט פון דער אידישער קדושה פון אידישן לעבן, איז געבליבן אַ חלל אָן פּרינציפּן. פאַראַן אַ סך אידישע היימען וואו דער מאַן אָדער דאָס ווייב, אָפטמאָל ביידע, ווילן

ניט טראָגן דעם יאָך פון אַ פאַמיליע־לעבן. זיי גייען זיך זייערע באַ־זונדערע וועגן, אָן פליכטן איינער צום אַנדערן. דאָס ווייב איז פאַרנומען געזעלשאַפטליך, איז זעלטן אין דער היים, און לאָזט די דערציאונג פון די קינדער צו פרעמדע, אָפטמאָל ניט־אידן. זי עסט געוויינליך אירע מאָלצייטן אין רעסטאָראַן. דער מאַן איז אַ גאַנצן טאָג אין געשעפט, אין אָוונט אין געזעלשאַפט און ער עסט אויך זעלטן אין דער היים... זעלטן זעצט זיך די גאַנצע פאַמיליע ביי איין טיש עסן". אין אַזאַ אַטמאָספערע וואַקסן אויס קינדער וואָס זיינען אָפגעפרעמדט פון אידן. וואָס איז דאַן דער חידוש אַז זיי קלעפן זיך צו צו ניט־אידישע שידוכים?

און הרב קירשענבאַום רעדט מיט ביטערן חוזק פון נאַציאָנאַליס־טישע אידן, וואָס האָבן געזאָרגט אויסצובויען אַ היים פאַרן אידישן פאָלק, אָבער האָבן ניט געזאָרגט אויפצובויען אַ היים פאַר זייער אייגענער פאַמיליע...

אויף אַזעלכע ליידיגע אידישע הייזער, ווי ס'איז אויבן געשילדערט געוואָרן, לייענט הרב קירשענבאַום די קללה פון דער תוכחה: „דו וועסט בויען אַ הויז און וועסט ניט וואוינען דערינען". און אויף די פאַרלוירענע קינדער לייענט ער אַן אַנדער קללה פון דער תוכחה: „דיינע קינדער וועלן אָפגעגעבן ווערן צו אַ פרעמד פאָלק; דיינע אויגן וועלן דאָס צוקוקן מיט ווייטאָג, אָבער דו וועסט ניט קענען העלפן"...

די רבנים, דערציילט אונז דער מחבר, ריכטיגער געזאָגט: די ראַבאַיס, האָבן געפונען אַ גרינגן מיטל ווי אַזוי צו היילן די קראַנקהייט: זיי זוכן צו ווירקן אויפן קריסטליכן שותף פון אַ געמישטן שידוך, ער אָדער זי זאָל זיך מגייר זיין. און זיי מאַכן עס זייער גרינג פאַר אַ גוי צו ווערן אַ איד דורך גיור. אָבער הרב קירשענבאַום האַלט, און מיט רעכט, אַז די רפואה איז נאָך ערגער פון דער מכה. וואָרים מיט אַזעלכע גרים ווערט אַריינגעבראַכט אַ נייער ערב־רב צווישן אידן. און הרב קירשענבאַום נעמט אונז צום ערשטן ערב־רב אין דער אידישער געשיכטע צו ווייזן וואָס פאַראַ צרה דאָס מיינט פאַר אידן. ווען די אידן זיינען אַרויס פון מצרים, דערציילט אונז די תורה, האָבן זיך אָנגע־האָנגען נאָך זיי אַ סך מצריים, וואָס זיינען באַווירקט געוואָרן פון די נסים און נפלאות וואָס זיינען געשען מיט אידן, און זיינען אַוועק איינ־איינעם מיט די אידן. שפעטער האָבן זיך אַלע צרות גענומען פון דעם דאָזיגן ערב־רב. זיי האָבן געמאַכט דעם עגל, זיי האָבן די ערשטע

ווידערשפעניגט קעגן גאָט און קעגן משה'ן ווען ס'האָט אויסגעפעלט וואַסער אָדער ווען ס'האָט געדראָט מיט הונגער. דאָס אייגענע ווערט געשען מיטן ערב־רב וואָס ראַבאַיס שלעפּן היינט אַריין צו אידן דורך די געמישטע חתונות.

הרב קירשענבאַום זעט נאָר איין אמת'ן, ריכטיגן מיטל ווי אַזוי צו ראַטעווען די אַמעריקאַנער אידן פון פולשטענדיגן אונטערגאַנג, חלילה, דורך געמישטע חתונות, און דאָס איז, אַז דאָס אידישע הויז און די אידישע פאַמיליע זאָלן זיך אומקערן צוריק צום טראַדיציאָנעלן אידישן לעבן, אַזוי ווי אונזערע טאַטעס און מאַמעס האָבן געלעבט, אַזוי ווי אונזערע זיידעס און באָבעס האָבן זיך געפירט.

הרב דוד קירשענבאַום איז געבוירן אין פוילן. ער איז געקומען קיין אַמעריקע אין 1920. מיט זעקס יאָר שפּעטער איז ער געוואָרן רב אין דער קהילה „בני משה בן יהודה" אין לאָנדאָן, קענעדע, וואו ער איז רב ביז היינטיגן טאָג. ער איז דער מחבר פון עטליכע ספרים אין ענגליש און אידיש.

קיין איד, אַ פאָטער פון קינדער, און קיין רב און מנהיג וואָס זאָרגט באמת פאַרן אידישן קיום, טאָר ניט פאַרבייגיין דאָס דאָזיגע שטורמישע ווערק.

# אַ האַלבע „בית"

הרב דוד קירשענבאַום האָט אָנגעשריבן אַ וויכטיג בוך וועגן געמישטער הייראַט אין אַמעריקע, נאָר איך גלויב, אַז יעדער רב אין אַמעריקע וואָלט געקענט אָנשרייבן אַזאַ בוך. וואָרים ס'איז ניטאָ דער רב אין אַמעריקע, וואָס שטייט ניט טאָג־טעגליך פּנים אל פּנים מיט דער דאָזיגער גרויסער נאַציאָנאַלער טראַגעדיע. ניטאָ דער רב וואָס האָט שוין ניט געזען, און וואָס זעט ניט גאַנץ אָפט, טאַטעס און מאַמעס זיצן פאַר אים מיט צעבראָכענע הערצער און דערציילן די ביטערע מעשיות.

געדענקט איר דאָס לידעלע וואָס מ'פלעגט אַמאָל זינגען ביי אידן:
„סאַ'יז געוועזן ביי מיין רבי'ן, ביי מיין רבי'ן איז געוועזן אַ גניבה"
— אַזוי קען יעדער איד היינט אין אַמעריקע זינגען: „ביי מיין רבי'ן איז געוועזן אַ צרה" מיט אַ געמישטער חתונה. ס'איז היינט די לעבע־דיגסטע טעמע אויף דער אידישער גאַס אין גאָלדענעם לאַנד. ס'איז אונזער גרויסע נאַציאָנאַלע טראַגעדיע. און עס פעלט אַפילו ניט דאָס ביסל הומאָר, וואָס אַ טראַגעדיע דאַרף האָבן, לויט דער קלאַסישער לערע פון דראַמע...

אַט זיינען צוויי פאַלן וואָס האָבן געטראָפן „ביי מיין רבי'ן", הרב יצחק אייזיק הכהן שפּירא, רב אין דער טשערנאָוויץ־בוקאָווינער שול,

224 איסט 5טע סטריט, ניו־יאָרק. ער האָט מיר דערציילט דורך טרערן און געלעכטער...

געווען, ניט אין זיין קהילה גופא, נאָר אַרום זיין שול, אַ זייער טשיקאַווער איד, וואָס איז שוין געווען אין אַמעריקע אַ היפּשע צייט. ער האָט געהערט צום פריערן דור אימיגראַנטן. געקומען קיין אַמע־ריקע און באַלד פאַרברענט אַלע בריקן הינטער זיך, וואָס האָבן אים פאַרבונדן מיט דער אַלטער היים און אירע אידישע פירעכצן. ער האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם יאָך פון מצוות סיי שבת, סיי אינדער־וואָכן, און ער פלעגט זיך נאָך איבערנעמען דערמיט. ער פלעגט מאַכן אַ דעמאָנסטראַציע דערפון וואו נאָר ער האָט געהאַט אַ געלעגנהייט.

אַזוי פלעגט ער ליב האָבן, שבת אין דער פרי, זיך אַרויסלאָזן שפּאַצירן מיט אַ סיגאַר אין מויל דווקא פאַר דעם רב׳ס שול. אידן גייען אין שול אַריין דאַווענען, און יענער איד גייט זיך אַרום אויף און אָפּ פאַר דער שול מיט אַ גראָבן סיגאַר און לאָזט אַרויס קוימענס מיט רויך. און אַז הרב שפּירא אַליין פלעגט זיך שבת אָדער יום־טוב באַווייזן אין גאַס, פלעגט יענער איד זיך פלייסן אים צו באַגעגענען, צוגיין צו אים און מיט אַ מויל רויך אים זאָגן: „גוט שבת, רבי״, אָדער „גוט יום־טוב, רבי״, ווי דער פאַל פלעגט זיין...

אַזוי פלעגט זיך דער דאָזיגער איד נוהג זיין אַפילו ראש השנה און יום־כיפּור. אַמאָל אין אַ שמיטה פלעגט ער קויפן אַן אָרט אין שול אויף די הייליגע טעג, אָבער דאָס איז אויך געווען מער צו דער־צאָרענען אידן איידער עפּעס אַנדערש. ער פלעגט זיך באַווייזן אין שול אויף אַ האַלבער שעה אין יום־כיפּור, אָבער קומען צו דער שול פלעגט ער מיט זיין אומפאַרמיידליכן סיגאַר אין מויל.

געהאַט האָט ער אַ זון. און אַ פאַבריקל האָט ער געהאַט, וואו מ׳האָט, פאַרשטייט זיך, געאַרבעט אום שבת. דער זון האָט געאַרבעט מיטן פאָטער אין דער פאַבריק.

אַז דער זון איז אונטערגעוואַקסן האָט ער פאַרפירט אַ ליבע, און דווקא מיט אַ קריסטליך מיידל. און אַז די צייט איז געקומען, האָט ער געמאָלדן דעם טאַטן, אַז ער וויל מיט דעם מיידל חתונה האָבן.

און דאָ איז געשען זייער אַ מאָדנע זאַך: דער טאַטע האָט אויפ־געהויבן אַ גוואַלד קעגן דעם שידוך: מיט אַ קריסטליך מיידל? חלילה וחס, עס טאָר ניט געשען און עס וועט ניט געשען!

מענטשן האָבן געהערט און ניט געקענט פאַרשטיין: ניט דער טאַטע האָט נאָך געהאַט אין זיך אַ פונק אידישקייט, ניט דער זון. אַז דער דאָזיגער איד זאָל זיך אַזוי איינשפּאַרן קעגן אַ קריסטליך מיידל פאַר אַ ווייב פאַר זיין זון, איז ממש געווען אומבאַגרייפליך.

נאָר ווי זאָגט די וועלט: אַ אידישע נשמה טאָר מען ניט קראַצן... דאָס פּינטעלע איד...

כדי מפצה צו זיין דעם טאַטן, האָט דער זון פאָרגעשלאָגן, אַז דאָס מיידל זאָל זיך מגייר זיין. און דאָס מיידל איז גערן מסכים געווען. נאָר דער טאַטע האָט נאָך שטאַרקער געשטורעמט קעגן אַ גר׳טע פאַר זיין זון, איידער אַ גוי׳ע...

— ממש אַ „צדיק" — האָבן אידן געשמועסט און נאָך מער געקנייטשט מיט די פּלייצעס.

אויסגעלאָזט האָט זיך דאָ ווי עס לאָזט זיך שטענדיג אויס אין אַזעלכע פאַלן: די ליבע האָט געזיגט. דאָס מיידל האָט זיך געלאָזט מגייר זיין און מ׳האָט מיט מזל חתונה געהאַט.

דאָס פּאָרל איז אַוועקגעפאָרן אויף אַ קורצן האָניג־חודש, און אַז מ׳איז געקומען צוריק, האָט מען זיך באַזעצט אין אַ פּאַרטיגער היים, וואָס איז אויסגעשטאַט געוואָרן נאָך פריער. און אָט איז דאָס פּאָרל דעם ערשטן שבת אין זייער אייגענער היים.

שבת אין דער פרי, דער יונגער בעל־הבית׳ל כאַפּט זיך אויף, טוט זיך אָן און וויל גיין צו דער אַרבעט, צום טאַטן אין פאַבריק.

מאַכט דאָס ווייבל: ניין, דו גייסט ניט. ס׳איז היינט שבת. דו מיינסט אַז איך בין געוואָרן אַ אידישקע אויף קאַטאָוועס? שבת איז שבת, און ביי מיר וועסטו שבת ניט אַרבעטן...

דער יונגערמאַן האָט זי אָנגעקוקט ווי אַ משוגענע. גענומען טענה׳ן אַהין און אַהער, נאָר ס׳האָט ניט געהאָלפן. דאָס ווייבל האָט אויסגעפירט.

דאָרט אין פאַבריקל האָט דער טאַטע דערווייל געוואַרט אויפן זון, און דער זון ווייזט זיך ניט. ער וואַרט אַ האַלבע שעה, אַ שעה, ניטאָ. טראַכט ער, ער וועט טעלעפאָנירן. ער קלינגט אָן, נאָר מען ענטפערט ניט. ער קלינגט ווייטער, מען ענטפערט אַלץ ניט.

ווען דער טעלעפאָן האָט גענומען קלינגען ביים פּאָרפאָלק אין הויז, האָט דאָס בעל־הבית׳ל זיך אַ ריס געטאָן צו ענטפערן. נאָר דאָס ווייבל

האָט אים פאַרהאַלטן: ס׳איז שבת, דער רב האָט מיט מיר געלערנט, אַז מ׳טאָר ניט נוצן דעם טעלעפאָן אום שבת.

דאָרט אין פאַבריקל, אַז דער טאַטע האָט געזען, אַז דער זון איז ניט געקומען און דער טעלעפאָן ענטפערט אויך ניט, האָט ער זיך דערשראָקן און איז הענדום־פּענדום אַוועקגעלאָפן צום זון אַהיים.

אָנגעקומען, דערציילט אים דער זון וואָס דאָ איז געשען. ער האָט געוואָלט גיין צו דער אַרבעט, האָט דאָס ווייבל ניט געלאָזט: שבת; ער האָט געוואָלט ענטפערן דעם טעלעפאָן, דאָס ווייבל לאָזט ווידער ניט: שבת.

מאַכט דער טאַטע: רעכט אויף דיר! איך האָב דיך געוואָרנט דו זאָלסט ניט חתונה האָבן מיט קיין גוי׳ע!...

דאָס איז איין מעשה וואָס הרב שפּיראָ האָט מיר דערציילט. און אָט איז די צווייטע, וואָס האָט זיך ביי אים פאַרלאָפן.

קומט אַריין צו אים אַ שיינער יונגערמאַן און אַ שיין מיידל און שטעלן זיך פאָר: ער איז אַ איד, זי איז אַ קריסטין. זיי ווילן חתונה האָבן. און זי וויל זיך מגייר זיין.

אָבער זי פאַרזאָמט ניט צו דערקלערן דעם רב, אַז זי וויל ווערן אַ אידישע ניט דווקא צוליב ליבע און חתונה מיטן אידישן בחור, נאָר דערפאַר וואָס זי האָט אָנגעהויבן צו האָבן ספקות אין איר קאַטוילישער אמונה, און איר האַרץ לעכצט נאָך אַן אמת׳ן גלויבן, און זי ווייס, אַז זי וועט עס געפינען אין דער אידישער אמונה. וויל זי לערנען.

פון אירע רייד איז דעם רב געוואָרן גרינגער אויפן האַרצן. וואָרים ליבע צו אַ בחור אָדער צו אַ מיידל איז פאַרן דין ניט גענוג, אַז מ׳זאָל פאַר אַ גוי עפענען די טיר צום אידישן פאָלק: עס ברויך צו זיין ליבע, אָבער ליבע צו אידישקייט און צום אידישן פאָלק.

נאָר דער דין איז, אַז ווען אַ גוי קומט און זאָגט, אַז ער וויל ווערן אַ איד, איז דער חוב פון דעם רב אים פריער אויפצוקלערן ווי שווער ס׳איז צו זיין אַ איד, און וואָס עס איז דער גורל פון אַ אידן אין דער וועלט. דאָס האָט הרב שפּיראָ אַוודאי ממלא געווען. נאָר ער האָט געזען, אַז דאָס מיידל איז טאַקע אויפריכטיג. זי פאַרמאָגט אַ טיפע, רעליגיעזע נשמה און זוכט גאַנצקייט אין איר גלויבן.

אַנדערע קריסטליכע מיידלאך וואָס קומען זיך מגייר זיין צוליב ליבע פרעגן אָפט דעם רב: פאַרוואָס זיינען מיר מחויב צו נעמען אויף

זיך מער ווי די אידישע מיידלאך און ווייבלאך היטן אָפּ? מיר׳ן זיין אַזוי ווי יענע... אַ קלוגער רב האָט אַזאַ איינער געענטפערט: גלאָט שיקסעס האָבן מיר דאָך אייגענע, טאָ צו וואָס טויגן אונז נאָך גר׳טעס?... אונזער שיקסע האָט ניט געהערט צו יענעם מין.

געקומען אַ צווייטן מאָל און אַ דריטן, און ענדליך האָט דער רב זיך־אָוועקגעזעצט קנעלן אידישקייט מיט דעם מיידל. אין דער זעלבער צייט האָט ער גענומען דעם בחור אויף אַ פאַרהער: ווי אַזוי פירט ער זיך? היט מען שבת ביי זיינע עלטערן אין הויז? כשרות? דאַווגט ער? לייגט ער תפילין?

און אָט וואָס הרב שפּיראָ האָט זיך דערוואוסט: ביי זיינע עלטערן אין הויז ווייס מען ניט פון קיין שבת און קיין יום־טוב, מ׳עסט טריפה אויף ביידע באַקן, אײַן שנור אין דער משפּחה איז שוין דאָ אַ גוי׳ע, וואָס האָט זיך ניט מגייר געווען, און אים אַליין, דעם בחור, דעם אמת געזאָגט, וואָלט ניט געאַרט ווען זיין מיידל בלייבט אַ גוי׳ע. פאַרקערט, ער מיינט, אַז ווען זי וועט זיך מגייר זיין וועט ער האָבן גרויסע צרות אויסצושטיין פון איר אידישקייט. נאָר מילא, וויבאַלד זי באַשטייט, איז ער וויליג איינצוגיין זי זאָל ווערן אַ אידישקע. וואָס טוט מען דען ניט צוליב ליבע!

דערהערט אַזעלכע דיבורים, האָט הרב שפּיראָ געטראַכט: ווען דאַרף מען דאָ מער „מגייר זיין״, אים, דעם אידן, צי זי, די גוי׳ע?

— ביסטו אַמאָל געגאַנגען אין אַ תלמוד תורה, אין „היברו״? — האָט הרב שפּיראָ געפרעגט דעם חתן־בחור — האָסטו אַמאָל עפּעס געלערנט אין אידישקייט?...

— יע, אַביסל געלערנט — ענטפערט דער בחור.

— און וואָס געדענקסטו נאָך פון דיין לערנען? — האָט הרב שפּיראָ אים ווייטער געפרעגט.

און הרב שפּיראָ איז דערגאַנגען אַז דער בחור געדענקט נאָך „אלף״, ער געדענקט נאָך „ביי...״ — און ווייטער גאָרניט.

מערקט אייך, מערקט אייך גוט: ער האָט ניט אַרויסגערעדט אַ פולן „בית״ מיט אַ „תו״, נאָר „ביי״, דאָס הייסט: דער שיינער, גרויסער בחור האָט געדענקט אַן „אלף״ און אַ האַלבע, בלויז אַ האַלבע „בית״.

און דאָס איז די גאַנצע „לומדות״ פון אַן אַמעריקאַנער חתן־בחור...

זיצט די שיקסע און הערט דעם „עקזאַמען" פון איר אידישן חתן. אַז דער רב איז פאַרטיג געוואָרן מיט אים, האָט זי אים ערשט גענומען אויפן צימבל:

— וואָס פאַראַ איד ביסטו? — האָט זי גענומען טענה'ן צו אים — שבת היטסטו ניט, חזיר עסטו, אין שול גייסטו ניט, אַפילו דאַווענען קענסטו ניט: ווי אַזוי קען איך מיט דיר חתונה האָבן? אויב אַ איד, וויל איך חתונה האָבן מיט אַ ריכטיגן אידן, און דו ביסט דאָך גאָר קיין איד ניט!...

און טאַקע דאָ אויפן אָרט האָט זי אים געגעבן אַן אולטימאַטום: אויב דו ווילסט איך זאָל חתונה האָבן מיט דיר, מוזטו גלייך מיט מיר, דאָ ביים רב, זיך דערלערנען וואָס אידישקייט איז. וואָס איך וועל לערנען, דאָס וועסטו אויך לערנען. און איך וועל שוין אַכטונג געבן, אַז דו זאָלסט אַלץ אָפּהיטן ווי עס דאַרף צו זיין.

דער בחור האָט מסכים געווען, אַ ברירה האָט ער געהאַט? וואָס טוט מען דען ניט צוליב ליבע!...

דעם בחור'ס מאַמע האָט געלאָזט זאָגן דעם רב, אַז איר וואָלט ניט געאַרט ווען איר זון האָט חתונה מיט דער שיקסע אַפילו אַלס גוי'ע: נאָר אויב זי איז זיך מגייר, זאָל זי געדענקען, אַז זי דאַרף די שוויגער צורו לאָזן מיט אידישקייט...

דער רב האָט פאַרשטאַנען...

און הרב יצחק אייזיק הכהן שפּיראָ האָט זיך אַוועקגעזעצט קנעלן אידישקייט מיטן בחור און מיט דעם מיידל, מיטן אידן און מיט דער גוי'ע. און ער האָט באַלד געמערקט, אַז די גוי'ע האָט אַ גרעסערע פּעולה ווי דער איד. ווארים זי האָט געלערנט מיט חשק און ער איבער גוואַלט, זי צוליב אידישקייט, און ער צוליב ליבע.

און אַזוי האָט הרב שפּיראָ געהאַט צוויי גרים פאַר זיך מיטאַמאָל: ער האָט מגייר געווען די גוי'ע, און די גוי'ע האָט מגייר געווען דעם אידן.

— „און איך ווייס ניט ווער ס'האָט פאַרדינט אַ גרעסערע מצווה" — האָט דער איידעלער רב געענדיגט דערציילן מיט אַ שמייכל, און איבערן שמייכל האָט אַראָפּגערונען אַ טרער.

דער שמייכל אויף דער קאָמעדיע, די טרער אויף דער טראַגעדיע..

וואָס־זשע איז דער סך־הכל פון דעם דאָזיקן גאַנצן ווירוואַר און מישמאַש פון איד און גוי?

ווען איר פאָרט איבער די שטעט און שטעטלעך פון אַמעריקע און איר הערט דאָרט ערגעץ רעדן פון אַ באַוואוסטער משפחה אין דאָרטיגן געזעלשאַפטליכן לעבן וואָס הייסט קאָהען אָדער ליוואַי, זאָלט איר זיין געוואָרנט און וויסן, אַז די דאָזיגע טראַדיציאָנעלע, אַפילו פאַרהייליגטע אידישע נעמען זיינען שוין היינט ניט קיין גאַראַנטיע, אַז די באַטרעפנדיגע פאַמיליע איז טאַקע אַ אידישע. עס זיינען שוין היינט דאָ אין אַמעריקע, בעוונותינו הרבים, קאָהען׳ס און ליוואַי׳ס וואָס זיינען קריסטן. זיי זיינען אַוועק אין דער קריסטליכער וועלט דורך שמד אָדער דורך געמישטער הייראַט, און זיינען דאָרט ניט געוואָרן.

גאָר אָן רעש, ניט באַזונגען און ניט באַוויינט, גליטשן זיך אַזעלכע אידישע משפחות אַוועק אין גוי׳אישער פאַרגעסנקייט, ווי עס איז צו זען פון פאָלגנדע שורות אין דער פּרעסע:

„האָליוואוד, מערץ 3. — האָליוואוד האָט דאָ היינט געמאַכט די לויה פון הערי קאָהן, פילם־מאַגנאַט, גרינדער און הויפּט פון דער „קאָלאָמביאַ פּיקטשורס קאָרפּאָריישאָן״... די לויה איז ניט געמאַכט געוואָרן מיט קיין שום ספּעציעל אידישער צערעמאָניע. אַן אָרגל האָט געשפּילט, אַ מיידל האָט געזונגען און אַ קאָמיקער האָט געזאָגט אַ תפלה. דער איינציגער קירכעמאַן וואָס איז געווען אַנוועזנד איז געווען אַ קאַטוילישער גלח, וואָס איז געקומען טרייסטן מרס. קאָהן און די דריי קינדער, וועלכע זיינען אַלע מיטגלידער אין דעם גלח׳ס קירכע. הערי קאָהן, וועלכער איז געווען 66 יאָר אַלט, איז געבוירן געוואָרן ביי אידישע עלטערן״ („פאָרווערטס״, מערץ 4, 1958).

אַזעלכע אידישע נעמען אויף קריסטליכע פאַמיליעס זיינען לעבע־דיגע מצבות אויפ׳ן גרויסן בית עולם פון אַסימילאַציע אין אַמעריקע. קיינער האָט קיינמאָל ניט געמאַכט קיין חשבון וויפיל אידן עס ליגן אויף דעם דאָזיגן בית עולם, אָבער די צאָל מוז שוין זיין זייער גרויס. באַוואוסטע אידישע פאַמיליעס, וואָס האָבן ערשט מיט אַ דור אָדער צוויי צוריק נאָך פיגורירט גאָר גרויס אין אידישן לעבן, זיינען היינט שפּורלאָז פאַרשוואונדן צווישן די גויים.

# דער פאַרשאָלטענער דור

די מכה פון אַסימילאַציע און אירע ווייטאָגן שעפּן זיך ניט אויס מיט׳ן אומגליק פון שמד און געמישטער היירא̇ט. זי ברענגט מיט זיך נאָך אַנדערע צרות. וועגן איינער פון זיי וויל איך דאָ איצט רעדן. און קומען קומט זי אַלץ פון דעם זעלבן מקור: דאָס לאָזן אויפוואַקסן אידישע קינדער אָן תורה און אָן אהבת ישראל.

איך האָב דאָ אין זינען אידישע שרייבער אין דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור. ווער וואָלט זיך געקענט פאָרשטעלן אַז פון דאַנען, פון דער האַנט פון אידישע קינדער, זאָל אויפשטיין אַ סכנה פאַר אידן אין אַמעריקע?

עס האָט זיך אין אַמעריקע באַוויזן אַ גרופּע אידישע שרייבער אין דער ענגלישער שפּראַך, וואָס שרייבן פון אַמעריקאַנער אידישן לעבן, אָדער פון כלומר׳שטן אַמעריקאַנער אידישן לעבן, און זיי דער־ציילן אַזעלכע מעשיות און מאָלן אַזעלכע בילדער פון אידן, וואָס אַמאָל איז מען געוואוינט געווען צו געפינען נאָר אין דער אַנטיסעמיטישער ליטעראַטור ביי גויים. איז ביי די גוי׳אישע שרייבער האָבן מיר גע׳טענה׳ט, אַז דאָס האָט די שנאה זיי פאַרבלענדט די אויגן און זיי „געוויזן" אַזעלכע אידן, אָדער נאָך פּשוט׳ער: זיי האָבן אויסגעטראַכט

אידן וואָס זיינען ניט געשטויגן, ניט געפלויגן. אָבער אויף אידישע שרייבער קענען מיר דאָך ניט גרינג זאָגן: ס'איז פון שנאה. די וועלט וועט ניט אָננעמען אַזאַ טענה, אַזאַ טענה גופא — שנאה פון אייגענע קינדער — וואָלט דאָך געווען אַ בייזע אָנקלאַגע אויף אידן.

איך וויל דאָ צום ליבסטן, אויף דער דאָזיגער טעמע, אָפּשיקן דעם לייענער צו אַן אַרטיקל, וואָס איז דערשינען אין „קאָנגרעס וויקלי", פון האַרלד ב. ריבאַלאָוו. דער אַרטיקל רעדט דאָרט פון איינעם פון יענעם מין שרייבער. איך וויל ניט אָנרופן דעם נאָמען, כדי ניט צו העלפן אין דער פאַרשפּרייטונג פון דעם גיפט. מיר וועלן אים דאָ רופן „איקס". און אָט וואָס מר. ריבאַלאָוו זאָגט:

מר. איקס „איז דער כהן גדול פון אַ נייער שולע פון אידישער שרייבעריי, וואָס יאָגט אָן אַ שרעק".

און מערקט אייך: ניט פון אַן איינציגן שרייבער רעדט זיך, נאָר פון אַ „שולע".

יאָ, עס איז אַ שרעק אין אַ טאָפּלטן זין. עס איז אַ שרעק, אַז אידן־שרייבער זאָלן אויסטראַכטן אַזעלכע אידישע טיפּן, אויב זיי זיינען נישטאָ, נאָך שרעקליכער איז, אויב אַמעריקאַנער אידן זיינען טאַקע דאָס וואָס יענע שרייבער שטעלן פאָר.

גענגסטערס, רעקעטירס, שווינדלער, פאַרברעכער, שיכורים, נאַר־קאָטיקער, גראָביאַנעס אָן מאָראַל, אויפגעקומענע גבירים וואָס וואַלגערן זיך אין רייכטום ווי חזירים אין בלאָטע — דאָס זיינען די פּערסאָנאַזשן פון דעם דאָזיגן מין „אידישער שרייבעריי", וואָס ווערט מיט אידישע הענט אונטערגעטראָגן דער וועלט אין דער ענגלישער שפּראַך.

פאַר פריינט אַ וויטאָג, פאַר שונאים אַ פרייד.

נאָר באַלד הער איך דעם גוט־באַקאַנטן פרעג: זיינען דען נישטאָ אַזעלכע אידן? איז עס דען ניט אמת, אַז מיר האָבן אידישע גענגסטערס און רעקעטירס, און ווי נאָך עס הייסט דאָרט דאָס שיינע געזינדל?

און נאָכדעם קומט גלייך דער צווייטער גוט־באַקאַנטער פּזמון: האָבן מיר דען ניט קיין רעכט אויף גענסגטערס און רעקעטירס גלייך מיט אַלע אַנדערע פעלקער?

אויף קיין זאַך איז ניט אַזוי שווער צו ענטפערן ווי אויף אַ נאַרישקייט. אַוודאי זיינען דאָ אידישע גענגסטערס און רעקעטירס

און נאָך ענליכע פון דעם מין, אָבער די טבע פון ליטעראַטור איז צו פאַראַלגעמיינערן, מאַכן זאַכן צו דערשיינען כאַראַקטעריסטיש, טיפּיש. זאָל דער דאָזיגער מין „אידישע שרייבעריי״ געדייען נאָך אַ צען־פופצן יאָר און אין דער פאָרשטעלונג פון דער וועלט וועט זיך אויסאַרבעטן דער באַגריף, אַז דאָס איז דער אַמעריקאַנער איד. וואָס שייך דער אַנדערער טענה וועגן אונזער „רעכט״, האָבן מיר דאָ געמאַכט זייער גרויסן פאָרשריט. עס געדענקט זיך אַ צייט, ווען מיר האָבן געפאָדערט די גלייכע בירגערשאַפט אויף בילדונג, אויף מיניסטער־שטעלעס. היינט פאָדערן מיר גלייכע רעכט אויף גענגסטעריזם, אויף שיכרות און אויף אַלע אַנדערע פּאַטאָלאָגישע דערשיינונגען פון דעם אָפּפאַל פון דער מענטשהייט. וואויל איז דיר, פאָלק ישראל! דערויף ביסטו אַרויס פון מצרים, דערויף האָסטו מקבל געווען אַ תורה, דערויף האָסטו געהאַט נביאים, דערויף האָסטו געטראָגן צוויי טויזנט יאָר גלות, כדי צו דערלעבן דעם כבוד פון גענגסטעריזם!

אויב איינער האַלט, אַז דאָס אידישע פאָלק דאַרף ליקווידירן זיין היסטאָרישע ראָל, אַראָפּנידערן פון דעם טראָן אויף וועלכן די געשיכטע האָט עס געזעצט, פאַרווישן זיין אייגענע געשטאַלט און ווערן אין זיין פאַרנאַכט גרוי ווי אַלע קעץ — דעמאָלט לאָמיר זיך לויבן מיט אונזערע גענגסטערס. נאָר אויב איינער האַלט, אַז „איד״ מיינט עפּעס — דאַן וואָס מיינט עס?

דאַן מיינט עס, אַז אידישער גענגסטעריזם איז אידישער טויט. דער טויט פון דער אידישער אידייע אין דער וועלט.

נאָר דער דאָזיגער וויכוח פירט אונז אַוועק צופיל אין אַ זייט פון אונזער עיקר טעמע. לאָמיר צוריקגיין צו אונזער הויפּט־ענין. אויב מיר זאָלן אויף איין רגע צולאָזן דעם געדאַנק, אַז די ליטעראַטור פון דער „שרעקליכער שולע פון אידישער שרייבעריי״ איז אַן ערליכע אָפּשפּיגלונג פון אידישן לעבן, דאַן וואָס פאַר אַ זין האָט אונזער קאַמף קעגן די גוי׳אישע אַנטיסעמיטישע שרייבערייען? מיר האָבן געקעמפט לאַנג און פאַר׳עקשנ׳ט צו פאַרטרייבן שעקספּיר׳ס שיילאָק פון די אַמעריקאַנער פּאָבליק סקולס. מיר האָבן געאַרבעט מעשים מ׳זאָל ניט ווייזן דעם פילם פון דיקענס׳עס „אָליווער טוויסט״ מיט זיין אידישן רבי׳ן פון גנבים. מיר זוכן צו דיסקרעדיטירן די אומסימפּאַטישע

אידישע העלדן אין אַלע ליטעראַטורן פון דער וועלט מיט דער טענה, אַז זיי זיינען פאַלשע, בייזוויליג צוגעטראַכטע, אָדער אין בעסטן פאַל אין אומוויסנקייט אויפגעפאַסטע. אָבער ווי קענען מיר נאָך ווייטער האָבן אַ פּתחון־פּה, ווען אונזערע אייגענע קינדער האָבן אָנגעהויבן צו מאָלן פאַר דער וועלט אידישע טיפּן, וואָס זיינען אָפט אַ סך ערגער און געמיינער פון די שיילאָקס און די פּייגינס?

איך גלויב, אַז עס לאָזט זיך זאָגן גאַר אָן מורא פון ווידערשפּרוך, אַז אין דער אַלגעמיינער ליטעראַטור פון דער נאָך־היטלער־פּעריאָדע איז פאַרשוואונדן דער מיאוס'ער איד. מען הערט עפּעס ניט פון בייע ראָמאַנען, דערציילונגען, דראַמעס אָדער קאָמעדיעס פון ניט־אידישע שרייבער, אין וועלכע עס ווערן אַרויסגעפירט אומסימפּאַטישע אידישע העלדן, ווי דאָס איז געווען געוויינליך אין דער ליטעראַטור פון ניינצענטן און די ערשטע דריי צענדליג יאָר פון צוואַנציגסטן יאָרהונדערט. אפשר דער דרך־ארץ פאַר דער גרויסער אידישער טראַגעדיע פון אונזער צייט, ווען פאַר דער שווערד פון אַנטיסעמיטיזם זיינען געפאַלן זעקס מיליאָן אידישע נפשות, האַלט אָפּ זייער האַנט. און אפשר זיינען זיי דערוויל זאָט: זעקס מיליאָן נפשות פאַרדייען זיך ניט אַזוי גרינג אפילו ביי אַזאַ גרויסן אַפּעטיט ווי דער אַנטיסעמיטיזם פאַרמאָגט. ווער ווייס וואָס די אמת'ע סיבה איז?

אָבער ווי שרעקליך דאָס איז, אַז אונזערע אייגענע קינדער־שרייבער זאָלן ניט האָבן קיין דרך־ארץ פאַר דער גרויסער אידישער טראַגעדיע, וואָס זיי האָבן אַליין צוגעזען!

אין דעם בוך, פון וועלכן האַראַלד ריבאַלאָוו שרייבט אין „קאָנגרעס וויקלי", ווערט געשילדערט אַ באַנדע אידישע שווינדלער, וואָס זייער שווינדל באַשטייט אין שנאָרען געלט דורכ'ן טעלעפאָן. דאָס געלט וואָס זיי שנאָרען איז מכלומר'שט אַ זאַמלונג פאַר אַ קירכע. אידן קלייבן געלט פאַר אַ קלויסטער און לאָזן דאָס געלט אַראָפּ אין קעשענע — דאַרף מען אַ בעסערע אַנטיסעמיטישע טעמע? אָבער די טעמע ווערט נאָך „פּעטער" און „געשמאַקער" דערמיט, וואָס די גרויסע אידישע צדקה, דער „יו־דזשעי־עי", ווערט אַריינגעצויגן אין דער מעשה. אַ פירער פון „יו־דזשעי־עי" איז אַזוי באַגייסטערט פאַר דעם שווינדלער אין דעם קירכן־קאַמפּיין און זיין דערפאָלג, אַז ער וויל ניט

אַנדערש, ווי אַריינציען אים מיט זיין „טאַלאַנט" אין די „ביזנעס" פון יונאַיטעד דזשואיש אַפּיל. און אַזוי ווערט די גרעסטע נאַציאָנאַלע צדקה־אינסטיטוציע אין דער אידישער געשיכטע געשטעלט אונטער'ן שאָטן.

ניט איין בוך און ניט איין שרייבער האָט זיך אַזוי פאַרזינדיגט געגן אידישן פאָלק, נאָר אַ גאַנצער דור שרייבער. פּראָפּעסאָר סאָל ליפּצין רופט זיי אָן „דער פאַרשאָלטענער דור". דאָס איז געוויס דער דור וואָס איז אַרויסגעטראָטן אויף דער ליטעראַרישער סצענע אַרום 1918, נאָכן אָפּשלוס פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, און האָט גע־ווירקט ביז טיף אין דער צווייטער וועלט־מלחמה אַריין. דאָס איז געווען אַ שרעקליכער פּעריאָד אין דער אידישער געשיכטע. דאָס אידישע פאָלק איז אַטאַקירט געוואָרן פון צוויי טויט־שונאים אויף אַמאָל: דעם קאָמוניזם און דעם היטלעריזם. דער קאָמוניזם איז אַרויס פאַרניכטן אונזער פאָלק גייסטיג, דער היטלעריזם האָט זיך פאַר־שוואָרן צו פאַרטיליגן די אידישע אומה פיזיש. וואָס איז געווען די פליכט פון אידישע שרייבער אין דער ענגלישער שפּראַך, די קינדער פון דעם אימיגראַנטן־דור, אונזער אַמעריקאַנער פּרוכט ?

מיר האָבן זיי געדאַרפט געפינען אין די ערשטע רייען פון אידישע פאַרטיידיגער און פאַרקעמפער. אָבער ווייט דערפון. ס'איז געווען דער היפך. דעם קאָמוניזם האָבן אַ סך פון זיי אַליין אונטערגעשפּילט. זיי זיינען געווען צו אומוויסנד און צו אומדערצויגן אין אידישקייט און אידישער געשיכטע, צו פאַרשטיין אין וואָס עס איז געגאַנגען אין דעם קאַמף צווישן אידנטום און קאָמוניזם. וואָס שייך היטלעריזם, האָבן זיי גאָר אַריינגעטאַנצט אין זיין קאַראַהאָד : זיי האָבן אַליין אויך געשריבן וועגן אידן, און האָבן געשילדערט אידישע געשטאַלטן מיט אַזאַ שנאה און פאַראַכטונג, וואָס זיינען גאָרניט אָפּגעשטאַנען פון דער היטלעריסטישער ליטעראַטור גופא.

אין יענעם פּעריאָד פון צוואַנציג יאָר צווישן די צוויי וועלט־מלחמות איז די וועלט פאַרפלייצט געוואָרן פון אַנטיסעמיטישער פּראָ־פּאַגאַנדע, געטריבן פון דער שרעקליכער היטלער־מאַשין. אין אַמעריקע איז געווען טעטיג אַ היטלעריסטישער „בונד", וואָס האָט די דאָזיגע פּראָפּאַגאַנדע פאַנאַנדערגעטראָגן איבער דער לענג און ברייט פון

קאָנטינענט. אַלטע איינגעשלאָפענע אַנטי־אידישע געפילן און פאָר־אורטיילן זיינען אויפגעוועקט געוואָרן, און ס׳האָט זיך געוויגט די וואָגשאָל פון גורל צי אַמעריקע זאָל, חלילה, אויך ניט ווערן קיין אַנטיסעמיטיש לאַנד. דער טרויעריג באַרימטער פּאַדהער קאָגלין, געשטיצט פון דעם אַלטן הענרי פאָרד, וועלכע האָבן געלאָזט אין גאַנג די אומפאַרשעמטע „פּראָטאָקאָלן פון די זקני ציון", זיינען געווען הערצלדן, וואָס האָבן ניט פאָרגעזאָגט קיין גוטס. פרעגט זיך נאָכאַמאָל: וואָס האָט געדאַרפט זיין די ראָלע פון די אידישע שרייבער אין ענגליש, אין אַנגעזיכט פון אַזעלכע סכנות?

אַנשטאָט זיך שטעלן צו באַשיצן די שווער־געוואונענע נייע היים וואָס אידן האָבן געפונען אין אַמעריקע, און וואו זייערע אייגענע טאַטעס און מאַמעס האָבן מיט שווערער פּראַצע אויפגעשטעלט אַן עקזיסטענץ און מיט זייער זשעני געבראַכט דאָס לאַנד צו גרויסקייט פאַרן וואוילזיין פון דער גאַנצער וועלט, האָבן די דאָזיגע „זינדעלעך", אין זייערע ווערק, בוכשטעבליך געשפּיגן אידן, זייער פאָלק, זייערע אייגענע טאַטע־מאַמע, אין פּנים אַריין. יע, אַזוי, למשל, האָט איינער פון זיי, דער באַרימטסטער צווישן זיי, געשריבן בפירוש, אַז דאָס אידישע פּנים איז געמאַכט נאָר צום שפּייען... און דאָס אידישע פּנים בעט זיך מ׳זאָל עס פּאַטשן... אַז אידישקייט איז אַ העסליכער שטאַמפּ וואָס מאַכט דאָס מענטשליכע פּנים מיאוס... דער גאָט־פאַרדאַמטער איד־באַוואוסטזיין וואַרגט... „זיך שעמען מיט טאַטע־מאַמע, מיטן אָפּשטאַם, קלאַס, רעליגיע איז דער ערשטער צייכן אַז מיר זיינען העכער פון זיי"...

„איך האַס די אידן, איך האַס זיך אַליין!" שרייט איין העלד פון דערדאָזיגער ענגליש־אידישער ליטעראַטור.

אָט דאָס איז דאָס לשון וואָס אונזערע קינדער־שרייבער האָבן באַנוצט וועגן אידן, דאָ אין אַמעריקע, אין יענע יאָרן ווען שטרייכער׳ס „שטירמער" האָט באַנוצט פּונקט אַזאַ שפּראַך דאָרט אין דייטשלאַנד, און אין דער אַנטיסעמיטישער ליטעראַטור וואָס היטלער האָט געשפּרייט איבער דער גאָרער וועלט. די דאָזיגע בנים אונזערע האָבן אויסגעשלעפּט אידן דורך די שמוציגסטע בלאָטעס. ניט געווען קיין אויסוואורפעריי, קיין געמיינהייט, קיין גניבה און גזילה, קיין שווינדל

און אויסגעלאַסנקייט וואָס זיי האָבן ניט אָנגעקלעפּט אויף זייערע אידישע טיפּן, די העלדן פון זייערע ראָמאַנען.

געוועז אויך ניט־אידישע שרייבער אין יענער צייט וואָס האָבן אונטערגעאַנטיסעמיטעוועט אין זייערע שריפטן, אָבער די אידיש־ענגלישע שרייבער האָבן זיי אַריבערגעשטיגן, שרייבט פּראָפעסאָר ליפּצין, און ער זאָגט:

„זיי (די אידיש־ענגלישע שרייבער) האָבן אַרויסגעשלעפּט די בלאָטע אין וועלכער זייערע אייגענע נשמות זיינען געווען פאַררוזנעט און זיי האָבן זי אויסגעשטעלט פאַר די אויגן פון באַגייסטערטע צושויער — אָנרופנדיג עס אידישע בלאָטע. זיי האָבן צוגעשטעלט אַ שפע פון סקאַנדאַליעזן מאַטעריאַל די אַמעריקאַנער נאָכפאָלגער פון היטלער און שטרייכער. זיי האָבן פאַרשטאַרקט די לעגענדע אַז דער איד איז ניט קיין געוואונטשענער פאַרשוין אויף דער אַמעריקאַנער סצענע. זיי האָבן יעדן טאָג געמאַכט דאָס לעבן שווערער פאַר זייער אייגן בלוט און פלייש. אָבער דערווייל האָט זייער זעלבסט־פאַראַכטונג זיי געבראַכט אַפּלאָדיסמענטן. זייערע ליטעראַרישע מעשים תעתועים האָבן, אין געוויסע פאַלן, זיי געבראַכט שיינע הכנסה. זייערע שלעכט־פאַרוועגדטע טאַלאַנטן האָבן זיי געמאַכט באַרימט דורך די יאָרן פון גרעסטער אידישער פּיין" (ליפּצין, „דזשענעריישאָן אָוו דעסיזשאָן", ז. 223—207).

מיט רעכט רופט זיי פּראָפעסאָר ליפּצין אָן „דער פאַרשאָלטענער דור". נאָר ווער האָט זיי פאַרשאָלטן? ווער האָט אַרויפגעלייגט אויף זיי אַזאַ שרעקליכע קללה, צו ווערן שלעכטער און שימפּער, גרעבער און צעשטערער פון זייער אייגן פאָלק, אידישע אונטערצינדער פון אידישן הויז?

זייערע אייגענע טאַטע־מאַמע. זייערע אייגענע טאַטע־מאַמע, וואָס האָבן געצויגן פון זיך די הויט און געגעבן זייערע קינדער אַלץ, דעם טאַלאַנט און צום טאַלאַנט, נאָר איינס האָבן זיי פאַרפעלט: זיי צו מאַכן פאַר אידן...

גרויסע אידישע אָרגאַניזאַציעס, ווי באַוואוסט, גיבן אַוועק אַ סך כוחות אויף באַקעמפן אַנטיסעמיטיזם אין אַמעריקע, אָבער זיי שענקען קיין שום אויפמערקזאַמקייט ניט דעם געפערליכן תהום, וואָס אונזערע אייגענע קינדער האָבן אָנגעהויבן גראָבן פאַר אונזערע פיס.

די „אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע" האָט אויסגעגעבן מיליאָנען אויף אַן אויספאָרשונג פון אַנטיסעמיטיזם צווישן די נידעריגע שיכטן אין אַמעריקע, צווישן מאַטראָסן, שיכורים אין די שענקען, און נאָך אַזעלכע. זאָל זי בעסער מאַכן אַן אויספאָרשונג צווישן אידישע ליטע־ראַרישע „שטערן", וואָס האָבן איבערגענומען די אַנטיסעמיטישע ירושה; זאָל זי אויספאָרשן פון וואַנען ס'קומען צו אידישע שרייבער אַזעלכע צעדרייטע פאַרשטעלונגען וועגן אידן; ווער ס'זיינען די לייענער פון די דאָזיגע ביכער; וואָס פאַר אַ השפּעה זיי האָבן אויף ניט־אידן, און אויף טויזנטער אידישע קינדער וואָס שטאָפּן זיך מיט דעם דאָזיגן גיפט.

ווי אַזוי איז עס געקומען דערצו? ווי אַזוי איז עס געשען, אַז ס'זאָל אויסוואַקסן אַזאַ ווילד געוויקס אין אונזער גאָרטן?

אַזאַ אויספאָרשונג וואָלט געפירט צו איין אויספיר: די דאָזיגע בנים סוררים ומורים אונזערע זיינען די ביטערע פּרוכט פון די זינד פון די עלטערן, פון די זינד פון דעם פריערדיגן דור, וואָס איז געקומען קיין אַמעריקע און האָט געמיינט, אַז דאָ איז ער אַנטלאָפן פון ג־ט. מען האָט פאַרגעסן, אַז אידן וואַקסן ניט פריי אין פעלד: אידן דאַרף מען דערציען.

עס איז אַן אַלטע זינד. די עלטערן האָבן ניט געזאָרגט צו דער־ציען אַ אידישן דור, במילא האָבן זיי פאַרפעלט צו דערציען אַ אידישן דור שרייבער, וואָס זאָל פאַרשטיין וואָס איד איז, און וואָס זאָל האָבן אחריות פאַר אידישן גורל, און וואָס זאָל קענען פאַרטיידיגן דעם אידישן נאָמען אין אַן עת צרה. דער סוף איז, אַז ס'איז אויסגעוואַקסן אַ דור שרייבער, וואָס האָט גאָר גענומען אויף זיך די „נאָבעלע" אויפגאַבע צו באַשמוצן און פאַר'מיאוס'ן דעם אידישן נאָמען.

אַז מ'האָט זיי ניט געלערנט צו ליבן און אַכטן דעם אידן, האָבן זיי זיך אַליין אויסגעלערנט אים ביליג צו האַלטן און פיינדן.

דער מוסר השכל איז, אַז ווען מיר לאָזן אויסוואַקסן אַ אידיש קינד אָן תורה און אָן פאַרשטענדעניש פאַר זיין פאָלק, ענדיגט זיך ניט די מעשה בלויז מיט אַ אידיש קינד וואָס בלייבט אַן עם־הארץ אָדער וואָס ווערט פאַרלוירן צו די גויים, נאָר עס קען אויסוואַקסן אין אַ שפּין, וואָס טראָגט פייער צו פאַרברענען דעם בית־המקדש.

# וועמען פאַרטרויען אַמעריקאַנער אידן זייערע קינדער ?

די אידן אין אַמעריקע, אין זייער גרויסן, גרויסן רוב, האָבן, בעוונותינו הרבים, פאַרגעסן זייער צוקונפט.

ביי די דאָזיגע ווערטער, בין איך זיך משער, וועט מאַנכער לעזער געוויס טראַכטן, אַז איך האָב מיך דאָ טועה געווען: פאַרגעסן קען מען וואָס ס'איז געווען, די פאַרגאַנגענהייט, אָבער ווי קען מען פאַרגעסן וואָס ס'וועט זיין, די צוקונפט?

אָבער ניין, חשוב'ער לעזער, איך האָב זיך נישט טועה געווען. איך מיין בפירוש די צוקונפט.

אַז זיי האָבן פאַרגעסן די פאַרגאַנגענהייט — דאָס האָבן מיר שוין אַביסל געזען. קיינער האָט נאָך ניט געפּרואווט, ניט קיין היסטאָ־ריקער, ניט קיין סאָציאָלאָג, ניט קיין בעלעטריסט, פילאָזאָף אָדער פּסיכאָלאָג, צו דערגרונטעווען און געהעריג באַשרייבן יענע מערק־ווירדיגע גייסטיגע קאַטאַסטראָפע וואָס איז געשען מיט אידן ווען עס האָט אַ שטראָם געטאָן די אידישע מאַסן־איינוואַנדערונג קיין אַמעריקע סוף ניינצעגטן און אָנהויב צוואַנציגסטן יאָרהונדערט; מען איז אַרויס־געפּאָרן פון שטעט און שטעטלעך מיט אַן איינגעשטעלטן, היסטאָריש־פאַרוואָרצלטן, שיינעם, ליבן, פילפאַרביגן לעבנס־שטייגער. און ווי

נאָר מ׳איז אַראָפּ פון שיף האָט מען דאָס אַלץ אַראָפּגעוואָרפן גרינג ווי אַ פעדער. יאָ, אַזוי ווי די פייגל אין סעזאָן וואַרפן אַראָפּ זייערע פעדערן. נאָר די פייגל טוען זיך אָן פרישע פעדערן, און דאָ איז מען געבליבן שטיין נאַקעט פון אידישקייט, הויל נאַקעט. און אַזוי איז מען געבליבן.

דער ערשטער קרבן איז געווען דער שבת. דער צווייטער איז געווען דער חדר. אַנשטאָט וואָס אין די אַלטע ישובים אויף יענער זייט ים איז דער חדר געווען דער ערשטער חוב צו אַ קינד, האָט דאָ דער חדר פּאַקטיש קיין דריסת הרגל ניט געפונען. אַ ישיבה האָט מען ניט געטאָרט דערמאָנען. דאָרט אין דער אַלטער וועלט, ווען עס פלעגט קומען דער בין הזמנים, פלעגט אַ איד קלייבן אַ מלמד אַזוי ווי ערב סוכות אַן אתרוג, און דאָ איז אַ מלמד געוואָרן אַן אָפּגעשלאָגענע הושענא.

אַזוי איז געווען מיט׳ן גרויסן רוב אימיגראַנטן. אַ קליינער רעשט איז געבליבן צוגעבונדן צום עבר, אָבער מיט זייער שוואַכע פעדים. דער דאָזיגער רעשט האָט געעפנט תלמוד תורה׳ס, אָבער ווייניג און שוואַכע, און אָן ענטוזיאַזם אינמיטן פון דער גלייכגילטיגער סביבה. אויסער די תלמוד תורה׳ס איז געווען דער הויז־מלמד: אַ מלמד מיט אַ סידור אונטער׳ן אָרעם פלעגט גיין פון הויז צו הויז און עפּעס לערנען מיט אַ אינגל נאָך די שטונדן אין פּאָבליק סקול. איך אַליין, נאָך אַליין אַ יונגער אינגל, בין אַ שטיקל צייט געווען אַזאַ וואַנדערנ־דיגער מלמד. איך האָב געהאַט דריי „היברו לעסאָנס״, אַ שטונדע אין טאָג פינף מאָל אַ וואָך. דער שכר־לימוד איז געווען אַ קוואָדער, 25 סענט אַ וואָך. אין איין הויז האָב איך געהאַט אַ שטונדע מיט צוויי ברידערלעך, און דער שכר־לימוד איז געווען אַ מאָלצייט: סאַפּער (אָוונט־ברויט). אָפּגעלערנט „היברו״ און אָפּגעגעסן סאַפּער.

דעם גאַנצן אַלטן, אייביגן אידישן דורשט צום לערנען האָט מען אָפּגעגעבן דער פּאָבליק סקול.

די פּאָבליק סקול איז געווען דעמאָלט, אַזוי ווי זי איז היינט, דער ערשטער אַמעריקאַנער שמעלצטאָפּ.

אַהין, אין דעם גרויסן ערב רב פון פעלקער, האָבן אידן אַריינ־געוואָרפן זייערע קינדער, אָן שום וואַקלענישן, אָן ספקות, אָן טענות

ומענות און אָן פרעגן וואָס פאַר אַ „קאַלב" עס וועט פון דאָרט אַרויס.

און עס איז ניט געווען קיין מנהיג און קיין שטראָפער וואָס זאָל אויפוועקן די אידן פון זייער ־טראַנס און זיי פרעגן: וואָס פאַר אַ אידיש פאָלק וועט אַרויסקומען פון דעם דאָזיגן שמעלצטאָפּ?

דעם טייערסטן נאַציאָנאַלן אוצר, די תינוקות של בית רבן, האָבן מיר אָפּגעגעבן אויף גוי'אישן באַראָט...

אָט אין דעם דאָזיגן זין מיין איך עס ווען איך זאָג, אַז די אַמעריקאַנער אידן האָבן פאַרגעסן זייער צוקונפט.

לאָזן מיר דעם „וואָס געווען" צום „איז געווען" און גיבן אַ קוק אויף דער לאַגע היינט.

איינמאָל אין אַ שיינעם טאָג איז די ניו־יאָרקער צייטונג „דהי ניוס", אַרויס מיט אַ סעריע אַרטיקלען וועגן די ניו־יאָרקער פּאָבליק סקולס, וואָס האָבן אָנגעוואָרפן ממש אַ מורא. ווי די אַרטיקלען האָבן דערציילט, זיינען די ניו־יאָרקער סקולס, אין זייער פיל פאַלן, איבער־הויפּט אין די אָרימע געגנטן, געוואָרן פּשוט'ע נעסטן פון קינדער־פאַרברעכעריי. גראָבע שפּראַך, אויסגעלאַסנקייט, קינדער־גענגסטעריזם האָבן זיך דאָרט איינגענעסטעט ביז אַ גראַד, וואָס איז געוואָרן איבער דער קאָנטראָל פון די לערער.

דערפאַר וואָס די צייטונג האָט די רעפּוטאַציע פון אַ סענסאַציע־זוכערין, האָבן גאָר אַ סך מענטשן ניט גענומען די אַרטיקלען ערנסט. די לאַגע קען ניט זיין אַזוי שרעקליך ווי זי איז דאָ געמאָלן געוואָרן, האָבן מענטשן געטראַכט. אין אמת'ן האָט זיך גאָרנישט געוואָלט גלויבן, און ס'האָט זיך ניט געקענט גלויבן, אַז קינדער זיינען פעאיג אויף אַזעלכע זאַכן ווי יענע אַרטיקלען האָבן געשילדערט.

אָבער אַביסל שפּעטער איז דער זעלבער ענין אויפגעהויבן גע־וואָרן אין אַ זשורנאַל, וואָס קיינער האָט ניט געקענט באַשולדיגן אין סענסאַציע־זוכעריי: אין דעם „טאַים"־מעגעזין. אין דעם דאָזיגן זשור־נאַל איז דערשינען אַן אַרטיקל, וואָס האָט געדאַרפט געלייענט ווערן פון יעדן וואָס האָט אַ געפיל פון געזעלשאַפטלעכער אחריות. ס'איז געווען אַן ערנסטע שטודיע פון דעם מצב פון די ניו־יאָרקער פּאָבליק סקולס. דער אַרטיקל איז געווען געשריבן אין דעם כאַראַקטעריסטישן סטיל פון יענעם זשורנאַל: פאַקטן, פאַקטן, פאַקטן, אויסגעדריקט מיט

דער גרעסטער קורצקייט און מיט דער גרעסטער מאָס אָביעקטיווקייט. און וואָס ער האָט דערציילט האָט געשטימט פולשטענדיג מיט דעם וואָס די „ניוס" האָט געשריבן.

און דער „טאַים"־מעגעזין האָט נאָך מוסיף געווען און דערציילט, אַז גאַנצע שיכטן פון דער ניו־יאָרקער באַפעלקערונג, שיכטן פון דעם מער פאַרמעגליכן קלאַס, האָבן אָנגעהויבן אַרויסציען זייערע קינדער פון די פאָבליק סקולס און זיי אַריינגעבן אין פריוואַטע שולעס, אָדער מ'האָט אָנגעהויבן זיך אַרויסציען פון ניו־יאָרק אין אַלגעמיין, און אַז דאָס זאָל זיין איינער פון די גורמים צו דעם וואוקס פון די פאָר־שטעטלעך, אָדער „סובאָרביא", ווי מ'רופט עס.

אין געוויסע קרייזן, האָט דער זשורנאַל געשריבן, קוקט מען קרום אויף עלטערן וואָס זיינען ממשיך צו שיקן זייערע קינדער אין די שטאָטישע קינדער־שולעס און מ'באַטראַכט זיי פאַר געזעלשאַפטליך־אומפאַראַנטוואָרטליכע מענטשן, אָן אחריות צו זייערע אייגענע קינדער. ס'איז געוואָרן אַ סאָציאַלער בלאַמאַזש צו שיקן קינדער אין די פאָבליק סקולס.

דערנאָך איז די „ניו־יאָרק טיימס" אַרויס מיט אַ סעריע אַרטיקלען וועגן דעם זעלבן ענין. באַלד דערויף זיינען די צייטונגען אין אַנדערע שטעט אַרויס מיט'ן זעלבן געשריי וועגן די סקולס אין זייערע אייגענע שטעט, און ס'איז געוואָרן אַ ויצעקו עד לב השמים. און עס איז פּלוצלונג אויפגעדעקט געוואָרן אַ גרויסע, שרעקליכע וואונד אין דעם גוף פון גאַנץ אַמעריקע. די סקולס פון לאַנד האָבן זיך אַרויס־געוויזן צו זיין ממש נעסטן פון פאַרדאָרבנקייט.

אין צענטער פון דעם גערודער איז געשטאַנען די שטאָט ניו־יאָרק. לכתחילה האָט די פאַרוואַלטונג פון די סקולס אין ניו־יאָרק, די „באָרד אָוו עדיוקיישאָן", געפּרואווט דערשטיקן די זאַך. זי האָט מיט אַלע מיטלען געזוכט צו פאַרווישן דעם שווערן מצב. אָבער די געשעענישן זיינען געגאַנגען זייער אייגענעם גאַנג, און סוף כל סוף האָט דאָס אומגליק אויפגעריסן אַזוי ווי אַ באַמבען־אויפרייס. אַ אינגל האָט געוואָרפן אַ פלעשל קאַרבאָליק אין קלאַס און האָט כמעט בלינד געמאַכט אַ שילער. אַ אינגל האָט פאַרגוואַלטיגט אַ דרייצן־יעריגע שילערין אין דער סקול. אינגלעך זייענען אַרויס אין אַ געשלעג מיט

דער פּאָליציי וואָס איז געקומען איינצושטעלן אָרדנונג אין אַ סקול. אַ פּרינציפּאַל פון דזשוניאָר היי־סקול האָט זיך גענומען דאָס לעבן פון פאַרצווייפלונג איבער די מעשים תעתועים פון די שילער אין זיין סקול. אינגלעך האָבן דערמאָרדעט אַ חבר און זיבן זיינען גע־משפּט געוואָרן אין מאָרד ערשטן גראַד.

אַ סך סקולס, לייענען מיר, ווערן געהאַלטן אין טעראָר פון קינדער־גענגס, וואָס די לערער ציטערן ממש פאַר זייער אָטעם. דאָס זיינען גענגס מיט מעסערלעך, און ווי איז צו דעם לערער אָדער צו דער לערערין, וואָס וועט „אָנרירן דעם כבוד" פון אַ חברה־מאַן, וואָס באַ־לאַנגט צו אַזאַ גענג. די דאָזיגע גענגס האָבן אַריינגעשלעפּט אין די סקולס „וואַנדאַליזם, גענג־מלחמות, נאַרקאָזן, געשלעכטליכע אויסגע־לאַסנקייט און געלט־אויספּרעסונג, און אפילו האָמאָסעקסואַליזם". עס זיינען געווען פאַלן, וואָס לערער זיינען דערמאָרדעט געוואָרן אין די סקולס. עס זיינען געווען פאַלן, וואָס לערערינס זיינען מיסבאַהאַנדלט געוואָרן אין סקולס. עס איז געווען אַ פאַל, וואו אַ נייע לערערין איז אָנגעקומען אין אַ קלאַס, אַ יונג מיידל, און די אינגלעך האָבן זי אין קלאַס, ביי דער ערשטער לעקציע, אויסגעטאָן נאַקעט.

עס איז אַ מיאוס'ע און אָפּשרעקנדיגע צורה, וואָס די ניו־יאָרקער פּאָבליק סקולס האָבן פּלוצלונג אַרויסגעשטעלט. אַלע איבלען, אַלע שלעכטע מידות וואָס זיינען געוואָרן די באַקאַנטע שטריכן פון דער גרעסטער שטאָט אין דער וועלט, שפּיגלען זיך אָפּ אינווייניג צווישן די ווענט פון די געביידעס, וואו עס בילדן זיך אויס אונזערע צוקונפ־טיגע בירגער און אידן. איר „ציניזם, איר שרעקליכע פּנים'לאָזיגקייט, די ראַסן־פּאָראורטיילן און פעלקער־רייבונגען, אָבערגלויבן און האַרצ־לאָזיגקייט זיינען אומפאַרמיידליכערוייז אָפּגעשטעמפּלט אויף די מוחות פון די קינדער און דרינגען אַריין אין די קלאַס־צימערן" — שרייבט דער „טאַים־מעגעזין".

דער פּחד פון די לערער פאַר די תלמידים איז זייער גרויס און ליגט אַרויף אַ פּאַראַליז אויפ'ן לערנען גופא. אַ לערער האָט מורא צו געבן די שילער ריכטיגע צייכנס, ווען די צייכנס זיינען שלעכט. אַ לערער האָט מורא דורכצוּוואַרפן די שילער אין עקזאַמען, ווייל דער דורכגעפאַלענער שילער קען אים געבן אַ מעסער אין רוקן.

מען הערט קלאַגעס איבער גאַנץ אַמעריקע, אַז שילער ענדיגן סקול און קענען ניט לייענען ווי געהעריג, אָדער שרייבן. אַ לערער וואָגט ניט צו פאַרהאַלטן די דיפּלאָם פון אַ שילער, וואָס איז נאָך ניט ראוי צו גראַדואירן.

די לערער — ווערט דערציילט — ווען זיי שטייען פאַר'ן קלאַס, האָבן אָפּט מורא זיך אויסצודרייען מיט'ן רוקן צו די תלמידים: עס קען זיי עפּעס פליען אין קאָפּ אַריין. זיי קליגלען זיך צו שטייך ביים טאָפל אַזוי, אַז זיי זאָלן אַלעמאָל זיין נאָענט צו דער טיר: טאָמער דאַרף מען אַנטלויפן. זיי האָבן מורא זאָגן אַ וואָרט מוסר אָדער קריטיק: טאָמער ווערן זיי אָפּגעזידלט מיט ווערטער פון רינשטאָק.

די סקולס ווערן באַהערשט פון גענגס, וועלכע פּרעסן אַרויס געלט ביי די אַנדערע קינדער. די קינדער מוזן צאָלן די גענגס וואָכנגעלט. און ווייַ צו אַ קינד וואָס וועט אויסזאָגן טאַטע־מאַמע אָדער דעם לערער, אַז ער צאָלט דער גענג, און וויפיל. אַנשטענדיגע קינדער לעבן אין שטענדיגער שרעק פאַר די יונגע באַנדיטן.

איינע פון די ערגסטע פּלאָגן פון דער דאָזיגער מאָראַלישער ירידה אין די סקולס איז די מיאוס'ע שפּראַך, וואָס די קינדער גע־ברויכן. שפּראַך, פון וועלכער אַ „קאָזאַק וואָלט זיך פאַרשעמט", ווי מ'פלעגט זאָגן אין אונזערע אַמאָליגע מקומות. און דאָס מערקווירדיגסטע איז, וואָס אין דעם פּרט פון מיאוס'ער שפּראַך שטייגן די מיידלעך אַריבער די אינגלעך. יונגע מיידלעך, נאָך מיט דער מאַמעס מילך אויף די ליפּן, ריידן די מיאוס'טע שפּראַך. וואָס פאַר אַ ווייבער וועלן זיי אויסוואַקסן? וואָס פאַר אַ מאַמעס וועלן זיי אַמאָל זיין?

אָבער ס'איז דאָ נאָך ערגערס דערפון אויך: די סקולס זיינען געוואָרן „ליבעס־נעסטן", עס איז געוואָרן אַ גאַנץ געוויינלעכע זאַך, שרייבט די „ניו־יאָרק טיימס" (זונטאָג, פעברואַר 16, 1958), אַז אינגלעך זאָלן קומען אָפּנעמען „זייערע" מיידלעך פון סקול און זיי אָפּפירן אַהיים. די „טיימס", אויפ'ן זעלבן אָרט, מאַכט די שטוינענדיגע אויפדעקונג, אַז אין איין דזשוניאָר הײַ־סקול פאַר מיידלעך, וואָס אירער אַ מיטאַרבעטער האָט אויסגעפאָרשט, זיינען דאָ פון צוואַנציג ביז דרייסיג שוואַנגערשאַפטן אַ יאָר...

בלויז אין איין סקול...

די עלטער פאַר דזשוניאָר הײַ־סקול איז פון צוועלף ביז זעכצן יאָר.

און דער שרייבער פון דער „טיימס" דריקט אויס זיין פאַר־וואונדערונג וואָס אַזעלכע זאַכן זיינען שוין געוואָרן אַנגענומען אין די דאָזיגע סקולס ווי אַ געוויינליכע דערשיינונג, וואָס רופט שוין ניט אַרויס קיין איבעררראַשונג ביי די אַנדערע קינדער. ער פאַרצייכנט אַ פאַל וואו אַ פערצן־יאָריגע סטודענטקע איז שוואַנגער געוואָרן, און אין שוואַנגערשאַפט איז זי געגאַנגען אין די קלאַסן, און נאָכדעם ווי זי האָט געהאַט דאָס קינד האָט זי זיך צוריק אומגעקערט אין סקול, ווי גאָרניט וואָלט געשען...

איבעריג צו זאָגן, אַז די קאַטאַסטראָפע האָט אויפגערודערט די פאַראַנטוואָרטליכע בירגער פון אַמעריקע אויפ'ן טיפסטן אופן. עס האָט זיי אויפגערודערט ווי עלטערן און ווי בירגער.

ווי עלטערן האָבן זיי זיך געמוזט פרעגן די פראַגע: וואָס פאַר אַ מענטש קען אונזער קינד אַרויסקומען פון אַזאַ אַטמאָספערע אין די פּאָבליק סקולס?

ווי בירגער האָבן זיי זיך געמוזט פרעגן: וואָס פאַר אַ צוקונפט שטייט פאַר אַמעריקע? צי ווערט ניט די גאַנצע אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע געשטעלט אין סכנה אויב פאַר אונזערע אויגן וואַקסט אויס אַ דור, וואָס שוין אין דער קינדהייט, אין דער אַטמאָספערע פון פּאָבליק סקול, אונטער דער השגחה פון לערער, האָט ער אַראָפּגעוואָרפן פון זיך יעדער מאָראַ־לישע דיסציפּלין?

און אידן? אידישע בירגער האָבן נאָך אַ דריטע פראַגע זיך צו פרעגן:

אין ניו־יאָרק אַליין לעבט אַ העלפט פון גאַנצן אידישן פאָלק אין אַמעריקע: וואָס פאַר אַ אידיש פאָלק וועלן מיר דאָ האָבן אין אַ דור־צוויי אַרום, אויב עס דערציט זיך אין אַזאַ אַטמאָספערע ווי די ניו־יאָרקער סקולס שטעלן מיט זיך פאָר?

וואָס טוט מען, אַז עס זאָל ניט אויסוואַקסן אַ ווילדער אידישער דור אין אַמעריקע, עס זאָל ניט אויפקומען אַ אידישע דזשאַנגל־אומה דאָ אין לאַנד, אַן אומה מיט אַן אונטערוועלט־פּנים?

דער ענטפער איז קלאָר: ישיבות. אידן האָבן זיך געדאַרפט אַ נעם טאָן צו בויען ישיבות מיט אַן איפער און פייער וואָס איז נאָך

קיינמאָל פריער ניט געזען געוואָרן ביי אונז. ווייל קיינמאָל פריער זיינען אידן ניט געשטאַנען פנים אל פנים מיט אַזאַ מין סכנה. עס האָט געדאַרפט ווערן אַ געלאַף אויף די פּאַראַנענע ישיבות, און אַ געקלאַ־פּעריי פון העק און האַמערס ביים בויען נייע, וואָס זאָל אויפגיין עד לב השמים.

און וואָס האָבן מיר געזען?

עס איז געשען, אַז אין סאַמע מיטן פון דער סקול־מהומה און סקול־טראַגעדיע אין ניו־יאָרק, האָט אַ ישיבה פון 750 קינדער אין ניו־יאָרק, די ישיבה זכרון משה, געשלאָסן אירע טירן... גליקלי־כערוויז נאָר צייטווייליק... גאַנצע חדשים האָט זי די ראשי ישיבה קיין שכירות ניט געהאָט צו צאָלן... אין גרעסטן און רייכסטן אידישן ישוב אין דער וועלט...

די קאַטאָליקן האָבן פאַר זיך געלייזט דאָס פּראָבלעם: זיי האָבן זייערע קינדער אַרויסגענומען פון די פּאָבליק סקולס און זיי אַריינ־געזעצט אין אייגענע, די אַזוי־גערופענע פּאַראָקיעל סקולס: מיליאָנען קינדער.

וואָס־זשע איז געוואָרן מיט אידן? פאַר זייערע אייגענע קינדער אַרט זיי שוין ניט? פאַר דער אומה ניט, און פאַר אייגן בלוט און פלייש אויך ניט?

# „אויפ׳ן פריפעטשאָק ברענט אַ פייערל״ . . .

נון, זיינען מיר צוגעקומען צום ענין ישיבות.

אידן וואָס זיינען געקומען קיין אַמעריקע אין די צוואַנציג־דרייסיגער יאָרן, און איבערהויפט זינט נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, קענען גאָר קיין השגה ניט האָבן וואָס פאַר אַ קריעת ים־סוף ס׳איז געווען ביי די ערשטע פרואוון אויפצושטעלן ישיבות אין אַמע־ריקע. אַז דאָס וואָרט „ישיבה״ אַליין האָט אַזוי ווי אַרויסגערופן גרייפלעך אויף אידישע לייבער! ווער האָט דעמאָלט געקענט גאָר חלומ׳ען, אַז ס׳וועט קומען אַ צייט ווען „ישיבה״ וועט זיין אַ פּאָפּולער וואָרט אין אַמעריקע ניט נאָר ביי אידן, נאָר אַפילו צווישן גויים, און אַ חשוב׳דיג וואָרט. דעמאָלט האָט עס אויסגעזען אַזוי ווי די אַמע־ריקאַנער לופט וואָלט ניט מסוגל געווען, רחמנא ליצלן, סובל צו זיין דעם נאָמען און דעם באַגריף פון אַ ישיבה. וואָרים דער דור איז געווען אַ דור, וואָס ס׳איז געווען געוויינטליך צו הערן פון זיין מויל די טרויעריג־באַרימטע פראַזע, אַז אויפ׳ן וועג קיין אַמעריקע „האָב איך די תפילין אַריינגעוואָרפן אין ים אַריין״. דער ראַדיקאַלער גייסט איז געווען ערשט אין זיין יונגער אַגרעסיווער סטאַדיע און האָט באַהערשט די אידישע גאַס. און דער רעליגיעזער איד איז געווען עפּעס אַזוי ווי איינגעשראָקן און פאַרלוירן אין דעם נייעם לאַנד, און

האָט אָפּגעטראָטן איין פּאָזיציע נאָך דער אַנדערער צו די פּרייע. די תלמוד־תורה׳ס זיינען געווען אָרים און אָפּגעלאָזן, חדרים האָבן עקזיסטירט אין פּאַרלאָזטע און פאַרוואַרלאָזטע קליימלעך, קעלערס און וואו נאָר ס׳איז געווען אַ לאָך. קיין דיסציפּלין איז ניט געווען. די קינדער זיינען געווען פאַרשייט, האָבן קיין דרך ארץ ניט געהאַט פאַר׳ן רבי׳ן און ניט זעלטן אים געריסן ביי דער באָרד.

ווען מען טראַכט זיך אַריין אין דער דאָזיגער טרויעריגער עפּאָכע, באַגרייפט מען וואָס פאַר אַ צדיקים און גבורים עס האָבן געמוזט זיין יענע אידן, וואָס האָבן געלייגט דעם יסוד פון די ערשטע ישיבות אין אַמעריקע. זיי האָבן ממש איינגעלייגט בערג און אויפגעהויבן טאָלן, זיי האָבן געמאַכט וואַסער צו פליסן באַרג אַרויף. זייער כבוד וועט אייביג ליכטיג שיינען אין אידישן הארצן.

אין דעם „דזשואיש קאָמיוניטי רעדזשיסטער״ פון ניו־יאָרק פאַר 1917־18 איז פאַרשריבן (ציטירט פון משה בראָפּמאַן, „אידישע וואָך״, כ״ד אלול תשי״ז), אַז „אין אַמעריקע זיינען פאַראַן פיר אידישע רעליגיעזע שולן. אַלע געפינען זיי זיך אין ניו־יאָרק. אין זיי לערנען 985 תלמידים״. אַזוי שפּעט ווי 1918 — קוים פיר ישיבות אין גאַנץ אַמעריקע! די פיר זיינען געווען: ישיבת רבינו יעקב יוסף, די ישיבה פון האַרלעם, ישיבת ר׳ חיים בערלין, ישיבת עץ חיים. פון דעמאָלט ביז היינט איז דאָך גאָר קיין פאַרגלייך ניט. היינט פאַרמאָגן מיר אַזעלכע וועלט־באַרימטע ישיבות ווי תורה ודעת ומתיבתא, די קלעצקער ישיבה מיט׳ן גאון ר׳ אהרן קאָטלער שליט״א בראש, ישיבה קאָלעדזש, די טעלזער ישיבה אין קליוולאַנד, ישיבת ר׳ חיים בערלין, תפארת ירושלים, די באָבאָווער ישיבה, ישיבת רמ״ז, און נאָך און נאָך. מיט׳ן אָנקומען פון דעם ליובאַוויטשער רבי׳ן, אדמו״ר ר׳ יוסף יצחק זצ״ל, דעם קלויזענבורגער און סאַטמאַרער, יבדלו לחיים, האָט די ישיבה־באַוועגונג אין אַמעריקע געקראָגן אַ נייעם, גאָר גוואַלדיגן שוואונג. דער היינטיגער ליובאַוויטשער רבי, אדמו״ר מנחם מענדל שניאורסאָהן, איז ממשיך די ישיבה־טראַדיציע פון ליובאַוויטש אין איר אַלטן גלאַנץ.

די „תורה ומסורה״ באַוועגונג, אַ טרייבנדיגע קראַפט, אונטער דער ענערגישער פירערשאַפט פון דר. יוסף קאַמענעצקי, פאַר גאַנצע טאָג־שולן האָט געוויזן אַ נייעם וועג.

אַן אָריגינעלער אויפטו איז דער דרך פון הרב פנחס מרדכי טייץ, וועלכער האָט זיך אויסגעקליבן אַ שטאָט, עליזאַבעטה, נ. דזש., האָט זיך באַזעצט אין איר — מ׳קען זאָגן: זיך „אָנגעזעצט" אויף איר — און האָט געמאַכט פון איר אַ צענטער פון תורה פאַר איר יוגנט ווי אויך פאַר די טאַטעס און זיידעס, און אַ שטאָט פונוואַנען עס גייט אַרויס תורה אפילו קיין ניו־יאָרק און איבערן גאַנצן לאַנד, דורך דעם „דף השבוע" און דורך גמרא־פּלאַטן.

נאָר דער וועג איז געווען, און איז נאָך אַלץ געבליבן, אַ וועג פון קריעת ים סוף.

דער לעזער וועט באַמערקן, אַז אין דעם דערמאָנטן „דזשואיש קאָמיוניטי רעדזשיסטער" ווערן די ישיבות אויף ענגליש אָנגערופן, ניט ישיבות, נאָר „דזשואיש רעלידזשיאַס סקולס". דאָס וואָרט „ישיבה" איז נאָך דעמאָלט אין ענגליש ניט געווען באַקאַנט. היינט איז פאַר־קערט, יעדע „רעליגיעזע שולע" פון דער מדרגה פון וויניגער פון אַן אַמאָליגן דרדקי־חדר ווערט אָנגערופן „ישיבה". דאָס צעמישט די באַגריפן. מיר ריידן פון „צענדליגער טויזנטער" תלמידים אין די ישיבות, בשעת די צאָל פון אמת׳ע ישיבה־בחורים פון אמת׳ע ישיבות איז נאָך אַלץ בעוונותינו הרבים זייער קליין, און אין פאַרגלייך מיט דער צאָל לערן־יוגנט בכלל זיינען זיי נאָך אַלץ אין דער בחינה פון די זיבן פעטע קי וואָס זיינען אַריין אין בויך פון די זיבן מאַגערע ולא נודע כי באו אל קרבנה. ווען זיי גייען אַרויס פון די ישיבות ווערן זיי בטל אין דעם גרויסן רוב, און זייער השפּעה אויפ׳ן אַלגעמיינעם אידישן לעבן איז נאָך אַלץ זייער קליין.

לאָמיר באַטראַכטן די אַמעריקאַנער ישיבה, איר אויפקום און אירע דערגרייכונגען, קודם פאַר זיך אַליין, און דאַן אויך אין ראַם פון די אַנדערע אידישע קינדער־דערציערישע אַנשטאַלטן. די רייד וועט דאָ זיין דער עיקר פון די אַזוי גערופענע „ישיבות קטנות", די קליינע ישיבות.

ס׳איז געשען אין יאָר 1938, אַ גורל׳דיגער יאָר. די „מזרחי"־אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקע האָט זיך פאַרנומען אויפן וועג פון חינוך, און זי האָט געגרינדעט אַ קערפּערשאַפט מיטן צוועק צו פאַרשטאַרקן און פאַרשפּרייטן דעם רעליגיעזן חינוך אין אַמעריקע. די קערפּער־

שאַפט איז געגאַנגען אונטערן נאָמען „ועד החינוך החרדי". שפּעטער איז דער נאָמען געביטן געוואָרן אויף „ועד החינוך התורני".

אויב מ'זאָל פרעגן: וואָס איז דער גרעסטער אויפטו וואָס די דאָזיגע קערפּערשאַפט האָט געבראַכט? וואָלט דער ענטפער געדאַרפט זיין: זי האָט אומגעקערט דעם נאָמען „ישיבה" צו זיין אַמאָליגן כבוד. אויב דאָס וואָרט „ישיבה" איז היינט אַ פּאָפּולער וואָרט אין אַמעריקע, ניט נאָר ביי אידן, נאָר אפילו צווישן גוים, איז עס צום גרעסטן טייל דער פאַרדינסט פון דער דאָזיגער „מזרחי"־קערפּערשאַפט, וועלכע האָט אויפגעהויבן אַ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדע פאַר דעם געדאַנק פון אַ ישיבה־חינוך.

די פּראָפּאַגאַנדע און דער געדאַנק זיינען געווען, ניט דווקא פאַר גרויסע ישיבות, וואָס דערציען רבנים און סתם לומדים אין תורה — דאָס אַוודאי אויך — נאָר דער עיקר פאַר קליינע ישיבות, אָדער ווי זיי רופן זיך „ישיבות קטנות", וואָס אין זייערע לימודים זאָלן זיי זיין לכל הפחות אויפן גראַד פון דעם אַמאָליגן חדר.

נאָר דער חדר אין אַ נייעם גלגול: אין אַ קאָמבינאַציע מיט דער אַמעריקאַנער פּאָבליק סקול. אין אַנדערע ווערטער: אַ חדר, וואו די אידישע און די אַלגעמיינע לימודים זאָלן געלערנט ווערן אונטער איין דאַך. דאָס איז געווען, און געבליבן, דער געדאַנק פון דער „ישיבה־קטנה". בלויז אַזוי, האָבן די טרעגער פון דער אידייע גע'טענה'ט, וועט דער אידישער גייסט פונם קינד ניט אַראָפּגעדריקט ווערן אונטערן אַלגעמיינעם וועלטליכן גייסט, וואָס איז געוויינליך געגאַנגען אונטערן נאָמען „אַמעריקאַניזם".

ס'איז אָבער געווען אַ שווערער באַרג־אַרויף. דער געדאַנק האָט זיך ניט גרינג אָנגענומען. אידן האָבן געהאַט אַלערליי פּאַראורטיילן און אָבערגלויבנס וואָס מ'האָט געמוזט אויסוואָרצלען. זיי האָבן זיך געשראָקן פאַרן „אָפּזונדערן" די קינדער אין זייער דערציאונג פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז די גוים וועלן קוקן קרום אויף אַזאַ גאַנג. זיי האָבן פּחד געהאַט אַז די קינדער וועלן בלייבן גרינע אין אַמעריקע. זיי האָבן געהאַט אימה טאָמער וועט זייער ענגלישער אַקצענט ניט זיין פּערפעקט. טויזנט מורא'ס האָבן אידישע עלטערן אויסגעטראַכט אַבי ניט צו שיקן די קינדער „אין חדר".

פון אַלע מורא'ס האָט זיך מיט דער צייט אויסגעלאָזט אַ טייך. די

גוים אַליין, דער עיקר די קאַטאָליקן, זונדערן אַפּט אַפּ זייערע קינדער אין אייגענע סקולס. די פאַרשטענדיגע גוים געפעלט גראַד זייער שטאַרק וואָס אידישע קינדער קריגן אַ אידישע דערציאונג. וואָס זיי געפעלט ניט איז דער היפך: אידישע קינדער וואָס וואַקסן אויף פרעמד פון זייער אידישער ירושה. וואָס שייך ענגליש, איז עס שוין געוואָרן אַ מין מאָדע, אַז די קינדער פון די ישיבות זאָלן געווינען די העכסטע פּריזן און סקאָלערשיפּס אין זייער קענטשאַפט פון ענגליש.

די טעטיגקייט פון דעם „ועד" האָט זיך ניט באַגרעניצט בלויז אויף פּראָפּאַגאַנדע. זיי האָבן גענומען און אַליין געגרינדעט אַזעלכע ישיבות קטנות און האָבן געשיקט פעלד־דירעקטאָרן איבערן לאַנד צו דערמוטיגן די גרינדונג פון אַזעלכע ישיבות. אויף דער דירעקטער איניציאַטיווע און מיט דער הילף פון דעם „ועד" זיינען אויפגעקומען פינף און זעכציג ישיבות קטנות אין די צוויי צענדליג יאָר פון דער עקזיסטענץ פון דעם „ועד". און אויב די צאָל אַזעלכע ישיבות בכלל איז פאַרצענפאַכט געוואָרן אין דער דאָזיגער צייט, איז עס אין דער גרעסטער מאָס געוועזן אונטער דער השפעה פון דעם „ועד החינוך התורני".

צו דעם דאָזיגן נייעם טיפּ חדר אין אַמעריקע האָט מען געדאַרפט האָבן נייע כלים צום לערנען. האָט די דאָזיגע קערפּערשאַפט געשאַפן טעקסט־ביכער און פּעדאַגאָגישן מאַטעריאַל. דער „ועד החינוך התורני" האָט רעקאָרדירט העברעאישע לידער און שבת־געזאַנגען און זיי צע־שיקט אין די פאַרוואָרפנסטע פּונקטן אין לאַנד; ער האָט צוגעגרייט לערער און אַרויסגעגעבן אַ פּעדאַגאָגישן זשורנאַל „גליוננו", און שפּעטער אַ פּעריאָדישע אויסגאַבע אין ענגליש אונטערן נאָמען „ישיבה עדיוקעישאַן". די דאָזיגע אַרבעט איז אין די אַלע יאָרן אָנגעפירט געוואָרן פון דעם עקזעקוטיוו־דירעקטאָר דר. יצחק מרגלית.

ביז אַהער — די רויזן. איצט הויבן זיך אָן די דערנער.

„דער אידישער חינוך אין אַמעריקע האָט אָן צווייפל אָפּגעהאַלטן גאָר אַ גרויסן נצחון אין די לעצטע יאָרן — שרייבט הרב אהרן פּעטשעניק, מזרחי־פירער און מיטגליד פון דעם „ועד" — דאָך אָבער קען מען ניט זאָגן, אַז די רעזולטאַטן זיינען שוין גענוג צופרידנ־שטעלנד. אויסער ניו יאָרק בלייבן נאָך אַלץ גאַנצע זיבעציג פּראָצענט פון אידישע קינדער אָן שום אידישער דערציאונג, און אַ גרויסער

טייל קריגן אַ אידישע דערציאונג אויפן שפּיץ מעסער אין אַ זונטאָג־שולע".

גאַנצע זיבעציג פּראָצענט גאָר אָן אַ שום אידישער דערציאונג — נאָך דער גאַנצער פּראָפּאַגאַנדע און נאָך אַלע דערפאָלגן: ווי אַזוי־זשע איז דאָס צו דערקלערן?

אויב וואָס, איז די נויט פון אידישער דערציאונג היינט נאָך גרעסער ווי פריער. דער פּרעזידענט פון „ועד החינוך התורני", דר. רפאל גאָלד, האָט געעפנט נייע פענסטער פאַר אונזער בליק אויף אידישער דערציאונג. דר. רפאל גאָלד איז אַ גרויסער ברודער פון אַ גרויסן ברודער, ברודער פון דעם באַרימטן מזרחי־פירער הרב זאב גאָלד ז"ל. ער אַליין, דר. רפאל גאָלד, למדן און געלערנטער, זאָגט אַ שיעור אין גמרא און האַלט אַ פאַרטראַג אין וויסנשאַפטליכן געביט מיט דער זעלבער אויטאָריטעט און דער זעלבער חריפות. אַלס רעליגיע־זער דענקער און צוגלייך וויסנשאַפטסמאַן זעט ער דעם טראַגישן ריס צווישן תורה און וויסנשאַפט, אַ ריס, וואָס ער האַלט, איז אַן אומ־זיסטער, און קען, און וועט מיט דער צייט, פאַרהיילט ווערן, אָבער וואָס כל זמן ער עקזיסטירט, איז ער אַ שטער אין רעליגיעזער דערציאונג. דר. גאָלד איז אויך באַזאָרגט וועגן דעם אַלגעמיינעם קריזיס אין דער וועלט פון חינוך צוליב דעם גרויסן געוויכט וואָס מען לייגט אויף טעכנאָלאָגיע, אַנשטאָט הומאַניטעט. אַלס פּסיכיאַטאָר זעט ער אין דעם אַ גרויסע סכנה פאַר דער מענטשליכער נשמה בכלל, און דער אידישער נשמה בפרט.

די דאָזיגע מאָטיוון וואָלטן געדאַרפט פאַרשטאַרקן דעם דראַנג ביי אידן צו אידישער דערציאונג. און דאָך — זיבעציג פּראָצענט בלייבן נאָך אַלץ אין דרויסן.

פאַרשטייט זיך, גרעסער די נויט — גרעסער די זאָרג, גרעסער די זאָרג — גרעסער די אָנשטרענגונג, און דער „ועד החינוך התורני", וואָס ווערט אויסגעהאַלטן פון דער פאַראייניקטער באַוועגונג פון רעליגיעזן ציוניזם אין אַמעריקע, „מזרחי־הפועל המזרחי", האָט באַ־שלאָסן צו פאַרשטאַרקן זיין היסטאָרישע אַרבעט, און אונטער דער ענערגישער פירערשאַפט פון מענדל זיגמאַן, טשערמאַן פון דער עקזע־קוטיווע, און ז. מ. קערשטיין, וויס־פּרעזידענט, האָט מען זיך פאַר־נומען צו גרינדן ביים „ועד" אַ ברייטע חינוך־געזעלשאַפט.

אין דער זעלבער צייט, אויף אַן אַנדער סעקטאָר פון אידישן לעבן אין אַמעריקע, איז געווען טעטיג נאָך אַ קערפּערשאַפט, די „אַמעריקאַנער געזעלשאַפט פאַר אידישער דערציאונג" („אַמעריקען אַסאָסיעישאַן פאַר דזשואיש עדיוקעישאַן") מיט דר. יהודה פּילטש בראש, און די „דזשואיש עדיוקעישאַן קאָמיטע" מיט דר. עזריאל אייזנבערג בראש.

אין יוני פון 1959 האָט די ערשטע געזעלשאַפט אָפּגעהאַלטן איר פּערטע נאַציאָנאַלע קאָנפערענץ. צו דער דאָזיגער קאָנפערענץ איז געבראַכט געוואָרן אַ רעפּאָרט וועגן דעם צושטאַנד און כאַראַקטער פון דעם אידישן דערציאונגס־וועזן אין אַמעריקע. דער רעפּאָרט איז דער רעזולטאַט פון זיבן יאָר פאָרשונג, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אויף אַ נאַציאָנאַלן פאַרנעם.

דאָס, קען מען זאָגן, איז געווען די ברייטסטע און אומפאַסנדיגסטע אויספאָרשונג פון אידישער דערציאונג וואָס איז ביז דעמאָלט געמאַכט געוואָרן. און וואָס געפינען מיר דאָרט?

קודם די ציפער אין פּראָצענטן, מיט וועלכע מיר זיינען געוואוינט געוואָרן צו מעסטן מיט זיי דעם קלימאַט און וועטער פון דער אידישער דערציאונג אין אַמעריקע:

47 פּראָצענט קינדער באַזוכן נאָכמיטאָג־שולן צו עטליכע מאָל אַ וואָך; 45 פּראָצענט באַזוכן זונטאָג־שולן צו איין מאָל אַ וואָך; 8 פּראָצענט לערנען אין ישיבות קטנות אָדער גאַנצע טאָג־שולן. צוזאַמען קומען צו אידישן חינוך, לויטן רעפּאָרט, 554,600 קינדער אין 3,367 חינוך־אינסטיטוציעס איבערן לאַנד. דערביי לערנען מיר, אַז דער צוזואוקס אין דער צאָל קינדער, וואָס קריגן איצט אַ אידישע דער־ציאונג פון דעם אָדער יענעם מין, גרייכט 131 פּראָצענט. אין פאַר־גלייך מיט צען יאָר פריער — מער ווי פאַרדאָפּלט.

אויבנאויף אַ בילד אין העלער פאַרב. אָבער דאָס בילד ענדערט זיך באַלד אויף גרוי און שוואַרץ, ווי נאָר איר נעמט אַריינקוקן אין האַרצן פון די ציפער.

די ציפער פון 554,600 קינדער און 3,367 חינוך־אַנשטאַלטן קלינגען אַוודאי זייער אימפּאָזאַנט. אָבער דאָס איז אַ טאָפּ אין וועלכן עס זיינען

פאַרבראַקט אַלערליי קרייטעכצער, מאַנכע פון זיי זייער ביטערע, און אַנדערע אפילו גיפטיגע. פון דעם רעפּאָרט דערוויסן מיר זיך, אַז אונטער די דריי סאָרטן דערציאונגס־אַנשטאַלטן — פולע טאָג־שולן, נאָכמיטאָג־שולן און זונטאָג־שולן — דעקן זיך אין אַלגעמיין דריי הויפּט־ריכטונגען אין רעליגיעזער אידישקייט, און איין ריכטונג אין דער אַזוי גערופענער וועלטליכער אָדער נאַציאָנאַלער אידישקייט. די נאָכמיטאָג־שולן געהערן מערסטנס צו דעם לאַגער פון די קאָנסער־וואַטיווע, די זונטאָג־שולן זיינען דער פּראָדוקט פון די רעפאָרם־אידן, און די ישיבות קטנות ווערן געטראָגן פון די אָרטאָדאָקסישע אידן.

צווישן די נאָכמיטאָג־שולן פאַרנעמען אַן אַנגעזעענעם אָרט די אַרבעטער רינג שולן, די שולן פון נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד און די שלום עליכם שולן. אַ גרויסע צאָל נאָכמיטאָג־שולן זיינען אויך אָרטאָדאָקסישע, די אַמאָליגע תלמוד־תורה׳ס.

פונדאַנען זעען מיר ווי אַזוי די 3,367 קינדערשע לערן־הייזער שפּיגלען אָפּ דעם גייסטיגן מישמאַש און תהו־ובהו אין אַמעריקאַנער אידנטום: זיי זיינען רעליגיעזע (אָרטאָדאָקסישע, קאָנסערוואַטיווע, רעפאָרם), אומרעליגיעזע, אַנטי־רעליגיעזע, אומאידישע (די שולן פון דעם „אַמעריקאַן קאָונסיל פאַר דזשודאַאיזם״) און אַפילו אַנטי־אידישע (די „פּראָגרעסיווע״, געוועזענע אָרדן־שולן).

דער רעפּאָרט אַליין, וואָס האָט גענומען זיבן יאָר צוצוגרייטן, איז מודה, אַז בשעת קוואַנטיטאַטיוו האָט די אידישע דערציאונג אין אַמעריקע געמאַכט באַדייטנדיגן פאָרשריט, אָבער ווען עס קומט צו דער קוואַליטעט פון דער דאָזיגער דערציאונג „דאַן איז די לאַגע דערוויילן נאָך זייער אַ טרויעריגע״.

און ווריקליך, צי קען מען דען אָנרופן „אידישע דערציאונג״ דאָס, וואָס עס גיבן די זונטאָג־שולן? בפרט ווען די צאָל קינדער, וואָס באַנוגענען זיך מיט אַזאַ דערציאונג באַטרעפט גאַנצע פינף און פערציג פּראָצענט: כמעט אַ העלפט פון אַלע קינדער וואָס זיינען טועם עפּעס פון אידישן וויסן, קומען איין מאָל אין דער וואָך. ווען מיר דערמאָנען זיך, אַז דער יסוד פון אמת׳ער אידישקייט איז געווען דאָס „זיצן יומם ולילה און לערנען״ — און דאָס איז געווען ווייניג! — באַגרייפט מען וואָס פאַראַ אידישע טראַגעדיע עס זיינען די דאָזיגע פינף און פערציג

פּראָצענט קינדער, וואָס זיינען „עוסק אין תורה" פינף און פערציג מינוט אַ וואָך, דרייסיג וואָכן אין יאָר.

און וועגן אַלע קינדער פון אַלע טיפּן שולן אינאיינעם ווייזט אָן דער באַריכט אויף אַ זייער טרויעריגער דערשיינונג: „די מערסטע אידישע קינדער הויבן אָן צו גיין אין דער אידישער שול צו שפּעט, און פאַרלאָזן די אידישע שול צו שנעל".

דאָס דערציילט שוין אונז זייער פיל וועגן דער פּסיכאָלאָגיע פון דעם „גיין" גופא: ס'איז אַן עסק וואָס ווערט געמאַכט אָן חשק, זיכער אָן באַגייסטערונג.

קומט אַרויף אויפן זינען דער „מתמיד": וואוהין איז אַהינגעקומען דער אידישער מתמיד?

אין דעם באַריכט ווערט גאַנץ אָפנהאַרציג צוגעגעבן, אַז „אין דער גרעסטער מערהייט אידישע שולן ווערט גאַנץ קנאַפּ אויפגעטאָן", אַפילו שוין לויטן אַמעריקאַנער סטאַנדאַרד.

בלייבט אַלץ דער זעלבער סך הכל: די איינציגע ליכטיגע אויסנאַם זיינען די פולע טאָג־שולן, די ישיבות קטנות. דערויף זיינען מסכים ביידע: די „אַמעריקען אַסאָסיעישאָן פאַר דזשואיש עדיוקעישאָן" און דער „ועד החינוך התורני". אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך צונויפגערעדט.

אָבער די דאָזיגע געבענטשטע שולן דעקן נאָר אַכט פּראָצענט פון דער צאָל קינדער.

בלויז אַכט פון יעדער הונדערט אידישע קינדער אין אַמעריקע קריגן, הייסט עס, אַ ממשות'דיגע אידישע דערציאונג. און צוויי און ניינציג פּראָצענט קומען אָפּ מיט שהיע־פּהיע אָדער אָן גאָר־גאָרניט.

דערפאַר, כאָטש עס טומלט זיך ביי אונז אַזוי שטאַרק מיט אידישער דערציאונג, אַן אייביגער יאַריד, קומען מיר, גרויסע, צוריק פונם יאַריד מיט ליידיגע הענט און ליידיגע קעשענעס, און די קינדער — מיט ליידיגע הערצער און ליידיגע קעפּ. יע, —

אויפן פּריפּעטשאָק ברענט אַ פייערל
און אין שטוב איז — קאַלט...

# תורה אָן ברויט

קליין איז נאָך די צאָל ישיבות, נאָר גרויס זיינען זייערע אויפגאַבן, און ווי די אויפגאַבן אַזוי דיליידן און פּיינען. איך מיין דאָ דעם עקאָ־נאָמישן מצב פון די ישיבות, די קליינע און גרויסע באַגלייך, וואָס איז זייער אַ טרויעריגער, אַ כראָניש־קראַנקער און עסט אויף אַ שלל מיט כוחות, וואָס וואָלטן געקענט בעסער אַריינגיין אין לערנען. און אויך דאָ וועל איך דעם טרויעריגן מצב צום ליבסטן אָפּשילדערן דורך אַ מעשה, אַ מעשה פון לעבן.

אַ באַוואוסטע ישיבה אויף דער איסט־סאַיד איז געוועזן קורץ אין געלט, וואָס דאָס איז ניט קיין נייעס און ניט קיין נאָווינע. דאָס איז דאָך אַ כראָנישער צושטאַנד פון אַלע ישיבות אָן אַן אויסנאַם.

נאָר קורץ צו קורץ איז ניט גלייך. דאָ איז שוין ממש דער חלף געלעגן אויפ׳ן האַלז. מ׳האָט שוין כמה וואָכן די לערער ניט געהאַט געצאָלט קיין שכירות.

האָט מען באַשלאָסן, מ׳וועט גיין אין באַנק בעטן אַ הלוואה.

ווען איר קומט אין אַ באַנק מאַכן אַ הלוואה, פאַרלאַנגט די באַנק מ׳זאָל איר וויזן אַ גאַנצע רייע זאַכן. ערשטנס, פאַר וועלכן צוועק דאָס געליענע געלט וועט גיין; צווייטנס, וואָס איז אייער הכנסה מיט

וואָס איר האָפּט אָפּצוצאָלן די הלוואה; דריטנס, דאַרפט איר האָבן אַ צוויי גוטשטייענדיגע גוטזאָגער.

די פירער פון דער באַטרעפנדיגער ישיבה זיינען געקומען אָנגעלאָדן מיט די אַלע פּרטים, און אויך מיט צוויי געשעפטסלייט אַלס גוטזאָגער. איינער פון די גוטזאָגער האָט טאַקע דערציילט די מעשה וואָס איך דערצייל דאָ.

דער דירעקטאָר פון דער באַנק האָט זיי אויפגענומען און זיי גענומען אויספרעגן די פּרטים.

וואָס מער ער האָט אויסגעהערט די איינצלהייטן, אַלץ אַ גרעסערע איבערראַשונג האָט זיך אויסגעלייגט אויף זיין פּנים. לסוף האָט ער זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט:

— דזשענטעלמען, איר מיינט מיר צו זאָגן, אַז אַ ישיבה אַרבעט ביי אייך מיט אַ דעפיציט? איר דאַרפט אָנקומען צו אַ הלוואה אין באַנק כדי צו צאָלן די לערער? און ביי אייך נעמט מען שכר־לימוד פון די קינדער? איך וואָלט עס קיינמאָל ניט געגלויבט, ווען איך זע אייך ניט דאָ מיט מיינע אייגענע אויגן. ביי אונז איז עס ניט אַזוי.

בלייבן די ישיבה־לייט זיצן ווי דערשלאָגענע און יעדערער טראַכט ביי זיך: ניין, קיין הלוואה וועט שוין דאָ ניט זיין... לסוף פרעגן זיי דעם דירעקטאָר:

— איר זאָגט „ביי אונז איז ניט אַזוי". ווער זייט איר?

— איך בין אַ קאַטאָליק, — האָט ער זיי געענטפערט.

— טאָ ווי אַזוי פירט זיך ביי אייך? — האָבן אים די אידן געפרעגט.

און דער קאַטוילישער דירעקטאָר פון דער באַנק האָט זיי אויפגעקלערט: ביי די קאַטאָליקן איז ניטאָ אַזאַ זאַך ווי עס זאָל אויספעלן געלט פאַר אַ פּאַראָקיעל סקול. עס איז אומדערהערט, אַז מ'זאָל זיין הינטערשטעליג מיט שכירות פאַר די לערער. עס איז אויך ניט געהערט ביי די קאַטאָליקן, אַז די קינדער זאָלן צאָלן שכר־לימוד. אין די קאַטוילישע שולעס קריגן די קינדער אַלץ פריי: אונטערריכט, ביכער, און אַפילו אַן איבערבייס. און די מערסטע קאַטוילישע קינדער קריגן אַ קאַטוילישע דערציאונג. היינטיגס יאָר, אין איצטיגן מאָמענט — האָט ער זיי געזאָגט — בויען זיך נייע קאַטוילישע סקול־געביידעס

אין אַמעריקע וואָס באַטרעפט אַרום הונדערט מיליאָן דאָלאַר...

— ווי אַזוי מאַכט איר עס? וואו נעמט איר דאָס געלט?

— וואָס הייסט וואו? — האָט דער קאַטוילישער דזשענטלמאַן געענטפערט — ביי אונז, ביי די קאַטאָליקן, ביי די וואָס געהערן צו דער קאַטוילישער קירכע. יעדער איינער פון אונז ווייס, אַז ער דאַרף געבן פאַר די פּאַראָקיעל סקולס און בכלל פאַר די בילדונגס־אינסטי־טוציעס פון אַלע מינים, פון פּאַבליק סקול ביז אוניווערזיטעט, וואָס די קאַטאָליקן האָבן זיי אין די טויזנטער אין אַמעריקע. יעדער איינער פון אונז ווייס גענוי וויפיל ער דאַרף געבן: ער דאַרף געבן אַזוי פיל ווי דער גלח הייסט אים. און דער גלח ווייס גאַנץ גוט וויפיל איינער איז אימשטאַנד בייצושטייערן...

אָפּגעגעבן די דערקלערונגען, האָט זיך דער קאַטוילישער באַנקיר אוועקגעלאָזט אין מוסר זאָגן:

— ווי איז עס מעגליך — האָט ער געפרעגט — ווי אַזוי זאָל מען עס פאַרשטיין, אַז אידן, וואָס האָבן געבראַכט צו דער וועלט איר רעליגיעזן גלויבן, זאָלן אַליין ווערן אַזוי באַכלעסיג אין דער רעלי־גיעזער דערציאונג פון זייערע קינדער? אַמאָל האָבן זיך אַלע פעלקער געלערנט פון אייך, און היינט...

ער איז געזעסן און האָט ממש געשאָרט הייסע קוילן אויף די קעפּ פון די צעטומלטע ישיבה־לייט. נאָר דאָס ערגסטע איז ערשט געקומען לסוף, ווען ער האָט זיי פאַרטרויט און געזאָגט, אַז ער אַליין וואוינט ניט אין ניו־יאָרק, נאָר אין אַ סאַבורב — ער האָט זיי אָנגע־רופן דאָס שטעטל — „און מיר האָבן דאָרט אַ פיינע פּאַראָקיעל סקול — האָט ער געזאָגט — און מאַנכע פון די שענסטע באַלעבאַטישע אידישע טעכטער פון שטאָט גייען אין אונזער סקול"...

— די אידישע קינדער זיינען ווילקאָמען אין אונזער קאַטוילישער סקול — האָט דער באַנקיר פאַרגעזעצט — מיר באַגעגענען זיי האַלב וועג: קאַטוילישע קינדער, וואָס גייען אין אַ קאַטוילישער סקול, מוזן גיין אין קלויסטער אויך ווי אַ טייל פון זייער דערציאונג, אָבער די אידישע קינדער, פון זיי פאָדערט מען ניט צו גיין אין קלויסטער...

די ישיבה־לייט האָבן אויסגעהערט דעם קאַטוילישן באַנק־דירעק־טאָר מיט צעוויטאָגטע הערצער. זיינע מוסר־רייד, און דער באַריכט

וועגן אידישע קינדער וואָס גייען אין קאַטוילישע סקולס, האָבן זיי שוין געמאַכט פאַרגעסן אין דעם צוועק פון זייער קומען. און ס'האָט זיי שוין ניט געאַרט צי זיי וועלן קריגן די הלוואה אָדער ניט.

נאָר זיי האָבן געקראָגן. דער קאַטוילישער באַנקיר האָט באַוויליגט די הלוואה.

אַ קאַטאָליק וועט דאָך ניט לאָזן אידישע קינדער אָן אַ רעליגיעזער דערציאונג!...

אונזערע הייליגע ספרים זאָגן: האומר דבר בשם אומרו מביא גאולה לעולם, ווער עס דערציילט אַ זאַך אין נאָמען פון איר דערציילער יענער ברענגט אויסלייזונג צו דער וועלט. וועל איך דעריבער זאָגן פון וועמען איך האָב געהערט די מעשה. איך האָב זי געהערט פון דעם באַוואוסטן כלל־ און ישיבה־טוער ר' יצחק מאיר בונים.

אויב דאָס וועט ניט אויסלייזן די וועלט פון איר בייז, און ניט אויסלייזן די אידן פון גלות, אפשר וועט עס כאָטש אויסלייזן אידישע קינדער פון קאַטוילישע סקולס...

## „אַ פּיל צום שלאָפן"

אַז מען הערט איין שיינע מעשה, ווילט זיך הערן נאָך איינע. וועל איך דערציילן נאָך אַ מעשה. אַ מעשה מיט אַ פּיל צום שלאָפן. אָבער ס'איז אַלץ אין שייכות מיט די ישיבות, אוי, נאָך ווי!

ס'איז אַ באַוואוסטע זאַך, אַז צענדליגער מיליאָנען מענטשן היינטיגע צייטן אין אַמעריקע גייען ניט שלאָפן אַנדערש ווי מיט אַ שלאָפפּיל. פון די שווערע דאגות און אייביגע סכנות איז פאַרוואָגלט געוואָרן דער שלאָף ביי דעם מאָדערנעם מענטשן, און ער מוז זיך נעבעך באַטויבן מיט נאַרקאָזן, מיט גוואַלד זיך פאַרקלעפּן די אויגן, כדי צו געפינען עטליכע שעה רו אין דער נאַכט.

און איך בין זיך מודה, אַז איך, אייער קנעכט, גיי אויך אָפּט צו דער שלאָפפּיל נאָך הילף. ניט איינמאָל ברעכט דער קאָפּ איבער אַן אַרטיקל וואָס איז ניט אָנגעשריבן געוואָרן אין צייט, אָדער אַ טעמע וואָס לאָזט זיך ניט איינבייסן, אָדער עפּעס אַן אַנדער צרה, און דעמאָלט ווייס איך שוין אַפריער, אַז איך וועל ניט קענען שלאָפן די נאַכט. נעם איך די פּילוליע מיטן ביסעלע שיכרות, און ווער גענעזן.

נאָר זאָגן מוז איך איך, אַז דער שלאָף אַליין פון אַזאַ פּיל איז ניט קיין גאַנץ אָנגענעמער. ער איז עפּעס אַ טרוקענער, אַ האַרטער, אַ קלאָציגער. דער גוף ווערט אַזוי ווי אָוועקגענומען ביי איך און

ערגעץ אַוועקגעלייגט, אַ שטיינערנע זאַך, און דער גייסט טיילט זיך אָפּ פון גוף און ווערט גאָר אַ פרייער פויגל. ער פליט אָפּט אַוועק אין אַזעלכע פאַנטאַסטישע וועלטן און זעט אַזעלכע אויסטערלישע זעאונגען, אַז ס'איז ניט צו באַשרייבן. די חלומות פון נאָרמאַלן שלאָף זיינען גאָרניט קיין גלייכן דערצו.

און דער הויפּט־חילוק צווישן נאָרמאַלע חלומות און שלאָפפּיל־חלומות איז דער: ווען איר שלאָפט מיט אַ שווערן געמיט אַ נאָרמאַלן שלאָף, ווען די חלומות דאָס רוב זיין שווערע און פינסטערע קאָשמאַרן. אָבער די חלומות אין קינסטליכן שלאָף זיינען כמעט שטענדיג ליכטיגע און הייטערע. זיי נעמען אייער צרה און גיסן אויס אַ ראָזעווע שיין איבער איר.

פון איינעם אַזאַ פאַל וואָס האָט געטראָפן מיט מיר וויל איך דאָ דערציילן.

עס האָט צו טאָן מיט אונזער ענין, די ישיבות, און זייער טריבן, דערדריקנדיגן עקאָנאָמישן מצב. נאָר אָנהויבן האָט זיך עס אָנגעהויבן דווקא מיט אַ — רייכן פּאַלאַץ. ומעשה שהיה כך היה:

אַ פריינט האָט מיר דערציילט אַ מעשה מיט אַ אידן, וואָס האָט זיך געלאָזט אויפבויען אַ הויז פאַר פופציג טויזנט דאָלער. בלויז פאַר אים מיטן ווייב, ווייל די קינדער זיינען שוין אַלע אויסגעגעבן געוואָרן. אַ הויז פון אַ צען צימערן. אָבער ווען דאָס פּאָרל האָט זיך אַריינגע־צויגן, האָבן זיי געפונען אַז דאָס הויז איז צו גרויס פאַר זיי: צו וואָס דאַרפן צוויי מענטשן צען צימערן? האָט דער איד גענומען און האָט אַוועקגעשענקט דאָס הויז אַ טאָכטער, און פאַר זיך האָט ער געלאָזט בויען אַ ניי הויז, ווידער פאַר פופציג טויזנט דאָלער, נאָר שוין אַ קלענערס, פּאַסיג פאַר אַן עלטערן פּאָרפאָלק.

נון, וועט איר פרעגן, איז צוליב דעם כדאי צו פאַרלירן שלאָף? אדרבא! זייט איר גערעכט, ווען ניט די צווייטע זאַך וואָס האָט געטראָפן.

גלייך נאָך דער דאָזיגער מעשה קומט צו מיר אַ צווייטער פריינט און עפנט פאַר מיר אַ אידישע צייטונג און הייסט מיר לייענען. ער ווייזט מיר מיט אַ פינגער אויף אַ גרויסער אַנאָנס. איך לייען: ס'איז אַן אַנאָנס מיט אַ פאַרצווייפלטן געשריי פון דער גרעסטער ישיבה אין אַמעריקע, אפשר די גרעסטע היינט אין דער וועלט, גרויס און באַרימט

מיט איר צאָל תלמידים, מיט איר תורה, מיט די גרויסע תלמידי־חכמים וואָס זיינען דאָרט מרביץ תורה: די ישיבה תורה ודעת ומתיבתא, און דער געשריי איז: אידן, ראַטעוועט! ס'איז עק וועלט!...

און דער פּריינט רוימט מיר דערביי איין אַ סוד אין אויער: שוין דער פינפטער חודש אַז די ראשי ישיבה האָבן ניט געקראָגן קיין שכירות...

אָט דאָס איז געווען די צווייטע מעשה.ביידע אין איין טאָג. און ס'איז געווען אַזוי ווי צען טאָן בליי וואָלטן זיך מיר געלייגט אויפן האַרצן. פון איין זייט אַ רייכקייט און אַ לוקסוס, ליידיגער וואוילטאָג איבער דער מאָס; פון דער אַנדערער זייט אַ באַרימטע תורה־אינסטיטוציע אין דחקות און הונגער. און ניט מעבר לים, נאָר אין דער זעלבער אַמעריקע, טאַקע ביי יענעם אידן אונטער דער סאַמע נאָז...

האָב איך שוין יענע נאַכט גענומען מיין כישוף־פּיל צום שלאָפן.

און הערט אַ וואונדער: איך בין איינגעשלאָפן, און באַלד איז דער גוף געלעגן ווי אַ קלאָץ, אָבער דער געדאַנק — ער האָט גענומען אַרומשוועבן אין מאָדנע שיינע וועלטן, מיט מאָדנע בילדער, אַפילו מיט חידושים אין געדאַנק און תורה, וואָס איך פאַרשטיי גאָרניט פונוואַנען דאָס נעמט זיך צו אַ פּיל...

די ערשטע זאַך האָט זיך מיר געדוכט אַזוי ווי אַן אומהערבאַרע שטימע וואָלט מיר איינגערוימט אין אויער:

— דו נעמסט די זאַך צו־פּשוט! שייך צו זאָגן אַז אידן וועלן גלאַט אַזוי זיך לאָזן אַזאַ ישיבה הונגערן... ביסט דאָך אַ מקטרג אויף אידן! ניין, ס'איז ניט אַזוי פּשוט. ס'איז גאָר אין אמת'ן לשם שמים...

צי שטייט ניט געשריבן, אַז נאָר ווען אַ רבי איז גלייך צו אַ מלאך מעג מען ביי אים לערנען תורה, און אויב ער איז ניט גלייך צו אַ מלאך טאָר מען ביי אים קיין תורה ניט לערנען? אַזוי שטייט, בפירוש, און ווי אַזוי ווערט אַ מענטש אַ מלאך?

פלעכט זיך מיר דאָ אַריין אין דעם חלום אַ נייע מעשה, גאָר פון אַנדער זייט. איינמאָל, ערב יום כיפּור, בין איך אַריין צו אַ גוטן אידן ער זאָל מיר ווינטשעווען. פאַר אָוועקגאַנג דריקט ער מיר די האַנט און ווינטשעוועט מיר אַן אַ פולן קאָפּ, און לסוף איז ער מוסיף: איר זאָלט האָבן אַ גרינגן תענית...

מאַך איך צו אים: רבי, ווי שטימט עס, שטייט דאָך „ועניתם את נפשותיכם", איר זאָלט פייניגן אייער נפש; איז כדי מ'זאָל באמת יוצא זיין די מצווה וואָלט מען דאָך, ריכטיג געזאָגט, געדאַרפט בעסער ווינטשן איינער דעם אַנדערן אַ שווערן תענית...

ענטפערט דער גוטער איד: דער אמת'ער זין פון דעם תענית איז ניט צו פייניגן דעם נפש, נאָר צו ווייזן אַז אידן זיינען גלייך צו מלאכים: זיי קענען אויסקומען אָן עסן...

אַצינד אין מיין שלאָף אונטער דער באַרעמהערציגער פיל האָב איך זיך דערמאָנט אין יענעם פירוש פון דעם רבי'ן און איך האָב זיך געטראַכט: די רביים און ראשי ישיבה פון „תורה ודעת" — און דען נאָר פון תורה ודעת? אין אַנדערע ישיבות איז דען בעסער? — הונגערן טאַקע, אָבער דערפאַר ווערן זיי בעסערע רביים, זיי ווערן גלייך צו מלאכים...

און באַלד לויפט מיר אָן נאָך אַ נייער געדאַנק און עס ווערט מיר נאָך גרינגער. אַז מ'וויל זאָגן, טראַכט איך, איז דער מאַלעיר ניט אַזוי גרויס. עס שטייט געשריבן, אַז די תורה איז געגליכן צו פינף זאַכן: צו וואַסער, צו וויין, צו האָניג, צו מילך און צו בוימל. נון, איז וואַסער, און וויין און האָניג, מילך און בוימל האָבן זיי, די רביים פון דער ישיבה, איבערגענוג. זיי קענען זיך ממש באָדן אין מילך און אין בוימל. איז דער עיקר וואָס זיי פעלט נאָך איז — ברויט. אָבער ווי שטייט געשריבן: ג-ט שיקט צו די רפואה פאַר דער מכה: קומען היינטיגע דאָקטוירים און טענה'ן, אַז די בעסטע דיעטע איז אָן ברויט...

איז שוין ווידער גוט. נאָר באַלד גיט זיך אַ מיש אַ בלעטל אין זכרון און עס דערמאָנט זיך: עס שטייט דאָך געשריבן „אם אין קמח אין תורה", אויב ס'איז ניטאָ קיין מעל (ברויט) איז ניטאָ קיין תורה...

איז די מעשה דערפון אַזוי. מיר האָבן געלערנט, אַז יעדער איד האָט אַ חלק אין עולם הבא. פרעגט די וועלט אַ קשיא: ווי איז דאָס מעגליך? עס זיינען דאָך דאָ אידן רשעים אויך? איז דער תירוץ: מ'שמועסט פון כלל ישראל. אין דעם כלל זיינען דאָ אַלערליי אידן, גרויסע צדיקים און גרויסע רשעים, און אַלץ אינאיינעם גלייכט זיך אויס און אַלע זיינען גלייך ראוי צו עולם הבא.

אַזוי איז דאָ מיטן „אין קמח אין תורה״. מען מיינט דעם גאַנצן כלל. אין כלל ישראל זיינען דאָ אידן וואָס האָבן דעם „קמח״, און אידן וואָס האָבן די תורה. אינאיינעם גלייכט זיך עס אויס.

און צוריקגעשמועסט: מיר ווייסן אַז עס זיינען דאָ אידן וואָס האָבן ברוך השם ברויט און האָבן ניט קיין תורה, מעגן אויך זיין אידן וואָס האָבן תורה און האָבן ניט קיין ברויט!

אַזוי לערן איך אַלץ פון מיין לייטזעליגער שלאָפפיל, און עס איז שוין ווידער אַלץ גלאַט און פאַרענטפערט...

נאָר פלוצלונג אַ נייע קשיא, וואָס מסתמא דער שטן וואַרפט אַריין:

און וואָס איז מכח אַ שטיקל פלייש אויף שבת און יום־טוב, אַ מלבוש פאַר ווייב און קינדער? דירה־געלט פאַרן באַלעבאָס, לענדלאָרד בלע״ז...

נאָר אין מיין צויבער־פיל איז דאָ אַן ענטפער אויף אַלץ. עס שטייט אין די הייליגע ספרים „הפוך בה והפוך בה דכולה בה״, קער אין דער תורה און קער, זוך אין איר און זוך, ווייל אַלץ איז דאָרט דאָ: זאָלן נאָר די ראשי ישיבה פון „תורה ודעת״ און פון אַלע ישיבות גוט זוכן, בלעטערן און מישן די תורה מער און מער, ווייטער און ווייטער, און זיי וועלן דאָרט געפינען פלייש אויך, און פיש, און אַ מלבוש: שטייט דען ניט דאָרט דער „סיר הבשר״? און יונה׳ס פיש, און די בגדי כהונה פון דעם כהן גדול באַשריבן מיט אַלע פיטשעווקעס... אין דער תורה איז אַלץ דאָ כיד המלך...

און וואָס שייך דירה־געלט, איז היינטיגע צייטן וואַרפט מען ניט אַזוי גרינג אַרויס פון דירות אין אַמעריקע. דערויף איז דאָ רענט־קאָנטראָל. דער באַלעבאָס דאַרף זיך גוט אָנמאַטערן ביז מ׳וואַרפט אַרויס אַ שכן. און פאַר וועמעס וועגן מיינט איר איז רענט־קאָנטראָל געמאַכט געוואָרן, אויב ניט פאַר די ישיבה־לייט? וואָס דען, פאַר יענעם אידן מיט די צוויי 50,000־דאָלערדיגע לוקסוס־הייזער?

אָט אַזוי האָב איך פאַרבראַכט אַ גליקליכע נאַכט נאָך יענעם אומגליקליכן טאָג מיט דעם גרויסן וויי־געשריי פון דער גרויסער ישיבה. צו פאַרדאַנקען דעם קליינעם קיילעכל, דער שלאָפפיל. אַלע נויטן און פיינען פון די ישיבות און די ראשי ישיבה זיינען געלייזט און געהיילט געוואָרן על צד היותר טוב.

נאָר די וועלט זאָגט אַ ווערטל : ניטאָ קיין שלעכטס אָן גוטס, און ניטאָ קיין גוטס אָן שלעכטס. נאָך אַ באַשטימטער צייט הויבט זיך אָן אויסוועפּן דער כח פון דער צויבערליכער פּיל, און דעמאָלט קען אָנטרעטן אַ דעפּרעסיע, וואָס איז נאָך שווערער ווי די דעפּרעסיע פון וועלכער זי האָט איך געהיילט.

און אַזוי איז טאַקע געשען מיט מיר. נאָך דער גליקליכער לייזונג, וואָס איך האָב געפונען אין שלאָף פאַר אַלע צרות פון דעם הייליגן תורה־אַנשטאַלט, האָב איך פּלוצלונג אין שלאָף דערזען אַזאַ דער־שרעקנדיג בילד :

עס שטייט אַ גרויסער טיש, און אַרום טיש זיצן אידן מיט גע־זיכטער פון תלמידי חכמים. שיינע, איידעלע געזיכטער, די תורה שטראַלט אַראָפּ פון זיי. איך דערקען : דאָס זיינען די רביים פון דער ישיבה. דער טיש איז געגרייט, נאָר קיין ברויט זע איך ניט אויף אים. און די אידן זיצן און שוויגן : הפּנים זיי האָבן זיך געוואַשן צום עסן, נאָר זיי קענען קיין המוציא ניט מאַכן : ניטאָ איבער וואָס ! אָדער אפשר האָבן זיי עפּעס טועם געווען און זיי ווילן אַצינד בענטשן, נאָר מ׳טאָר ניט בענטשן ביי אַ טיש אויף וועלכן עס געפינט זיך ניט קיין בראָקן ברויט...

קוק איך אָן די שטומע פּנימ׳ער אַרום דעם ליידיגן טיש און אַ נייע מחשבה קומט מיר אויף : אפשר זאָל מען די ראשי ישיבה גאָר געבן שלאָפפּילן ? דאָס וואָלט געלייזט אַלע שווערע פּראָבלעמען ! שלאָפּ־פּילן... דאַרף מען זיך וואַשן צו שלאָפפּילן ? מאַכן אַ ברכה און בענטשן אויף זיי ? וואָס פאַרא ברכה מאַכט מען אויף אַ שלאָפפּיל ?

דער עיקר פון דעם עסן איז דאָך די ברכה...

און איך וואַרט צו הערן זייער ברכה און אויף דער צונג ליגט מיר צו זאָגן „ברוך הוא וברוך שמו, אָמן“, נאָר די צונג איז מיר אַזוי ווי אָפּגענומען, פּאַראַליזירט.

— איך בין פּאַראַליזירט ! — האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ ציטערניש, און איך האָב זיך אויפגעכאַפּט אין אַנגסטן. זי קומט אָן, די שווערע שטימונג, האָב איך געטראַכט. די אילוזיע איז אַוועק און די טרויעריגע ווירקליכקייט איז דאָ צוריק. איך האָב געוואוסט, אַז איך וועל שוין האָבן אַ ביטערן טאָג, און אַז עס וואַרט אויף מיר ווידער אַ שלאָפּ־לאָזע נאַכט. וואָס־זשע מיינט איר האָב איך געטאָן ?

איך האָב די צווייטע נאַכט ווידער געגומען אַ שלאָפפּיל...

די מעדיצינער ווייסן גאָרניט וואָס פאַרא וואונדערליכן צויבער־מיטל זיי האָבן דערפונדן אין דער שלאָפפּיל: ס'איז אַ טייער מיטל פאַר אידן צו אַנטלויפן פון זייערע פליכטן און דערנאָך פאַרשפּילן זייער געוויסן מיט פאַרביגע שפּילערייען אין שלאָף...

נאָר סוף כל סוף שטעלט זיך אַן אַנדער פראַגע: וואָס פאַרא חשק צו תורה און וואָס פאַרא דרך־ארץ פאַר תורה קענען די תלמידים ירש'ענען, ווען זיי זעען, פון איין זייט, פּופּציק טויזנט דאָלערדיגע לוקסוס־הייזער, און פון דער אַנדערער זייט די הונגעריגע טישן פון זייערע גרויסע רביים?

ווער קען געבן אַ רעכטן ענטפער אויף דערדאָזיגער פראַגע?

ווידעראַמאָל טאַקע — אַ שלאָפפּיל...

# השפעה פון פּאַבליק־סקול אויפ׳ן אידישן קינד

מיר האָבן אויבן גערעדט פון דער אַמעריקאַנער פּאָלקס־שול ווי זי האָט זיך באַוויזן אין איר דעמאָראַליזירטן צושטאַנד, און וואָס פאַר אַ ווירקונג זי קען האָבן אויפ׳ן אידישן קינד וואָס לערנט אין איר. מיר ווען איצט זען די פּאָבליק סקול, און אויך די היי־סקול, אין זייער נאָרמאַלן צושטאַנד:

וואָס פאַרא השפעה האָט די אַמעריקאַנער פּאָלקס־שול אויף דער אידישקייט פון דעם אידישן קינד, די אַמעריקאַנער פּאָלקס־שול וואָס איז גרינטליך אָפּגעטיילט פון רעליגיע?

איידער די מאָדערנע פּאָלקס־שול, אין אַמעריקע און אייראָפּע, איז אויפגעשטעלט געוואָרן, איז די דערציאונג פון קינדער ביי די פעלקער געלעגן אין די הענט פון דער קירכע. נאָך דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע און נאָך דער פראַנצויזישער, ווען די קירכע איז אָפּגע־טיילט געוואָרן פון דעם שטאַט, איז די דערציאונג פון דעם יונגען דור אַרויסגענומען געוואָרן פון די הענט פון דער קירכע און איז אַריבער איבגעאַנצן צו דער מלוכה. און דער געדאַנק איז אָפּט אַרויס־געזאָגט געוואָרן, אַז די אמת׳ע רעוואָלוציע אין דער וועלט איז גע־לעגן אין אָט דער געשעעניש, וואָס מען האָט אַוועקגענומען פון דער

קינדער־שול דעם גלח און אויף זיין אָרט אַוועקגעשטעלט דעם פּאָליטיקער.

אין פראַנקרייך איז די זאַך צוגעגאַנגען אַ רעכט ביסל אַנדערש ווי אין אַמעריקע. אין פראַנקרייך האָט די מלוכה אָנגענומען אַ שאַרפע פיינטליכע שטעלונג צו דער קירכע. די רעוואָלוציע האָט אַפילו געפּרואווט איינשטעלן אַ נייע רעליגיע, די רעליגיע פון פאַרשטאַנד. אין אַמעריקע איז קיינמאָל ניט געווען קיין אַנטאַגאָניזם פון דעם שטאַט לגבי דער קירכע און אַוודאי ניט לגבי רעליגיע. פאַרקערט, אין אַמעריקע טראָגט זיך אַ רעליגיעזער טאָן דורך דעם סאַמע באַגריף פון דעמאָקראַטיע און שטאַט. דער סופרים־קאָורט האָט אַ סך מאָל דעפינירט אַמעריקע ווי אַ קריסטליכע מדינה. די „דעקלאַריישאָן אָוו אינדעפּענדענס" באַגרינדעט איר אויטאָריטעט אויף „דעם באַשעפער", דעם „גאָט פון דער נאַטור" און דעם „העכסטן ריכטער פון דער וועלט". דזשאָרדזש וואַשינגטאָן, דער ערשטער פּרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַטן, אין זיין ערשטער איינוויהונגס־רעדע, געהאַלטן דעם 30טן אַפּריל, 1789, ביי זיין ערשטן אויפטריט פאַר'ן קאָנגרעס, האָט געזאָגט:

„עס וואָלט געווען אין העכסטן זין אַן אומרעכט אויסצולאָזן, אין דעם דאָזיגן ערשטן אָפיציעלן אַקט, מיינע הייסע תפילות צו דעם אַלמעכטיגן וועזן, וואָס הערשט איבער דעם אוניווערז... קיין פאָלק קען ניט זיין מער פאַרפליכטעט צו אָנערקענען און לויבן די אומזיכטבאַרע האַנט וואָס פירט דעם גורל פון די מענטשן, ווי דאָס פאָלק פון די פאַראייניגטע שטאַטן. יעדער שריט וואָס זיי האָבן געמאַכט צו דעם מעמד פון אַ זעלבסטשטענדיגער אומה, האָט זיך באַשיינפּערליך אויסגעצייכנט מיט אַ צייכן פון דער השגחה".

עס וואָלט פאַרנומען צופיל פּלאַץ אויסצומאָלן דאָס גאַנצע בילד פון אַמעריקע אַלס קריסטליך לאַנד. איך וועל דאָ נאָר נאָך פאַרצייכענען די פאָלגנדע כאַראַקטעריסטישע מאָמענטן: אויפ'ן אַמעריקאַנער געלט איז אָפּגעדרוקט עטוואָס, וואָס מ'געפינט ניט אין קיין שום אַנדער לאַנד: „אין גאָד ווי טראָסט" (מיר טרויען אין ג־ט). פריער איז עס געווען נאָר אויף מטבעות. היינט איז עס שוין אויך אויפ'ן פּאַפּירגעלט. יעדער זיצונג פון דעם קאָנגרעס ווערט געעפנט מיט אַ תפילה

פון אַ גלח, און אַמאָל אויך פון אַ רב. פּרעזידענט אייזענהאַוער האָט איינגעפירט צו עפענען יעדע זיצונג פון קאַבינעט מיט אַ תפילה.

פונדעסטוועגן, ווען ס'איז געקומען צו דער קינדער־שול, די אַזוי גערופענע „פּאַבליק סקול", איז יעדער סימן פון רעליגיעזן אונטער־ריכט פון דאָרט באַזייטיגט געוואָרן (אויסער די פייערונגען פון קריסט־מעס און איסטער, וואָס זיינען אַ קאַפּיטל פאַר זיך). ווי אַזוי איז דאָס צו דערקלערן ?

ווען מען שטודירט די גאַנצע פראַגע היסטאָריש, אַנטפּלעקט זיך אַ גאַנץ מערקווירדיגע זאַך : די רעליגיע איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פון די אַמעריקאַנער פאָלק־שולן ניט דערפאַר וואָס אַמעריקע איז אין יענער צייט געווען אָריענטירט אַנטי־רעליגיעז. פאַרקערט, אַמעריקע איז דעמאָלט געווען טיף־רעליגיעז, שטאַרק פרום, זייער קריסטליך. נאָר די הויפּט־סיבה איז געווען דער קריסטליכער סעקטאַנטיזם. דאָס קריסטנטום איז דעמאָלט, אַזוי ווי היינט, געווען צעשפּאָלטן און צע־ריסן אין אַזוי פיל באַזונדערע, זיך באַקעמפנדיגע סעקטעס און ריכ־טונגען, אַז מ'האָט ניט געפונען קיין שום מעגליכקייט איינצושטעלן אַן איינהייטליכע פּראָגראַם פון קריסטליכער דערציאונג וואָס זאָל צופרידנשטעלן אַלע צדדים. די פּראָטעסטאַנטן האָבן ניט געקענט משיג זיין ווי אַזוי זיי קענען, אָדער אַפילו מעגן, מיט זייערע שטייערן באַזאָרגן קאַטוילישן אונטערריכט פאַר קאַטוילישע קינדער, ווען ערשט נעכטן האָט מען געמאַכט פּאַגראָמען אויף די קאַטאָליקן. איז מען געקומען צו אַ פשרה : אויסשליסן אינגאַנצן רעליגיעזן לימוד פון די קינדער־שולן.

די דאָזיגע פשרה איז מעגליך געוואָרן נאָך צו פאַרדאַנקען אַן אַנדער אומשטאַנד : דאָס לעבן פון גאַנצן פאָלק אין יענער צייט איז געווען אַזוי געדיכט דורכגענומען מיט רעליגיעזן סענטימענט, אַז מען האָט געגלויבט, אַז די היים און די קירכע אַליין וועלן זיין גענוג כדי צו דערהאַלטן די דורות ביי אמונה.

אָבער די צייטן האָבן זיך געביטן. דאָ אַזוי ווי אין אייראָפּע. און אין אייראָפּע געפינען מיר, אַז אין ענגלאַנד איז רעליגיעזער אונטערריכט צוריק איינגעשטעלט געוואָרן אין די פאָלקס־שולן, און דווקא אונטער דער לייבאָר־רעגירונג, אויסער פאַר אַזעלכע קינדער

וואָס זייערע עלטערן זיינען אויסדריקליך קעגן אַזאַ אונטערריכט.

אָבער אין אַמעריקע ווערט די פּאַבליק־סקול אָפּגעהיט מיט דער גרעסטער שטרענגקייט קעגן דעם מינדסטן פּרואוו אַריינצופירן עפּעס פון אַ לימוד וואָס שמעקט מיט רעליגיע. צוויי הונדערט קריסטליכע דענאָמינאַציעס זיינען דאָ אין אַמעריקע, און איינע היט די אַנדערע, און אידן קוקן אויף די פינגער די קריסטן, און די פריידענקער האַלטן אַן אויג איבער אַלע ביידע, און דער סופרים קאָורט האַלט שטרענגע וואַך איבער אַלעמען...

ווי עס לערנט אונז דער פאָלגנדיגער פאַל:

אין דעם זומער פון 1957 איז אין איינעם פון די שטאַטן פון אַמעריקע, אין ניו־ידזשוירזי, זיך פאַרלאָפן אַ מעשה, וואָס עפנט פאַר אונז אַ פענסטערל אַריינצוקוקן אין דער נשמה פון דעם אַמעריקאַנער קינד בכלל און דעם אידישן קינד בפרט.

אין ניו־דזשוירזי איז דאָ אַ שטאָט מיט'ן נאָמען עדזשוואָטער פּאַרק. אין די פּאַבליק סקולס פון עדזשוואָטער פּאַרק פירט זיך, אַזוי ווי אין אַלע פּאַלקס־שולן פון אַמעריקע, אַז די קינדער קריגן דאָרט אַ מאָלצייט דורכ'ן טאָג. און אַ מנהג איז דאָרט געווען מקדמונים, אַז ווען די קינדער פלעגן זיך זעצן עסן, פלעגן זיי זיך אויפשטעלן און בציבור מאַכן אַ ברכה, אויפ'ן קריסטליכן שטייגער. אַ סך יאָרן האָט זיך דאָרט אַזוי געפירט.

ביז איינמאָל אין אַ שיינעם טאָג, איז דעם פאָטער פון איין קינד געקומען אויף דער מחשבה, אַז מאַכן די ברכה אין דער שולע איז קעגן דער קאָנסטיטוציע. וואָרים אַ ברכה איבער'ן עסן איז דאָך אַ רעליגיעזער אַקט, און אין אַמעריקע איז אָפּגעטיילט די קירכע פון שטאַט, און דאָ זיינען געווען פאַרוויקלט גאַנצע צוויי שטאַטליכע זאַכן: די שול־געביידע איז געווען אַ שטאַטליכע, און די שפּייז אַ שטאַטליכע, אַפילו אַ פעדעראַלע.

און אויף דער פאָדערונג פון דעם דאָזיגן פאָטער האָט די פאַר־וואַלטונג פון די שולן (די „סקול באָארד") געגעבן אַ באַפעל אָפּצושאַפן דעם מנהג: אויס, מ'מאַכט ניט קיין ברכה צום עסן...

איז באַלד געוואָרן אַ גרויסע מחלוקת אין שטאָט. ביז מ'האָט זיך געווענדט מיט דער זאַך צו דעם יוסטיץ־מיניסטער (אַטורני

דזשענעראַל) פון ניו־דזשוירזי סטעיט ער זאָל פּסק'ענען. און ער האָט גע'פסקנ'ט אַז גערעכט איז יענער בירגער: מאַכן אַ ברכה איבער'ן עסן איז אַ רעליגיעזער אַקט און איז אומגעזעצליך און ניט דערלאָז־באַר אין אַ פאָלקס־שול. אָבער ער האָט געמאַכט אַ פשרה: אַ ברכה — ניט, אָבער דעם זשעסט פון אַ ברכה מעג מען מאַכן: אַנשטאָט דער ברכה קענען די קינדער אָפּהיטן אַ רגע שטיין אין שטילשווייגן פאַר'ן עסן, אָבער בתנאי אַז עס זאָל טאַקע זיין געשוויגן, און מ'זאָל, חלילה, נישט אַריינ'גנב'ענען די ברכה אין דער שטיל (זע „ניוסוויק", אויגוסט 12, 1957).

קיינער וועט ניט פאַרפעלן צו זען די שניידיגע סתירה וואס דאָ באַשטייט: די פירער און די גדולים פון דער מדינה, דער קאָנגרעס און דער סענאַט, און די געזעצגעבערישע קערפּערשאַפטן פון אַלע אַכט און פערציג שטאַטן, און אַליין דער פּרעזידענט מיט זיין קאַבינעט — זיי מעגן יאָ, אין די אָפיציעלע געביידעס פון דער מלוכה, אַנהויבן זייער אַרבעט זיך אויפשטעלנדיג אין אַ תפילה; און די קינדער אין די שולעס, די תינוקות של בית רבן, זיי טאָרן נישט...

די מעשה מיט דער ברכה איז ניט קיין איינציגער און ניט קיין זעלטענער פאַל, וואָס ווייזט ווי שטרענג די אַמעריקאַנער שול־סיסטעם ווערט אָפּגעהיט קעגן דער אַריינדרינגונג פון יעדער רעליגיעזער השפעה. אַלע מאָנטאָג אוןָ דאָנערשטאָג קומט ערגעץ־וואו פאָר עפּעס פון דעם זעלבן כאַראַקטער.

די ביבל טאָר נישט אַריינקומען אין דער פּאָבליק־סקול ווי אַ בוך צום לייענען אָדער צום לערנען. אַלע ביכער יאָ, נאָר נישט דאָס בוך פון ביכער. ווען דער פּרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַטן ווערט איינגעשוואוירן אין זיין אַמט, אָדער דער וויס־פּרעזי־דענט, אָדער אַ גאָווערנאָר פון אַ שטאַט, אָדער אַ ריכטער, צי קליין צי גרויס, צי הויך צי נידעריג — אַלע נעמען זייער שבועה אויף דער ביבל. נאָר אין דער וועלט פון די קינדער, אין די פּאָבליק־סקולס, איז די ביבל אַ פאַרבאָטן בוך.

כדי צו הויבן די געפאַלענע מאָראַל פון דער יוגנט, איז אין דער שטאַט ניו־יאָרק אויפגעקומען אַ געדאַנק, אַז מ'זאָל די קינדער אין די סקולס באַקענען מיט די עשרת הדברות: ניט לערנען מיט זיי, נאָר

אַרויסהענגען אין די קלאַס־צימערן אַ טאָוול, מיט די היליגע געבאָט אויסגעשריבן אויף זיי: זאָלן די קינדער כאָטש זען, אַז ס'איז דאָ פון ערגעץ אַ מאָראַלישער געבאָט. אָבער נאָך לאַנגע שקלא וטריא'ס איז דער פּלאַן פאַרוואָרפן געוואָרן.

אַן אַנדער פאָרשלאָג איז געווען, אַז די קינדער זאָלן אָנהויבן זייער טאָג אין די סקולס מיט אַ תפילה, אַזאַ תפילה, וואָס זאָל זיין אָננעמ־באַר פאַר די גלויביגע פון אַלע אמונות און אַלע סעקטעס, פּשוט כדי צו מאַכן די קינדער באַוואוסטזיניג אַז ס'איז דאָ אַ ג־ט אויף דער וועלט. אָבער אויך דאָ איז געוואָרן אַ ויצעקו, און די זאַך איז ניט געשען.

נישט אַריינגייענדיג אין דער עצם־פראַגע פון דער צעטיילונג פון קירכע און שטאַט, ווילט זיך דאָ שטעלן אַן אַנדער פראַגע:

וואָס פאַר אַ ווירקונג קען האָבן אויף דער פּסיכיק פון קינדער אַזאַ באַציאונג צו רעליגיע און ענינים פון רעליגיע וואָס זיי געפינען אין זייערע שולעס?

אין דער השגה פון דעם קינד איז די שולע די העכסטע אויטאָ־ריטעט, דער מקור פון יעדן וויסן און חכמה, דער קוואַל פון אַלץ וואָס איז רעכט, ריכטיג און אָנשטענדיג. היינט אויב מ'זאָגט אים, אַז מאַכן אַ ברכה איבער'ן עסן טאָר מען ניט אין דער שולע, צי ווערט עס ניט אַ טראַכט טאָן, אַז אַ ברכה מוז זיין עפּעס אַן אומגעוואונטשענע, טריפה'נע זאַך?

דאָס אייגענע מיט דער ביבל, מיט די עשרת הדברות, מיט אַ תפילה: אַלץ מעג אַריינקומען צווישן די פיר ווענט פון דעם קלאַס־צימער — אַלע מינים ביכער, אַלע מינים רעציטאַציעס, פּאָעמעס און לידער, אַלע מינים דעקלאַראַציעס פאַר פאָלק און לאַנד, נאָר ניט די ביבל, ניט די עשרת הדברות, ניט קיין ברכה צו ג־ט. קורץ, די סומע פון די אַלע זאַכן וואָס מיר רופן רעליגיע — צי ווערט ניט אַ קינד געטריבן צו טראַכטן, אַז מסתמא זיינען דאָס אַלץ עפּעס זייער פאַרדעכטיגטע זאַכן, ניין, דירעקט געפערליכע זאַכן, פון וועלכע מ'דאַרף זיך היטן?

אַ קינד ווייסט דאָך גאָרנישט וועגן דעם ענין קירכע און שטאַט. די היסטאָרישע, פּאָליטישע און פילאָזאָפישע פּראָבלעמען וואָס זיינען

אין דעם ענין פּאַרוויקלט, ליגן אינגאַנצן דרויסן פון זיין אינטערעס אָדער זיינע השגות. אָבער דאָס טרייבן די רעליגיע פון די שולעס — דאָס איז פאַר אים אַ רעאַלע זאַך, זיין טאָג־טעגליכע דערפאַרונג. צי איז ניט דער פועל יוצא דערפון, אַז דאָס אַמעריקאַנער קינד ווערט פון קליינערהייט איינגעשטעלט קעגן רעליגיע, קעגן דער ביבל, קעגן אַ ברכה, קעגן אַ תפילה, קעגן גלויבן אין ג־ט?

אין אַנדערע ווערטער: עס ווערט פון קליינווייז אָן געשאַפן אין אים אַ פּאַראורטייל קעגן רעליגיע, אַ גלייכגילטיגקייט, אויב נישט דירעקט קיין קעגנערשאַפט.

מיר דוכט, אַז דאָס לאָזט זיך אויסדרינגען פון דער לאַגע גאָר אָן אַ דחק.

און אויב אַזוי, קומט אויס, אַז בשעת די פּאַטערס פון דער רעפּובליק האָבן געוואָלט שטעלן די פּאָבליק־שול אין אַמעריקע אין אַ פּאָזיציע פון נייטראַליטעט בנוגע רעליגיע, האָט זי זיך אין אמת'ן אַנטוויקלט אין אַ פאַרשול צו סעקולאַריזם, אויב נישט אַטעאיזם.

דער פועל־יוצא דערפון איז, אַז פונקט אין יענע יאָרן, קינדער־יאָרן, ווען קינדער זיינען בטבע רעליגיעז געשטימט און מיסטיש אַנגעהויכט, ווערן זייערע רעליגיעזע געפילן אויסגעטריקנט און איינגע־דאַרט. און וויפיל פון רעליגיע עס טרעט דאָך אַריין אין זייער לעבן, פון דער היים און פון דער קירכע, און פון קריסטמעס־פייערונגען אין דער שולע גופא, קריגט עס נאָר אַ קאַלטן, פאָרמעלן כאַראַקטער. דעריבער, כאָטש בדרך כלל זעט מען אַ ברייטע רעליגיעזע טעטיגקייט אין אַמעריקע — מ'בויט קלויסטערס, מ'גייט אין די קירכען, מ'פּראַוועט חגא'ס — געפינט מען דאָ אָבער ניט קיין טיפקייט אין דעם רעליגיעזן לעבן. ס'איז אַלץ אַזוי ווי ווייטע, קאַלטע ליכט.

אָבער דערמיט שעפּט זיך נאָך ניט אויס דאָס גאַנצע פּראָבלעם פון דער פּאָבליק־סקול.

קומט אַ באַרימטער אַמעריקאַנער פּעדאַגאָג און פרעגט נאָך אַן אַנדער קשיא. זיין נאָמען איז פּראָפעסאָר אלכסנדר מייקעלדזשאהן. די קשיא וואָס ער פרעגט דאַרף זיך פרעגן יעדער פאָטער און יעדער מוטער פון אַ קינד. ער שרייבט אין איין אָרט אַזוי:

אין די ענגליש־רעדנדיגע לענדער איז אָפּגעטיילט געוואָרן די

קירכע פון דעם שטאַט, און די קינדער־דערציאונג פון דער רעליגיע. פריער איז די קירכע געווען די דערציערין פון די קינדער. וואָס מיינט עס, אייגנטליך, דערציען קינדער? דאָס מיינט, דערקלערט פראָפעסאָר מייקעלדזשאהן, געבן די קינדער אַ פאָרם ווי אַזוי צו לעבן, אַן אָנשויאונג פון דער וועלט, אַן אידעאַל, איבערצייגונגען, גוטע מידות. ווען די קירכע איז געווען די דערציערין, האָט זי געהאַט אַזאַ אָנשויאונג און האָט געגלויבט, אַז זי ווייסט ווי אַזוי מענטשן דאַרפן לעבן. זי האָט געהאַט אַ קלאָרן אידעאַל, לויט וועלכן זי האָט גע־לערנט דעם יונגען דור וואָס עס מיינט גוטסקייט, אמת און שיינקייט. זי האָט געהאַט אַ קלאָרע פאָרשטעלונג וואָס דאָס לעבן דאַרף זיין, און לויט דער דאָזיגער פאָרשטעלונג האָט זי דערצויגן די נייע דורות.

היינט אויב אַזוי — שרייבט פראָפעסאָר מייקעלדזשאהן — אויב דאָס איז דער צוועק פון דערציאונג, און די דערציאונג איז אַריבער פון דער קירכע צום פּאָליטישן שטאַט, קומט אויס ווי אַ זעלבסט־פאַרשטענדליכע זאַך, אַז דער שטאַט דאַרף געבן דאָס וואָס די קירכע האָט פריער געגעבן און וואָס דערציאונג דאַרף בכלל געבן: אַן אידעאַל אין לעבן, פאָרמען פון לעבן, איבערצייגונגען, אַ וועלט־אָנשויאונג.

נון, די שטאַט ניו־יאָרק, סאַן פראַנציסקאָ, מידעלטאַון האָבן שולעס פאַר קינדער. פרעגט זיך די פראַגע: וואָס פאַר אַ לעבנס־אידעאַלן האָבן די דאָזיגע שטעט? אין וואָס אַזוינס גלויבט די שטאַט ניו־יאָרק? וואָס פאַר אַ לערע פון לעבן האָט זי? האָט די שטאַט ניו־יאָרק בכלל אַ גלויבן אין עפּעס? האָט זי עפּעס אַזעלכע ווערטן אָדער איבערצייגונגען, פון וועלכע עס קענען אויספאָרמירט ווערן דער כאַראַקטער פון אירע קינדער, וועלכע דאַרפן בילדן אירע דורות?

דאָס — שרייבט דער באַרימטער פּעדאַגאָג — איז די פורכט־באַרסטע פראַגע, וואָס שטייט היינט־צו־טאָג פאַר דער פּעדאַגאָגיע. אפשר, זאָגט ער, איז פריער געווען אַ צייט אין אַמעריקע, ווען די געוויינליכע אינטערעסן, געשמאַקן, גלויבונגען זיינען אין די אַמע־ריקאַנישע שטעט און שטעטלעך געווען אַזוי שטאַרק און אַקטיוו, אַז זיי האָבן אַרויפגעלייגט זייער שטעמפּל אויף דעם יחיד, יונג און אַלט, און אים געגעבן דאָס פּנים פון אַ באַשטימטער קולטור. אָבער היינט איז אַן אַנדער צייט. מיר קענען מער ניט אָנווייזן קלאָר אין וואָס אַ

פאָלק, אַ לאַנד, אַ שטאַט אָדער שטעטל גלויבט היינט, אויב עס גלויבט בכלל אין עפּעס. און דאָס מוז זיך אויך אויסדריקן אין אונזער דער־ציאונג. וואָרים אויב די שטאָט האָט ניט קיין באַשטימטע איבער־צייגונגען, וועט די קינדער־דערציאונג אין אירע שולעס אויך ניט האָבן קיין איבערצייגונגען. אַ שול־סיסטעם, אַזוי ווי אַ טייך, קען זיך ניט אויפהויבן העכער פון איר קוואַל. אויב די היינטיגע דערציאונג קומט פון דער רעגירונג און דורך דער רעגירונג, דאַן שטעלט זיך די פראַגע: צי זיינען די רעגירונגען פון אונזערע שטאַטן, שטעט און שטעטלעך גייסטיג צוגעפּאַסט צו דער אויפגאַבע וואָס מיר האָבן אויף זיי אַרויפ־געלייגט ?

אַזוי שטעלט אַוועק די פראַגע אלכסנדר מייקעלדזשאהן.

פון דער דאָזיגער קריטיק לאָזט זיך אַרויסלערנען איין קלאָרער מוסר השכל: פון אַ דערציאונג וואָס איז ניט געשטעלט אויף קיין ברייטער וויזיע, אויף קיין וועלט־באַנעם, אויף קיין לעבנס־פילאָזאָפיע און לעבנס־אידעאַל, קענען ניט אויפוואַקסן קיין טיפע דורות, קיין מענטשן פון גרויסן גייסט און הויכן באַנעם, וואָס קענען זען דעם עבר טיף און דעם עתיד הויך. אויף אַזאַ פעלד קען נאָר געדייען מיטל־מעסיגקייט און מאַטעריאַליזם.

און איז דאָס ניט טיפיש פאַר דעם אַמעריקאַנער דורכשניט אין אונזער צייט ?

די ערשטע וואָס האָבן די דאָזיגע זאַך גענומען ערנסט זיינען געווען די קאַטאָליקן. זיי האָבן שוין לאַנג צוריק אָנגעהויבן אַרויס־ציען זייערע קינדער פון די אַלגעמיינע פאָלקס־שולן און געגרינדעט פאַר זיי אייגענע שולן, די אַזוי גערופענע „פּאַראָקיעל סקולס", אין אַ מין סיסטעם פון „חינוך עצמאי". פיר און אַ האַלב מיליאָן קינדער האָבן געלערנט אין די קאַטוילישע שולן אין אַמעריקע אין יאָר 1957. דאָס איז אויסער די הונדערטער טויזנטער סטודענטן אין די פיל הונדערטער קאַטוילישע קאָלעדזשעס און אוניווערזיטעטן איןְ לאַנד. זייער אידעאַל איז, אַז יעדער קאַטוילישער קינד זאָל גיין אין אַ קאַטוי־לישער שולע. דאָס אַליץ באַטרעפט אוצרות מיט געלד, אָבער די קאַטאָליקן טראָגן די לאַסט מיט צופרידנהייט.

די אידן זיינען אויך אַרויף אויף דעם דאָזיגן וועג, אָבער ליידער

צו שפעט און הינקענדיג. אינצווישן האָבן די פּאָבליק־סקולס עטליכע דורות געהערשט אומבאַשרענקט אין אידישן לעבן און האָבן אומ־געשטערט געפורעמט די געשטאַלט פון דעם אַמעריקאַנער איד, אַ נייעם טיפּוס אין דער אידישער געשיכטע.

אויף אים וועלן מיר איצט אַ קוק טאָן...

# דער אַמעריקאַנער איד און דער חדר־איד

נון, האָבן מיר געזען ווי אַזוי דאָס אַמעריקאַנער קינד גייט אַריין און גייט אַרויס אין זיין פּאָבליק־סקול, און זיין הייליגער אָדער ווערט קיינמאָל ניט באַרירט. קיין הייליגער ציטער נעמט קיינמאָל ניט דורך זיין נשמה, עס ווערט ניט דערוועקט אין אים דער חוש פון קדושה, וואָס דאָס איז דער עיקר אַטריבוט פון דעם מענטשן אַלס מענטש. עס לערנט ניט, ניט קיין אמונה, ניט וועגן אמונה. זיין געדאַנק טונקט זיך דעם גאַנצן טאָג אין לימודי חול, וועלכע זיינען נאָך דערצו גע־שטעלט אויף יסודות פון מאַטעריאַליזם.

די זעלבע שיטה וואָס אין דער פּאָבליק־סקול ווערט אָנגעהאַלטן אויך אין האַי־סקול, און אויך ווייטער אין קאַלעדזש און אוניווערזיטעט. פון אָנהויב ביז׳ן סוף איז עס אַ סעקולערע דערציאונג און בילדונג, וואָס דער אַמעריקאַנער מענטש דערהאַלט.

ווען די אַמעריקאַנער דערציאונג־סיסטעם מיט איר צעטיילונג צווישן שולע און רעליגיע איז לכתחילה איינגעשטעלט געוואָרן, איז אַמעריקע געווען אַן אַגריקולטורעלע געזעלשאַפט, טיף פאַרוואָרצלט אין רעליגיעזן גייסט, און די היים, די קירכע, און די סביבה בכלל, האָבן ממלא געווען דעם חסרון פון רעליגיעזן אונטערריכט אין די

שולעס גופא. די ערשטע קאָלעדזשעס וואָס זיינען געגרינדעט געוואָרן אין אַמעריקע, זיינען אויפגעקומען כדי צוצוגרייטן גייסטליכע. זינט דעמאָלט האָט אַמעריקע זיך אַנטוויקלט אין אַן אינדוסטריעלער געזעל־שאַפט, וואו די מאַשין האָט אויסגעזויגן די גייסטיגקייט, אין וועלכער די פריערדיגע עפּאָכע האָט געהאַט אירע וואָרצלען. די זעלבע קאָ־לעדזשעס און אוניווערזיטעטן, וואָס זיינען אַמאָל געגרינדעט געוואָרן ווי טעאָלאָגישע אינסטיטוציעס, זיינען היינט סעקולערע אַנשטאַלטן, אָפט אויסגעשפּראָכן אַטעאיסטיש.

אַזוי ווערן דערצויגן די אַמעריקאַנער קינדער, און אַזוי ווערט אויך דערצויגן דער גרויס־גרויסער רוב אידישע קינדער אין אַמעריקע. און אויב דער חוש פאַר קדושה איז אַן עיקר אַטריבוט אין דעם מענטשן בכלל, ווי־זשע שוין ביי אידן וואָס זיי איז אָנגעזאָגט געוואָרן „קדושים תהיו״. דער טרויעריגער פאַקט איז, אַז אַ סך ווייניגער ווי ביי די גויים ווערט ביי די אידן דער סעקולערער חינוך אונטערגעשפּאַרט מיט אַ רעליגיעזן חינוך, און אַ סך ווייניגער ווי אין דער גוי׳אישער היים געפינט מען אין דער אידישער היים אין אַמעריקע סימנים פון קדושה.

און אַזוי איז אויפגעקומען, און קומט אויף, דער אַמעריקאַנער איד, דער איד נוסח אַמעריקע, דער אַמעריקאַנער אידישער טיפּוס, אַ טיפּ איד וואָס איז ניי אין דער אידישער געשיכטע. דאָס איז אַ טיפּ איד, וואָס איז אי סימפּאַטיש, אי פּאַטעטיש. סימפּאַטיש איז ער דערמיט וואָס ער איז זיך באַוואוסט אַלס איד; פּאַטעטיש איז ער דערמיט וואָס ער ווייסט ניט וואָס איד באַטייט. „מיט וואָס מ׳עסט עס״. זיין פּראָבלעם איז ניט כלפי חוץ, אַנטקעגן דער גוי׳אישער וועלט, נאָר כלפי פנים, ווען ער קערט אויס זיין פּנים צו זיך אַליין. כלפי חוץ באַהאַלט ער ניט זיין אידישקייט, ער פאַרלייקנט זי ניט, ער שעמט זיך ניט מיט איר, ווי ס׳איז אָפט געשען אין פיינטליכע סביבות; פאַרקערט, ער פיגורירט פריי ווי אַ איד. נאָר וואָס דאָס מיינט אַזוינס איד צו זיין — דאָס ווייסט ער נעבעך ניט. ווען ער קערט אום זיין בליק אויף אינעווייניג, אין זיין האַרץ און נשמה, געפינט ער דאָרט אַ קאַלטן חלל. ער איז איד נאָר מיט זיין אידישן אָפּשטאַם, אָבער נישט מיט אידישער געשטאַלטונג. אידישער תוך איז אים

פרעמד. איז ער אין תוך פרעמד זיך אַליין. ער איז צעריסן מיט זיך אַליין. דער איד אין אים לעבט אין אַן עולם התוהו. און דאָס איז זיין טראַגעדיע.

זיין שענסטע אידישע מידה איז וואָס ער איז אַ גרויסער בעל־צדקה. דער אַמעריקאַנער איד האָט אַ ברייטע, אַ פולע און אַן אָפענע האַנט. און ווייטער איז ער נאָר אַזוי פיל איד, וויפיל דאָס איז מעגליך צו זיין אָן תורה, אָן שבת, אָן כשרות, אָן די מצוות וואָס בין אדם למקום. און דאָס איז זייער און זייער ווייניג. און סוף כל סוף, די מידה פון צדקה וואָרצלט אויך נאָר אין תורה, שבת און מצוות, און אָן זיי מוז זי סוף־סוף אויך איינגעשרומפּען ווערן. און עס זיינען דאָ סימנים אַז דאָס קומט שוין פאָר: די אַמעריקאַנער יורשים זייער אָפט הויבן שוין אָן צוצומאַכן די האַנט, וואָס דער „גרינער טאַטע" האָט געהאַלטן ברייט אָפן...

דער „גרינער טאַטע" און זיינע אַמעריקאַנער יורשים — מיר האָבן גאָר ווייניג זיך אַריינגעטראַכט וואָס דער דאָזיגער איבערבייט פון די דורות באַטייט אין אידישן לעבן אין אַמעריקע. דער „גרינער טאַטע" — דאָס איז אַ דור וואָס האָט נאָך געלערנט אין חדר. ליידער שוין דער לעצטער חדר־דור. דער חדר — די אינסטיטוציע, וואָס האָט אין משך פון לאַנגע דורות אַרויסגעגעבן די וואונדער־געשטאַלט וואָס איז געווען דער היסטאָרישער איד. און דער היסטאָרישער איד איז געווען דער רעליגיעזער איד. מ'האָט ניט געוואוסט פון קיין אַנדער אידן. היינט איז דער חדר חרב און נישטאָ מער. אין רוסלאַנד איז ער אומגעבראַכט געוואָרן מיט'ן אָנקומען פון דעם באָלשעוויזם אין 1917, אין פוילן און ליטע — מיט'ן אויסברוך פון נאַציש[ן] שטורם אין 1939. דאָ, אין פוילן און ליטע, איז אונטערגעגאַנגען דער חדר אינאיינעם מיט זעקס מיליאָן חדר־אידן. אין אַמעריקע איז דער „גרינער טאַטע" געווען דער פאָרשטייער פון דעם חדר־טיפּ איד, דער לעצטער איד, וואָס איז נאָך געגאַנגען אין חדר.

נאָר אַרום מיטן פון 20טן יאָרהונדערט האָט זיך אָנגעהויבן אויסצולעשן דער דאָזיגער דור אין אַמעריקע אויך. ס'איז געקומען זיין צייט און ער גייט אַראָפּ פון דער סצענע. ער האָט אָנגעהויבן „איינ־געזאַמלט צו ווערן צו זיין פאָלק". איינער נאָכ'ן אַנדערן לעשן זיי

זיך אויס, די דאָזיגע חדר־אידן, אַזוי ווי שטערן באַגינען צו טאָגן. נאָר ניט ליכטיג איז דער טאָג וואָס קומט אָן נאָך זיי, אָן זיי: שווערע, כמורנע וואָלקנס קומען און באַדעקן דעם אידישן הימל אין אַמעריקע.

אַ מעכטיגער איד איז געווען דער חדר־איד, און ווען ער איז געקומען קיין אַמעריקע האָט ער וואונדער אויפגעטאָן. פון גאָרנישט האָט ער גרויסע וועלטן געשאַפן. נאָר אין איין זאַך האָט ער גע־גרייזט: דעם חדר אַליין, דעם מקור פון זיין כוח און שוואונג, האָט ער אין אַמעריקע ניט פאַרפלאַנצט. ער האָט איבערגעגעבן זיין קינד איינגאַנצן אין רשות פון דער פּאָבליק סקול, וואו מ'טאָר אויפ'ן עסן קיין ברכה ניט מאַכן און אין האַנט קיין תנ"ך ניט נעמען. ער האָט זיך פאַרלוירן פאַר'ן „אַמעריקאַניזם".

דער „גרינער טאַטע" — ער האָט זיך פאַר זיינע קינדער מקריב געווען. מיט דער נאָז די ערד געאַקערט און זיי געגעבן פון דעם בעסטן און שענסטן וואָס אַמעריקע האָט פאַרמאָגט. געדענקענדיג זיין אייגענע קינדהייט פון מאַנגל און נויט, האָט ער געזאָרגט אַז זיינע קינדער זאָל גאָרנישט פעלן. און אַזוי פלעגט ער זאָגן: אַלץ וואָס איך אַליין האָב ניט געקראָגן, האָב איך מיינע קינדער געגעבן.

אמת, געגעבן מיט אַ פולער האַנט. נאָר ליידער, דאָס וואָס ער האָט יע געקראָגן, האָט ער זיי ניט געגעבן: דעם חדר, אַ אידישע דערציאונג... ווי דאָס האָט איינמאָל טרעפליך אויסגעדריקט הרב מרדכי קירשבלום.

און איצט גייט דער „גרינער טאַטע" אַוועק, און דער דאָ־געבוירענער איד, דער עכט־אַמעריקאַנער איד, גייט אַרויף, וואָס שייך אידישקייט, אויף אייגענע קעסט.

וואָס־זשע פאַר אַ קעסט, וואָס פאַר אַ טיש איז עס, דער „שלחן ערוך" פון דעם עכטן אַמעריקאַנער איד?

ס'איז אַ טיש, ביי וועלכן דער טאַטע, דער חדר־איד, האָט אַפּט זיך ניט געוואָלט זעצן און מיטשפּייזן מיט אייגענע קינדער און אייניקלעך. ס'איז אַ טיש אָן אידישן טעם.

דער טאַטע, דער חדר־איד, האָט געוואוסט אַלץ און געקענט אַלץ וואָס אַ איד דאַרף קענען און וויסן. גרויסע לומדות וועלן מיר לאָזן אין אַ זייט; מיר וועלן עס לאָזן פאַר'ן ישיבה־איד. אָבער דער

איד פון חדר האָט געקענט דאַווגען, ער האָט געוואוסט וואָס ער זאָגט ווען ער דאַוונט, ער האָט געוואוסט וואו אויפצומישן אין סידור וואָס מ׳דאַרף און ווען מ׳דאַרף עס, און נישט וואַרטן דער „ראַבאַי״ זאָל אויסרופן די „פעידזש״; ער האָט געקענט אַ פּרשה חומש מיט רש״י; ער האָט אַפילו געקענט זיך שטעלן פאַר׳ן עמוד; ער האָט געוואוסט ווי אַזוי מ׳מאַכט שבת, ווי אַזוי מ׳מאַכט יום־טוב, ווי אַזוי מ׳ריכט אָפּ אַ סדר; ער האָט געקענט אויפמישן אַ שלחן ערוך און אַליין נאָכקוקן אַ דין; ער האָט געקענט נוסח; ער האָט געוואוסט אידישע מנהגים; ער האָט געקענט אידיש; ער האָט געקענט העברעאיש; ער האָט געלעבט מיט אַ אידישער אָדער העברעאישער צייטונג און בוך; ער האָט געלעבט אַ גאַנץ אידיש לעבן, געאָטעמט מיט אידישע אינטערעסן; ער האָט אַרויסגעגעבן פון זיך אַלערליי ריכטונגען און באַוועגונגען, רעכטע, לינקע, פרומע, פרייע — אַלץ איז געקומען פון דעם חדר־איד.

און דאָס פאַרקערטע איז אין דעם אַמעריקאַנער אידן:

ער קען ניט לערנען; ער קען ניט דאַוונען; ער קען ניט קיין אידיש; קען ניט קיין העברעאיש; ווייסט ניט פון קיין שבת און יום־טוב. ווייסט ניט פון קיין אידישן דין און קיין אידישן מנהג. האָט ניט קיין לעבנס־סטיל. ווייסט ניט פון אידישן פיר, ניט אין לעבן און ניט, חלילה, ביים טויט. פאַרשטייט ניט זיין אידישע פּראָבלע־מאַטיק אין דער וועלט, האָט ניט קיין פאַרשטענדעניש פאַר אידישע אידעאַלן און אידייאישע באַוועגונגען. ער איז אין אידישקייט נאַקעט ווי די מאַמע האָט אים געהאַט.

נאָכאַמאָל זאָל עס באַטאָנט ווערן: ניט דערפאַר וואָס דער אַמע־ריקאַנער איד האָט ניט געוואָלט, אָדער וויל ניט, זיין קיין איד, נאָר ווייל דער טאַטע האָט אים געלאָזט זיך אָוועקגליטשן פון אידישקייט, און ער האָט פאַרלוירן דעם וועג. אָפטמאָל זוכט ער אים און קען אים ניט געפינען.

דער טאַטע וואָס האָט געשטרעבט צו באַזאָרגן זיינע אַמעריקאַנער קינדער מיט אַלדאָס גוטס, האָט גלייכצייטיג זיך געמיט זיי אויסצובאַ־האַלטן פון אַלדאָס שלעכטס: ער האָט אויסבאַהאַלטן פון זיי אידישע צרות; ער האָט ניט געוואָלט זיי זאָלן לייענען אידישע צייטונגען מיט

די אייביגע אידישע וויי־געשרייען פון פּאָגראָמען, רדיפות, רציחות. ער האָט געוואָלט אויסהיטן זיינע קינדער פון טרערן. און ער האָט געשעפּט נחת ווען ער האָט געזען ווי זיי פאַרשפּילן זיך מיט ספּאָרט, פילם, מוזיק, טעאַטער, טאַנץ, ביכער — אין דער צייט ווען אידיש בלוט האָט זיך געגאָסן טייכנווייז.

נאָר דאָס איז אָן אַ שטראָף ניט אַוועק. איך האָב אַזאַ שטראָף געזען מיט מיינע אייגענע אויגן אויף אַזאַ אידן. ער איז געשטאָרבן, און צוויי טעג נאָך דער קבורה בין איך געגאַנגען מנחם אָבל זיין זיין אַלמנה און קינדער. און איך האָב געפונען: דאָס ווייב, נאָך אַ היימישע אידענע, איז געזעסן שבעה, געזעסן אין אַ ווינקעלע אַ גע־בראָכענע און געבויגענע און האָט געוויינט. נאָר די קינדער, דריי היפּשע אינגלעך, אין אַ באַזונדער צימער, זיינען געזעסן אַרום דער ראַדיאָ, און די ראַדיאָ האָט געקנאַקט דזשעז אויף וואָס די וועלט שטייט.

אַ בילד פון אידישן לעבן אין אַמעריקע...

און איך האָב געטראַכט: דער טאַטע האָט זיי ניט געלערנט וויינען אויף אידישע צרות, האָבן זיי נאָך אים אַליין אויך ניט געוויינט...

און אַזוי, ווען ס'איז געקומען די צייט פאַר'ן טאַטע'ס'ן דור אַוועקצוגיין דעם אייביגן וועג, לאָזט ער איבער אין אַמעריקע אַ אידנטום, וואָס שוואַנקט אויפ'ן ראַנד פון אַסימילאַציע. נאָך איז עס ניט אינגאַנצן אַראָפּ אין תהום פון פאַרפאַלנקייט. עס וויגט זיך אויפ'ן סאַמע ברעג הין און הער. עס הענגט נאָך אין אומזיכערן באַלאַנס. עס שווינגט נאָך דאָס פּינדל רעכטס און לינקס: אָדער אַ באַלדיגע אידישע רענעסאַנס, אָדער, חלילה, טאָטאַלע גוי'אישע פאַרווישונג.

# אָ הויפּן שערבלעך

וואָס מיינט עס אין קלאָרע דיבורים ווען מיר זאָגן, אַז דאָס אידנטום אין אַמעריקע וויגט זיך אויפ׳ן סאָמע ראַנד פון פולשטענדי־גער אַסימילאַציע?

מיר ווילן עס צום בעסטן ווייזן דורך בילד און סצענע. בילד און סצענע, וואָס איך האָב אַליין צוגעזען, אָדער וואָס איך האָב גע־לערנט פון אַנדערע, און וואָס איר, לעזער, אַליין האָט אויך אַוודאי באַגעגנט אין אייער סביבה.

איך זיץ שבת אין שול. ביי דער זייט פון מיר זיצט אַ יונגער־מאַן. מ׳האַלט ביים לייענען. קומט צו דער גבאי צום יונגענמאַן און פרעגט אים ווי ער הייסט: ער וויל אים געבן אַן עליה.

זאָגט אים דער יונגערמאַן זיין ענגלישן נאָמען. מאַכט דער גבאי: איך דאַרף דיין אידישן נאָמען. ווייסט ניט דער יונגערמאַן ווי ער הייסט אויף אידיש. נאָר ער גיט אַ שטורך מיט דער האַנט אין פּלייצע אַ אידן וואָס זיצט פאָרנט פון אים און מאַכט: „פּאָפּ, ווהאַט׳ס מאַי דזשואיש נעים?” (טאַטע, ווי רופט מען מיך אין אידישן?).

דער טאַטע זאָגט דעם יונגענמאַן, און דער יונגערמאַן זאָגט דעם גבאי.

אָבער דער גבאי וויל וויסן דעם טאַטנ׳ס נאָמען אויך. זאָגט אים דער יונגערמאַן דעם טאַטנ׳ס ענגלישן נאָמען.

ניין — מאַכט דער גבאי — איך וויל דיין טאַטנ׳ס אידישן נאָמען.

חזר׳ט זיך איבער די זעלבע סצענע: אַ שטורך דעם אידן אין פּלייצע, מיט דער פראַגע: „פּאָפּ, וועהאָט׳ס יור דזשואיש נעים?״

דער טאַטע איז נאָך געווען אַ חדר־איד, האָט ער געוואוסט. אָבער וואָס וועט זיין אין הונדערט און צוואַנציג יאָר אַרום?

אונזערע חכמים זאָגן, אַז די אידן זיינען אויסגעלייזט געוואָרן פון מצרים אין זכות פון זייערע אידישע נעמען, וואָס זיי האָבן ניט פאַרביטן אויף קיין מצרישע. אָבער צווישן אַמעריקאַנער אידן וועט איר שוין כמעט קיינמאָל ניט הערן קיין אידישן נאָמען. אויב איר וועט אַמאָל הערן, אָדער זען אין צייטונג, אָדער באַגעגענען אין טעלע־פאָן־בוך אַ נאָמען אליעזר, עזרא, בנימין, יהושע, גמליאל, שרה, רחל, מיט אַ פאַמיליע וואָס איז אַ ספק איד, ספק גוי, מעגט איר זיין זיכער אַז ס׳איז אַ גוי וואָס טראָגט נאָך דעם אידישן נאָמען.

דער יונגער אידישער דור האָט שוין פאַרגעסן דעם אידישן שורש פון זיין ענגלישן נאָמען. ווי אָפט טרעפט עס,ביים שרייבן די כתובה פאַר דער חופה, ווען מ׳פרעגט דעם חתן ווי אַזוי ער הייסט, קען ער ניט זאָגן זיין אידישן נאָמען, און דאָרט אויפ׳ן אָרט אימפּראָוויזירט מען פאַר אים אַ נאָמען: מען פּרואווט זיך אָנשטויסן פון דעם ענג־לישן, וואָס דאָס אידישע קען זיין. און מיט כלות איז אויך דאָס זעלבע. און דער רב פון מיין שול, הרב יצחק אייזיק הכהן שאַפּיראָ, האָט מיר דערציילט, אַז פאַר זיינע אויגן איז אָפּגעלאָזט געוואָרן אַ שידוך ווען דעם חתנ׳ס באָבע האָט דערהערט, אַז די כלה ווייסט נישט ווי מ׳רופט זי אין אידישן.

דער דאָזיגער טרויעריגער מצב האָט אַריינגעבראַכט אַ מאָדנע רעפאָרם אין טייל שולן. און איך רעד פון אָרטאָדאָקסישע שולן: מען רופט מער ניט אויף צו דער תורה מיט׳ן נאָמען פלוני בר׳ פלוני. נאָר מ׳טיילט אויס קאַרטעלעך, אויף וועלכע ס׳איז געדרוקט שלישי, רביעי, חמישי און אַזוי ווייטער, און מ׳רופט אויס: שלישי! רביעי! חמישי! מפטיר! מ׳טיילט עליות אויף אַן אַנאָנימען אופן, און דאָרט

אין הימל וועט מען שוין אַליין, אין ספר החיים, אויפזוכן דעם ריכטיגן נאָמען.

און דאָס אומגליק איז ניט אַזוי אין דעם רופן זיך מיט׳ן גוי׳אישן נאָמען. דאָס וואָלט נאָך געווען אַ האַלבע צרה. דאָס אומגליק איז, און אַן אמת׳ער אומגליק איז עס, וואָס מ׳פאַרגעסט דעם אידישן נאָמען, און מ׳ווייסט אים מער ניט אפילו לדברים שבקדושה, און דאָרט וואו עס פאָדערט זיך על פי הלכה.

שבת, ווי געוויינליך, זיינען דאָ אויפרופנס: מ׳רופט אויף צו דער תורה חתנים, וואָס גייען צו דער חופּה אין דער נייער וואָך. ווי אָפט לאָזט איר אַראָפּ דעם קאָפּ פון חרפּה, הערנדיג ווי דער חתן מאַכט די ברכה איבער דער ספר־תורה! עס ליגט פון זיינעטוועגן נעבן דעם ספר אויסגעשפּרייט די ברכה אין ענגלישער טראַנסקריפּציע, מיט גרויסע אותיות, און געגרייט האָט ער זיך מסתמא אַ מאָנאַט צייט צו זאָגן די ברכה, דאָך דערפילט איר ביי אייך אין מויל די שטיינער אויף וועלכע דער חתן־בחור ברעכט די ציין. ודי בזיון וקצף...

אַ רב האָט געמאַכט אַ מי שברך, און האָט געפרעגט דעם בעל־דבר זיין נאָמען. זאָגט ער: לעני איז מיין נאָמען. מאַכט דער רב: דאָס איז ניט דיין ריכטיגער נאָמען, דאָס איז ניט קיין אידישער נאָמען... ווערט דער בחור אין כעס: שטענדיג האָבן מיך טאַטע־מאַמע גערופן לעני, און דו קומסט און זאָגסט אַז דאָס איז גאָר קיין נאָמען ניט! וואָס פאַר אַ רב ביסטו?

מיר איז באַקאַנט אַזאַ פאַל:

אַ בחור דאַרף גיין צו דער חופּה און מ׳שרייבט די כתובה. ווי רופט מען דיך? פרעגט מען אים. ענטפערט ער: דזשאַהן. דיין נאָמען אויף אידיש? ווייסט ער ניט. זיינען זיך אידן משער אַז „דזשאהן״ קומט אַוודאי פון „יונה״; פאַרשרייבט מען אין דער כתובה: יונה.

גייען אַוועק יאָרן, דאָס פּאָרפּאָלק עלטערט זיך אין כבוד, מ׳האָט שוין צוויי קינדער. זיצן זיי איינמאָל אין אַ הויז, אַ שבת צונאַכטס, און הערן זיך צו צו דער ראַדיאָ און אַ רב אָדער אַ ראַבאַי רעדט וועגן דער פּרשה פון דער וואָך און ער רעדט וועגן משה רבינו און זיינע צוויי זין, און רופט אָן די נעמען פון די זין: אליעזר און גרשם. גיט זיך דזשאהן אַ כאַפּ אַזוי ווי פון אַן אויפרייס, מיט אַן אויסגעשריי;

אוי, דאָס איז דאָך מיין נאָמען, גרשם איז מיין נאָמען! דאָס האָט מיך איצט דערמאָנט... דאָס לעצטע מאָל וואָס איך האָב עס געהערט איז געווען ווען מ׳האָט מיך אויפגערופן צו מיין בר־מצווה...

ווי אַזוי גרשם האָט געקענט מגולגל ווערן אין דזשאהן איז אַ פראַגע פאַר פאַרשער.

נאָר ווען מ׳זאָל אַפילו זיין מיט טויזנט קעפּ וועט מען זיך שוין ניט פאַנאַנדערקלייבן אין דעם גוי׳אישן פלאָנטער פון אידישע נעמען. אין דער אַלטער וועלט האָט מען אים גערופן אפרים, אין אַמעריקע האָט ער דעם נאָמען געביטן אויף פרענק, אָבער זיין אייניקל, וואָס איז אַ נאָמען נאָך אים, הייסט שוין פאַררעל.

ווער וועט טרעפן אַז מאַרטאַן עליאָט איז אונזער פשוט׳ער משה אליה׳? אָדער ווער וועט זיך קענען אָנשטויסן, אַז אונטער אַדריאַן, אַשלי, אַלווין, אַלפרעד, אוסטין, אייווערי, אַנסעלם, אַרנאַלד באַהאַלט זיך אונזער פשוט׳ער, גוט־אידישער אברהם?

אָבער דאָס ערגסטע איז, וואָס ביסלעכווייז האָט מען שוין אָנגע־הויבן אינגאַנצן פאַרגעסן דעם אפרים הינטערן פאַררעל, און דעם אברהם הינטערן אַשלי.

עס דערציילט מיר אַ רב: אַ איד קומט צו אים פרעגן אַ שאלה. דערפרייט זיך דער רב: ווען קומט דען אַן אַמעריקאַנער איד פרעגן אַ שאלה?

פרעגט דער איד: וואָס טוט מען? זיין אינגל דאַרף ווערן בר־מצוה און ער האָט פאַרגעסן וואָס זיין אידישער נאָמען איז...

עצה׳ט דער רב: פרעגט דעם זיידן.

ענטפערט דער איד: שוין געפרעגט; דער זיידע האָט אויך פאַרגעסן...

אַ חתן־בחור האָט ניט געוואוסט זיין אידישן נאָמען. קיין טאַטע איז שוין ניט געווען וואָס מ׳זאָל אים פרעגן. דער חתן האָט נאָר גע־וואוסט אַז ער איז אַ נאָמען נאָך זיין זיידן. לאַנג האָט מען זיך געבראָכן די קעפּ, ביז דער רב איז געפאַלן אויף אַ המצאה:

— דיין טאַטע איז געשטאָרבן? איז דאָך גוט! מסתמא איז אויף זיין מצבה אויסגעקריצט זיין פאָטער׳ס נאָמען, דאָס הייסט — דער נאָמען פון דיין זיידן...

און אַזוי האָט מען זיך אַרויסגעהאָלפּן דורך דעם רב׳ס איינפּאַל. נאָר מיט טרויער האָט דער רב באַמערקט: עס שטייט טאַקע געשריבן: קראו בשמותם עלי אדמות, פון דער ערד וועט איר לייענען זייערע נעמען...

אַ טשיקאַווען פאַל דערציילט הרב אבא רייכמאַן: ער איז איינמאָל געווען דער בעל־תפילה ימים נוראים אין אַן אָרטאָדאָקסישער שול אין ניו־יאָרק. איידער ער איז געגאַנגען זאָגן כל־נדרי, איז אַ איד צוגע־קומען צו אים און אים געפרעגט אַ שאלה: ער איז פאַרהייראַט מיט אַ קריסטליכער פרוי, און זי האָט אים אָקאָרשט געבוירן אַ מיידעלע, צי מעג ער איר אַ נאָמען געבן נאָך זיין פאַרשטאָרבענער מאַמע, וואָס איז געווען אַ פרומע אידענע?

אין דעם מישמאַש פון נעמען דערקענען שוין אידן אַמאָל ניט אַ אידישן נאָמען פאַר אַ אידישן. אַזוי האָט מען מיין פריינט דר. מרדכי סאָלאָמאָן געפרעגט ווי רופט מען זיין טאָכטער רות אין אידישן?

אַ אידישער נאָמען איז אַמאָל געווען אַ אידישע שילד. ס׳איז געווען ניט נאָר אַ פאַספּאָרט פאַר איד, נאָר אַן אַטעסטאַט אויף אידישקייט. ס׳איז געווען נאמנות אויף כשרות. „ער הייסט מענדל, מעג מען עסן פון זיין פענדל״, איז געגאַנגען אַ ווערטל. אין אַמעריקע אָבער הייסט ער מאַקס...

מאַקס, מאַרווין, מאָרי, מיטשעל, מעלווין, מילטאָן — און קיינס גראַמט זיך ניט מיט פענדל...

מיט׳ן אידישן נאָמען ווערט אַ שטיק אידיש לעבן און אידישע קדושה אויסגעריסן.

אָט אַזוי שפּרייזט די אַסימילאַציע מיט אַ פאַררויסענעם קאָפּ אין סאַמע קדשי קדשים פון אידישקייט.

נאָר דאָס איז ניט די איינציגע מאַניפעסטאַציע פון גוי׳אישן גייסט אַפילו אין אונזערע קדשי קדשים.

דער שטאַרקסטער אויסדרוק פון אַמעריקאַנער אידישקייט באַווייזט זיך אין די ימים נוראים. ראש השנה און יום־כיפור ווערן געאַכפּערט מער ווי אַלע אַנדערע אידישע ימים־טובים. יענע טעג זיינען גע־שלאָסן געשעפטן, וואָס אַ גאַנץ יאָר וואָלט מען גאָרנישט חושד געווען אַז זיי זיינען אידישע. און דאָך האָט דער גייסט פון אַסימילאַציע אַריינגעדרונגען אַפילו אין ראש־השנה און יום־כיפור, אין סאַמע שול.

ווי באַוואוסט טרעפט עס אָפט, אַז די באַרימטסטע בעיסבאָל־שפּילן, די „וואָירלד סיריז“, פאַלן אויס אין די דאָזיגע אידישע טעג. גאַנץ אַמעריקע איז דעמאָלט פאַרקאָכט אין די שפּילן, און אידן אויך, און דער גייסט פון דעם ספּאָרט דרינגט אַריין אין די שולן אַפילו אין די פאָרכטיגע טעג, אינמיטן דאַוונען, אַפילו אין די אָרטאָדאָקסישע שולן.

בדידי הוה עובדא. איך האָב איינמאָל געדאַוונט אין אַ שול יום־כיפּור, און דער עולם האָט ממש געפיבערט מיט דער „געים“, וואָס האָט געדאַרפט געשפּילט ווערן בייטאָג. פאַרשטייט זיך, מערסטנס דער אינגערער עולם. מ׳האָט ממש ניט געקענט דאַוונען. דער סוף איז געווען, אַז מ׳האָט געמאַכט אַ הפסקה אויף צוויי שעה און דער עולם איז געלאָפן אַהיים צו די ראַדיאָס און טעלעוויזיעס צו „וואָטשן די געים“...

און אַ חזן דערציילט מיר: ער האָט איינמאָל געדאַוונט ראש השנה אין אַ שול, ווען די „וואָירלד סיריז“ האָט געשפּילט. גייט צו אים צו דער פּרעזידענט און מאַכט צו אים: „סטעפּ אָן די געז“ (מאַך עס שנעל) הייסט, ווייל אַ סך פון עולם, און איך בתוכם, האָבן בילעטן צו דער הייטיגער „געים“ און מיר ווילן דאָרט זיין אין צייט...

און אַ צווייטער פאַל האָט מיט דעם זעלבן חזן געטראָפן, וואָס איז נאָך פּיקאַנטער. ס׳איז געווען ערב יום־כיפּור פאַרנאַכט און מ׳האָט זיך געדאַרפט שטעלן זאָגן כל נדרי. ער, דער חזן, איז שוין געשטאַנען פאַר׳ן עמוד, דער עולם איז געווען דווקא רעכט פאַרזאַמלט, נאָר מ׳איז געשטאַנען אינדרויסן און מ׳איז ניט אַריין אינעווייניג צו כל נדרי. מ׳האָט גערופן, נאָר עולם האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. וואָס איז געווען די סיבה?

יענעם טאָג איז דער בעיסבאָל־שפּיל דערגאַנגען צו אַ „טאַי“ און עס זיינען געשפּילט געוואָרן עקסטראַ „איבינגס“ (ספּאָרטלייט וועלן וויסן וואָס דאָס מיינט...) בשעת מ׳האָט זיך געדאַרפט שטעלן זאָגן כל נדרי, איז דאָרט אויפ׳ן פעלד אָנגעגאַנגען די עקסטראַ שפּיל, און דורך די אָפענע פענסטער אין די גאַסן האָבן זיך אימפּעטיג געטראָגן די ראַדיאָ־באַריכטן פון דעם שפּיל־פעלד אַרויס. די גאָס האָט גע־

הילכט מיט דעם שפּיל. איז דער עולם געשטאַנען אַרום שול און האָט זיך ניט געקענט אָפּרייסן פון דעם שפּיל.

ביז דער פּרעזידענט איז אַרויס מיט אַ שטאַרקן געבעט און האָט מבטיח געווען דעם עולם, אַז באַלד נאָך כל נדרי וועט מען אין שול אויסרופן דעם „סקאָר", דעם אויסגאַנג פון דעם שפּיל, הייסט עס. דעמאָלט האָט דער עולם מסכים געווען אַריינצוגיין זאָגן כל נדרי. און אַזוי איז געווען ווי דער פּרעזידענט האָט צוגעזאָגט: געענדיגט כל נדרי, האָט מען פון דער בימה אַנאָנסירט וועלכער „טיעם" ס'האָט געוואונען, און מיט וויפיל קעגן וויפיל. און דאָ אין שול, ווער ס'האָט זיך דערפריי, און ווער ס'האָט טרויעריג אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, יעדערער לויט זיין באַליבטן „טיעם", און לויט דעם צי ער האָט פאַרלוירן אָדער געוואונען אין געוועט...

זינגער און חזן משה אוישער ע"ה האָט מיר דערציילט קורץ פאַר זיין טויט: ראש־השנה, ער שטייט אין קיטל און טלית פאַרן עמוד, קומט צו אַ יונגערמאַן און שושקעט אים אַריין אונטערן טלית: „פּוט אין איי פּרעיער פאָר דהי דאַדזשערס", פאַרוואָרף אַ תפילה פאַר די דאַדזשערס...

ווער האָט זיך געקענט ריכטן, אַז אידן וועלן ווערן אַזעלכע ספּאָרט־לייט, אַזש יום־כיפור וועט מוזן מאַכן אַ וואַרע פאַר די „יענקיס" און די „דאַדזשערס".

אַ נייעם „על חטא" דאַרף מען צושרייבן פאַר די אַמעריקאַנער אידן: על חטא שחטאנו ב'יענקיס ודאדזשערס.

אָדער הערט נאָר, הערט פון אַן אַנדער אויסדרוק פון אידישער ספּאָרטסמאַנשאַפט: פרומע אידישע יוגנעלייט, ווי באַוואוסט, האָבן זיך אויך אויסגעלערנט צו זיין פאַרליבט אין ספּאָרט. מיר האָבן שוין ספּאָרט־טיעמס אַפילו אין ישיבות, וואו די שפּילער שפּילן מיט יאַר־מעלקעס און מיט פלאַטערנדיגע ציצית.

און אָט איז אַזאַ גרופּע פרומע יוגנעלייט געווען אַזוי שטאַרק פאַרקאָכט אין אַ „געים" און אין אַ „טיעם", אַז כדי צו פאַרהעלפן זייער „טיעם" צו געווינען, האָבן זיי זיך געזעצט און האָבן בציבור אַ גאַנצע נאַכט געזאָגט תהלים...

און נאָך אַ בליק אין שול אַריין:

אַז מ׳וועט אי״ה דערלעבן איבעראַיאָר קוקט זיך צו און איר וועט זען, אַז ביים „ונתנה תוקף״ וויינט מען מער ניט. אַמאָליגע צייטן פלעגט דער „ונתנה תוקף״ זיין דער הויכפּונקט אין די תפילות אין די פאַרכטיגע טעג. ביי דער דאָזיגער תפילה פלעגן די מחזורים צעווייקט ווערן פון טרערן, די קולות און געוויינען זיינען געגאַנגען עד לב השמים. איבערהויפּט אין דער ווייבערשער שול.

אָבער אין אַמעריקע איז שטיל געוואָרן ביי דער דאָזיגער גוואַל־דיגער תפילה. מ׳וויינט ניט מער, מ׳קלאָגט ניט מער, מ׳לייגט מער ניט אַיין קיין וועלטן. און די סיבה איז אַ פּשוט׳ע: עולם ווייסט מער ניט וואָס עס שטייט אין דער תפילה. מ׳ווייסט מער ניט איר באַדייטונג און גוואַלדיגן פּאַטאָס. דער רב שטעלט זיך אַפילו אַוועק און זאָגט פריער אָפּ דעם „ונתנה תוקף״ אויף ענגליש, למען ישמעו ויראו, אָבער עס העלפט ניט. דאָס ענגלישע איז ניט מסוגל אויפצוכאַפּן דעם גרויסן אידישן פּאַטאָס פון דער תפילה. דער עולם בלייבט קאַלט.

פאַראַן אויך אַנדערע סיבות. שרייבט מיר ר׳ אברהם פרידמאַן פון קליוולאַנד, אָהייאָ:

„נאָך די סליחות פרעג איך דעם חזן: ווי קומט עס וואָס איר האָט אָפּגע׳פּטר׳ט דעם „הנשמה לך״ ווי אַ וואָכעדיגן אשרי?

„ענטפערט מיר דער חזן: דער פּרעזידענט האָט אים געהייסן ׳טו קאָט אַוט דהי קראַיינג ביזנעס׳ — אַרויסקנאַקן דאָס וויינען״...

און מר. פרידמאַן באַמערקט: „דער פּרעזידענט איז נעבעך אַ מטופל מיט אַ פּאָר מיליאָן דאָלער, צו וואָס דאַרף ער אַ ׳קראַינג׳?״...

און איידער מיר פאַרלאָזן די שול און דעם יום הקדוש, לאָמיר דערציילן פאָלגענדן עפּיזאָד, וואָס וואַרפט נאָך אַ שיין אויף די חורבות פון אַמעריקאַנער אידישקייט. ס׳איז פאַר נעילה און דער רב האַלט זיין לעצטע דרשה פון דעם יום־טוב. די שול איז געפּאַקט. דער רב געזעגנט זיך מיט׳ן עולם. ער זאָגט: אַ שיינע עדה אידן, קיין עין הרע. לאָמיר האָפן, אַז מיר האָבן זיך אַלע אויסגעבעטן אַ גוט, לעבעדיג יאָר. נאָר איך ווייס, אַז אַ גאַנץ יאָר וועל איך אייך שוין ניט זען. טאָ לאָמיר אייך זאָגן היינט ווען מ׳שטעלט זיך אי״ה איבעראַיאָר דאַווענען: מ׳שטעלט זיך דאַווענען איבעראַיאָר זיבן אַזייגער...

און דאָ, ליבע לעזער, האָט איר אַ הויפן שערבלעך פון דער צעבראָכענער אַמעריקאַנער אידישקייט.

# דאָס פּנים און דער שפּיגל

ניטאָ דער ירמיהו וואָס זאָל באַוויינען די מאָדנע צעקרימטע צורה, וואָס דאָס שיינע פּנים פון אידישקייט האָט געקראָגן צווישן די אָפּ־געפרעמדטע אידן אין אַמעריקע: גוואַלדגעשריען, הזאת נעמי?

אָדער אפשר דאַרף מען דאָ האָבן ניט דעם גרויסן וויינער, נאָר דעם גרויסן אָפּלאַכער . . .

אַ נייעם שלום עליכם.

דאָס גאַנצע לעבן האָט אָנגענומען אַ פּנים, ווי אין עפּעס אַ שרעק־ליך צעקרימטן שפּיגל.

אָבער ניין, דער שפּיגל איז גלייך, ס׳איז דאָס פּנים וואָס איז צעקרימט און צעדרייט געוואָרן ביז אַ קאָמיזם וואָס איז אַזש טראַגיש, און ביז אַ טראַגיזם וואָס איז אַזש קאָמיש.

אָט זיינען יונגע ווייבלעך וואָס ווילן פירן אַ כשר׳ע קיך. אַ כשר׳ע קיך ביי זיי הייסט מייסטנס כשר פלייש. אָבער וואָס הייסט ביי זיי כשר פלייש?

איינע קויפט פלייש ביי אַ כשר׳ן קצב, איז עס ביי איר שוין כשר אָן ווייקן און זאַלצן.

אַ צווייטע קויפט פלייש ביי אַ גוי׳אישן קצב און זי ווייקט עס און זאַלצט עס, און זי מיינט אַז דערמיט ווערט עס כשר...

אָדער אָט איז אַ יונגערמאַן, אויך מיט אַ גאַנץ טשיקאַווען באַגריף וועגן כשר און טריף: ביי אים איז אַ גאַנץ געוויינליכע זאַך צו עסן אַ העם־סענדוויטש, דאָס הייסט פשוט — חזיר. נאָר אַמאָל מאַכט מען אַזאַ סענדוויטש אַ קאָמבינאַציע מיט שווייצער־קעז. אַזאַ העם־סענד־וויטש וועט אונזער בעל־דבר קיינמאָל ניט עסן: פלייש מיט קעז, ווייסט ער, איז טריף.

פאַראַן הייזער, וואָס פסח עסט מען דאָרט דווקא נאָר מצה — אָבער נאָר ביי זיך אין דערהיים; אַז מ׳גייט אַרויס עסן אין דרויסן, אין אַ רעסטאָראַן, „מעג מען" עסן ברויט . . .

אָבער כלפּי דעם זיינען דאָ רעסטאָראַנען וואָס אַנאָנסירן „כשר׳ע קריסטמעס דינערס", און דעליקאַטעסן־קראָמען וואָס דרוקן מודעות: „פאַרגרייט אייך מיט כשר׳ע דעליקאַטעסן פאַר אייערע קריסטמעס־פּאַרטיס" (ליאַמעס) . . .

אָדער אָט איז אַן „איבערראַשונג", וואָס אַ פרוי האָט באַגעגנט ביי מיר אין הויז: אין אַ ווינקל איז געשטאַנען דער לולב, אַ זכר פון סוכות. קוקט זי עס אָן מיט גרויס אינטערעס, נעמט עס, באַטראַכט עס, אַזוי ווי זי וואָלט עס קיינמאָל פריער ניט געזען.

דערנאָך מאַכט זי: אפשר קען מען זען דעם לולב אויך?

זאָג איך: דו האַלטסט דאָך דעם לולב...

עפנט זי אַ פּאָר איבערראַשטע אויגן און זאָגט: און איך האָב געמיינט אַז דער „לעמאָן" איז דער לולב...

מיינער אַ באַקאַנטער דערציילט: ביי זיינעם אַ פריינט איז גע־שטאָרבן די מאַמע. איז ער געגאַנגען אים מנחם אָבל זיין. און געגאַנגען איז ער צו אים שבת. געקומען און געפונען ווי יענער זיצט: ער האָט נעבעך ניט געוואוסט אַז שבת זיצט מען ניט קיין שבעה...

מיין באַקאַנטער האָט אים אויפגעקלערט.

איז יענער אויפגעשטאַנען פון דער ערד, האָט זיך אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער לענג און געזאָגט: אויב אַזוי, וועל איך גיין אָפּוואַשן די קאַר...

און ער האָט פאַררויכערט אַ פעטן ציגאַר און איז אַרויס וואַשן דעם אויטאָמאָביל, נאָך מיט דער יאַרמלקע אויפ׳ן קאָפּ, וואָס ער האָט געטראָגן לכבוד שבעה...

נאָך אַ בילד פון אידישן לעבן אין אַמעריקע:

צוויי אינגלעך, אַ צווילינג, האָבן זיך גענומען גרייטן צו בר־מצוה. מען האָט געדונגען פאַר זיי אַ מלמד, דווקא אַן אָרטאָדאָקסישן, און ער האָט זיי איינגעלערנט נישט צו עסן מיטן הוילן קאָפּ, וויניגסטנס ביז נאָך דער בר־מצוה. איינמאָל, אין אַ זונטאָג, איז די פאַמיליע גע־גאַנגען עסן מיטאָג אינדרויסן, אין אַ רעסטאָראַן. מען האָט באַשטעלט לאַבסטערס, ראַקעס. האָבן די אינגלעך אָנגעטאָן די יאַרמעלקעלעך און זיך געזעצט עסן דעם טריפ׳ען מאכל.

מען האָט געפּראַוועט אַ בר־מצוה אין שול, מיט דאַווענען, מיט לייענען, מיט אויפרופנס, אַלץ כדבעאי, אויפ׳ן אָרטאָדאָקסישן שטייגער. דערנאָך איז געווען אַ כשר׳ע סעודה פון דער קיך וואָס ביי דער שול. נאָך דער לעצטער געריכט נעמט אַרויס דעם בר־מצוה׳ס פאָטער אַ שאַכטל ציגאַרס און טיילט די געסט.

איז דאָס אַלץ צום וויינען, אָדער צום לאַכן? אויב נישט ביידע זאַכן...

גאָר טראַגיש ווערט דאָס לעבן, ביז נישט צום אויסהאַלטן, ווען די צוויי שטראָמען, דער אַלט־אידישער און דער ניי־אַמעריקאַנער, גיסן זיך אַריין אין איין הויז אָדער אין הויזגעזינד. שרייבט מיר אַ איד:

„איך בין צוליב מיין פּרנסה, וועשעריי, אַ נכנס ויוצא אין אידישע הייזער. אַזוי ווי איך האָב מער צייט ווי אַמאָל, און קיין צופיל כוח איז שוין אויך ניטאָ, איז אין יעדן הויז זעץ איך זיך אַוועק אָפּרוען, שמועסט מען דערוויל. זע איך זיך אָן גענוג טראַגעדיעס פון דעם אַלטן דור צווישן דעם נייעם"... און ער דערציילט:

אַט קלאָגט זיך אַן עלטערע אידענע און בשעת מעשה גיסן זיך איר טרערן פון די אויגן: איך קען דאָ צו מיינע אייגענע טעכטער ניט גיין צוגאַסט, אַלץ ביי זיי אין קיך איז טריף. איך האָב געהאַט איין איידים וואָס האָט צוגעגרייט צווייערליי כלים פון מיינעטוועגן, האָט אים דער אויבערשטער צוגענומען...

אַן עלטערער איד טענה׳ט: מילא, מיר איז נאָך גוט, איך האָב אַ געשוויר אין מאָגן, האָב איך אַ גוטן תירוץ פאַר די קינדער פאַרוואָס איך בין גאָרניט טועם ביי זיי. אָבער מיין אידענע איז ב״ה געזונט אויף אַלע אברים, און אַז זי וויל גאָרניט עסן ביי די קינדער טוט זיך חשך...

אַ יונג פּאָרפּאָלק, אַמעריקאַנער געבוירענע, אָבער אמתע פרומע, באַקלאָגן זיך: מיר קענען ניט גיין ניט צו דעם מאַנ׳ס משפחה, ניט צו דער ווייב׳ס משפחה. זיי פירן זיך אַלע ווי די גויים . . .

נאָר אָט איז אַן עלטערער איד וואָס דריקט אויס זיין טראַגעדיע אויף אַ גאָר אויסטערלישן אופן: „מיט מיינע אייניקלעך — זאָגט ער — האָב איך ניט קיין צרות, זיי ווילן מיך ניט קושן איבער מיינע וואָנצעס. וואָס טוט מען אָבער מיט די טעכטער? זיי ווילן דווקא יע קושן דעם טאַטן מיט דער באָרד, מ׳זעט זיך דאָך ניט צו אָפּט, אָבער ס׳פּילט זיך דער חזיר ד׳ אמות פון זיי... אייגענע טעכטער זאָלן זיין מוקצה מחמת מיאוס!"...

דאָס אַלץ איז אַ טרויעריגע רשימה פון ליידן וואָס פאַלן אויס אויפ׳ן גורל פון פרומע עלטערן פון אַמעריקאַנער קינדער. אָבער די פרייע, די ראַדיקאַלע עלטערן — האָבן זיי עס בעסער? ניין, ניט די סענזיטיווע, די אײדעלערע צווישן זיי. שרייבט מיר אַ לעזער, אַ ראַדיקאַל שבראַדיקאַל:

„איך בין אַוועק פון מיינע עלטערנס גלויבן און גיין צוריק קען איך ניט. און מיינט ניט אַז איך בין געגויגט צו דעם רעפאָרמירטן גלויבן. דאָס האָב איך נאָך מער. איך געפין זיך אין . . . ביי קינדער וואָס גיבן מיר דאָס בעסטע וואָס זיי קענען. און דאָך געפין איך זיך אין אַ פרעמדער וועלט, אַ וועלט וואָס איך קען ניט פאַרשטיין. אַ וועלט וואָס איז מיר נאָך ווייטער ווי מיין אַלטע וועלט. שטעלט זיך פאָר: די קינדער שיקט מען לערנען אין חדר, אָדער ווי זיי רופן עס „איידער" (דאָס הייסט, איידער מ׳גייט אַרויס פאַרגעסט מען שוין וואָס מ׳האָט געלערנט). מ׳שיקט זיי אַהין זיי צוצוגרייטן צו בר־מצוה מיט אַ בר־מצוה דרשה. און דאָס שענסטע דערביי איז: דער פרידזשידעיר איז אָנגעפּילט מיט העם און בייקאָן (חזיר) . . . ווען איך פרעג זיי: גלויבט איר אין גאָט? זאָגן זיי: געוויס. פרעג איך זיי ווייטער: זייט איר דאָס די יעניגע וואָס פאַרשטייען אַז דער געבאָט פון בר־מצוה איז וויכטיגער ווי דער געבאָט נישט צו עסן קיין חזיר? . . . ווייסט איר וואָס זיי ענטפערן? אָה פּאַפּאַ, יו אַר אָלד פעשאָנד (ביסט אַלט־מאָדיש) . . . בין איך קרח מכאן וקרח מכאן" . . .

ניט אַנדערש איז עס ווען מיר גייען אַריבער אין אַן אַנדער געביט פון אידישן לעבן, אין דעם סעקולערן אָדער ליטעראַרישן. ביי דעם

„גרינעם טאָטן", דעם חדר־אידן, האָט דאָס אויך געהאַט אַן אָרט אין הארצן, אָבער ביי זיין אַמעריקאַנער קינד איז דאָס דאָזיגע אָרט אויך ליידיג געבליבן.

דערציילט מיר אַ לערער פון אַ אידישיסטישער קינדער־שולע אין איינעם פון די נייע אידישע ישובים פון אַרום ניו־יאָרק, ממש אַ מעשה נורא. ביי דער קינדער־שולע האָט זיך אויך אָרגאַניזירט אַ קלאַס פון עלטערן, וואו דער זעלבער לערער לערנט מיט זיי אידיש, העברעאיש, אידישע געשיכטע. דאָס איז אַוודאי זייער שיין. נאָר וואָס האָבן זיי געקענט פון פריער?

דער לערער האָט זיי איינמאָל געשטעלט אויף אַן עקזאַמען. און אַט פרעגט ער זיי:

ווער איז געווען משה רבינו?

פון אַ קלאַס פון פופצן־אַכצן מענער און פרויען, עלטערן פון קינדער, האָט נאָר איין פרוי געוואוסט אַן ענטפער:

משה רבינו — האָט זי געזאָגט — האָט אַרויסגעפירט די אידן פון שפּאַניע...

לא יאומן כי יסופר!...

דער כאַפּ איז דאָ אין דעם „משה" און אין דעם „רבינו". ווען די פראַגע וואָלט געווען וועגן „מאָזעס", וואָלטן זיי מסתמא זיך בעסער אויסגעצייכנט.

אַ איד דערציילט מיר, אַז צו זיי אין הויז האָט זיך אַריינגע־צויגן אַ נייע פאַמיליע, אַ טיר קעגן אַ טיר. ביי די נייע שכנים איז דאָ אַ מיידעלע פון אַ יאָר צען־עלף, און גלייך דעם ערשטן טאָג האָט זי זיך באַפריינדט מיט זיינס אַ מיידעלע פון זעלבן עלטער. פון דעם פאַמיליע־נאָמען פון די נייע שכנים איז ניט געווען קלאָר צי זיי זיינען אידן אָדער גויים. דער נאָמען האָט געקענט גיין פאַר אידן און אויך פאַר גויים.

פרעגט איינמאָל דער איד ביים מיידעלע: „אַר יו דזשואיש?" (ביסטו אַ אידישע?)

ענטפערט דאָס מיידעלע: איך וויס ניט... מ'האָט עס מיר קיינ־מאָל ניט געזאָגט...

און נאָך אַ מינוט טראַכטן, האָט זי צוגעגעבן: אָבער איך וואָלט געוואָלט זיין אַ אידישע...

פרעגט איר דער איד: וואָס מאַכט דיך צו וועלן זיין אַ אידישע?

ענטפערט דאָס מיידעלע: איך האָב געזען די מוּאוויז „דהי טען קאָמענדמענטס" (די צען געבאָט) און איך האָב „געגליכן" די „פיקטשור" („אַי לאַיקד דהי פיקטשור").

אָט דורך וואָס פאַר אַ הינטערטיר עס דערגייט אַ הויך און בלאָזט פאַנאַנדער דעם אידישן פונק אין אַ קינדיש הערצל!

עס איז באַוואוסט, אַז ווען ביאַליק האָט באַזוכט אַמעריקע, האָט זיין באַזוך דאָ גורם געווען אַ גאַנצע רייע וויצן וואָס זיינען אַרויס־געוואָקסן דערפון, וואָס די אַמעריקאַנער אידן האָבן נעבעך ניט געוואוסט ווער ביאַליק איז געווען, זייך דיכטונג קיינמאָל ניט געלייענט, צוליב פאַרשטענדליכע סיבות, און זיין נאָמען אַפילו ניט געקענט אַרויסרעדן. ביאַליק אַליין פלעגט ליב האָבן צו דערציילן די דאָזיגע וויצן, פון וועלכע ער איז געווען דער קרבן. אַזוי, למשל, האָט איין טשערמאַן אים פאָרגעשטעלט ווי מר. בלק (באַלאָק), אַן אַנדער טשערמאַן, וועלכער האָט געהערט וועגן ביאַליק'ן ווי אַ „משורר", האָט אים געוואָלט אָנטאָן באַזונדערן כבוד, און האָט אים פאָרגעשטעלט: דער באַרימטער חזן ביאַליק...

וואָס איז דען אַ משורר קעגן אַ חזן?...

אַן אַנדערער האָט אים פאָרגעשטעלט: פּראָפעסאָר בייליק...

נון, רעדט מיט מיר אַן אַמעריקאַנער איד, אַן אינטעלעקטואַל, און דער געשפּרעך קומט אַרויף אויף מדינת ישראל, אויף העברעאיש און דער העברעאישער ליטעראַטור — און ער פרעגט מיר:

וואָס מאַכט דער פּאָעט וואָס איז אַמאָל געקומען קיין אַמעריקע און זיין נאָמען איז געווען... וואַרט, וואַרט... ווי האָט ער גע־הייסן? עפּעס ענליך צו בייגעל...

נאָר לאָמיר צוריקגיין צו אונזער פריערדיגן ענין, צום מאָדנעם געמיש און ווירוואַר פון אידישקייט מיט גוי'אישקייט, וואָס גילט אין אַמעריקע פאַר „אידיש לעבן".

איך האָב איינמאָל חנוכה אַריינגערופן צו מיר אין הויז אַ שכנ'יש אינגל הערן בענטשן חנוכה־ליכט. ביי זיך אין הויז האָט ער עס ניט

געהאַט און איך האָב אים געוואָלט מחנך זיין. איך האָב אים אויך געגעבן אַ שיינעם חנוכה־געלט.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער באַגעגן איך דאָס אינגל און ער מאַכט צו מיר: ווייסטו וואָס איך האָב געטאָן מיט דיין חנוכה־געלט? איך האָב געקויפט מיין טאַטן אַ קריסטמעס־פּרעזענט...

אין ניו־יאָרק איז דאָ אַ פאַראיין פון אַ גרופּע אידן, וואָס זיינען אָנגעשטעלטע ביי דער רעגירונג, באַאַמטע פון איין בראַנזשע. אַרום זעקס הונדערט אין צאָל זיינען זיי. און אָט האָבן זיי געמאַכט אַ חנוכה־„פּאַרטי". זיי האָבן זיך פאַרזאַמלט אין אַ גרויסן זאַל און האָבן געלאַדן אַ רב צו בענטשן חנוכה־ליכט פאַר זיי. זיי האָבן אויסגעקליבן דווקא אַן אָרטאָדאָקסישן רב, און בשעת ער האָט געמאַכט די ברכות, האָבן זיי צוגעדעקט די קעפּ ווי עס געהער צו זיין, ווער מיט אַ היטל, ווער מיט אַ טיכל פון קעשענע אַרויס. אַלץ נאָך ביים דרך.

אָפּגעבענטשט חנוכה־ליכט, האָט מען זיך אויסגעזעצט ביי טישן צו אַ חנוכה־סעודה. מ'האָט סערווירט סענדוויטשעס און קאַווע. די קאַווע איז געווען מיט מילך און די סענדוויטשעס מיט פלייש, צוגעשטעלט פון אַ גוי'אישער פירמע.

אַ טשיקאַוון עפּיזאָד דערציילט דוד איידלסבערג אין אַן אַרטיקל, וואו דער חשוב'ער שריפטשטעלער באַהאַנדלט דעם זעלבן ענין.

אין אַ שטעטל נית ווייט פון ניו־יאָרק, אויך פון די נייע אידישע ישובים, איז דאָ אַ טעמפּל, און אין דעם טעמפּל איז דאָ אַ „היברו סקול", וואו מ'לערנט מיט קינדער עטליכע מאָל אין דער וואָך.

„אין יענער טעמפּל־געביידע — דערציילט איידלסבערג — ווערט איינגעאָרדנט יעדן יאָר אַ באַזאַר, און דווקא פאַר די חגאות... און וואָסערע סחורות ווערן פאַרקויפט אויף דעם באַזאַר? קריסטמעס־ביימער זיינען דאָרט פאַרקויפט געוואָרן! און לויט נאָענטע קוואַלן, האָבן דאָרט אויך געזאָלט פאַרקויפט ווערן צלמים און איקאָנעס, וואָס קריסטליכע שכנים האָבן ביינגעטראָגן פאַר דעם אידישן באַזאַר".

מאָדנע, מאָדנע זיינען די אַמעריקאַנער אידן אין זייער אידישער ירושה, עפּעס אַזוי ווי נאַכטוואַנדלער אין אידישקייט זיינען זיי, ווי אין עפּעס אַ חלום וואָס זיי פאַרשטייען נית...

# בר־מצוה און בר־מצוה „פּאַרטיס"

קיין בילד פון דער אידישער גייסטיגער פּאַרוואָרלאָזטקייט אין אַמעריקע קען ניט זיין גאַנץ אָן אַ בליק אויף דעם ענין בר־מצווה און די אַזוי גערופענע „בר־מצווה פּאַרטיס".

מיר געפינען אַ קורצע אָבער שניידיגע באַשרייבונג פון דעם ענין אין אַן אַרטיקל אין „פּאַרוועדטס" פון הרב אהרן בן־ציון שורין.

„אין דער אַלטער וועלט — שרייבט הרב שורין — נאָך אין דער גאָר נאָענטער פאַרגאַנגענהייט, ווען אַ אינגל איז בר־מצווה געוואָרן, האָט עס געמיינט, אַז ס'איז צוגעקומען אין שטעטל אַ ניי קליין אידעלע. דער בר־מצוה געוואָרענער בחור האָט זיך באַלד ניצליך געמאַכט אין שול, אין דער היים, ביי שמחות. מען האָט אים געציילט צום מנין ביים דאַווגען, מען האָט אים צוגערעכנט צום מזומן ביים בענטשן. הכלל, דאָס שטעטל איז גרעסער געוואָרן מיט אַ איד.

די צוגרייטונגען צו דער בר־מצוה זיינען געווען אין עכטן גייסט פון טראַדיציאָנעלער אידישקייט. אין די לעצטע חדשים פאַר דער בר־מצוה האָט דער בחור זיך געלערנט די דינים פון לייגן תפילין. אַ געראָטענער אינגל האָט זיך גע'חזר'ט אַ דרשה, אַ פּלפּול, און דער שוואַכערער למדן האָט זיך געלערנט לייענען די הפטורה. און אין דעם

שבת פון דער בר־מצוה האָבן טאַטע־מאַמע פאַרפילט די שמחה מיט א קידוש פאַר אייגענע און גוטע פריינט.

אַזוי איז געווען אַמאָל.

ווי קוקן אָבער אויס די היינטיגע אַמעריקאַנער בר־מצוה׳ס, אין זייער גרעסטער צאָל?

אַז אַ דורכשניטליכער אַמעריקאַנער בר־מצוה בחור זאָל לייגן תפילין — פון דעם איז אָפּגערעדט, אַז ניט. אַמאָל פלעגן טאַטע־מאַמע קויפן אַ פּאָר תפילין פאַר׳ן בר־מצוה, היינט שוין דאָס אויך ניט. פון צורעכענען דעם „נייעם איד" צום מנין און צום מזומן קען גאָר דעריבער קיין רייד ניט זיין. ער ווייסט אַפילו ניט מיט וואָס מען עסט עס...

אַפילו אין דעם שבת פון זיין בר־מצוה, ווען דער בחור׳ל איז אין שול און דער עולם דאַוונט, קוקט דער בר־מצוה בחור אויף אַלץ ווי אַ האָן אין „בני אדם". ער ווייסט אַפילו ניט „ווען און וואו" מען דאַרף זיך אויפשטעלן. אָפטמאָל ווייסט דאָס זעלבע אַפילו זיין טאַטע אויך ניט. אַ זיידע, צי אַן אַנדער עלטערער קרוב, וואָס שטייט דערביי, גיט זיי אַ שטורך מיט דער האַנט, אַ סימן, אַז זיי זאָלן זיך אויפשטעלן. און אַז זיי שטעלן זיך שוין אויף, ווייסן זיי ערשט ניט ווען זיך צו זעצן. זיי ווייסן שוין אַפילו, לײדער, ניט, אַז זיי דאַרפן זיך כאַטש שעמען...

דאָס איינציגע „איבערבלייבעכץ" פון דעם אַמאָליגן בר־מצוה־גלאַנץ איז וואָס די מערסטע אײנגלעך לערנען זיך אויס צו לייענען די הפטורה. בלויז די הפטורה פון יענעם שבת און מער ניט. אָבער פאַראַן שוין היינט אַזעלכע וואָס זיינען שוין „פּטור" דערפון אויך. פאַראַן היינט טאַטע־מאַמעס, וואָס האַלטן, אַז די הפטורה לייענען איז שוין אויך ניט נויטיג. און עס דרייען זיך שוין אַרום אַ סך גרויסע בחורים, און אַפילו טאַטעס, וואָס זיינען קיינמאָל קיין בר־מצוה ניט געוואָרן...

איין זאַך נאָר פון דער אַמאָליגער בר־מצוה איז דאָך געבליבן, און דאָס איז דער קידוש... נאָר אויפ׳ן אַמעריקאַנער לשון רופט מען עס אַפילו ניט קידוש, נאָר פּאַרטי: בר־מצוה פּאַרטי. און אָט די פּאַרטי ווערט געמאַכט אַ סך רייכער און שענער ווי אַן אַמאָליגע

חתונה. אין אַ סך פאַלן אויך שענער ווי מאַנכע היינטיגע חתונות. און וויצלער זאָגן, אַז פון דער גאַנצער בר־מצוה שמחה איז בלויז פאַרבליבן די ערשטע העלפט, די — בר (באַר), און די צווייטע העלפט, די מצוה, איז אויסגערונען"...

עד כאן הרב שורין. און הרב יצחק אייזיק שפּירא זאָגט:

אל תקרא בר־מצוה אלא בר־מצבה...

עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז אַ ריכטער פון ניו־יאָרקער סופרים קאָורט (העכסטן געריכט) איז אַרויס מיט מוסר קעגן די פאַרשווענדערישע „בר־מצוה פאַרטיס". ער האָט זיין שאַרפן מוסר אַרויסגעזאָגט אין אַ פאָרמעלן פּסק דין. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ בר־מצוה־אינגל וואָס האָט געהאַט אויף זיין נאָמען אַ „טראַסט־פאָנד", און די עלטערן האָבן זיך געווענדט צום געריכט מיט אַ בקשה נאָך אַ דערלויבעניש אַרויסצוציען פון דעם פאָנד געלט אויף אַ בר־מצוה פאַרטי. „די בר־מצוה צערעמאָניע — האָט דער ריכטער געשריבן — איז די פייערונג פון אַ אינגל'ס ווערן אַ זון פון מצוות, און דאַרף אים דערמוטיגן צו גיין אין דרך הישר. ס'איז קיינמאָל ניט געמיינט געוואָרן צו זיין אַן אויסרייד פאַר גלאַט פאַרוויילונג און אָנשטעל . . . די גייסטיגע ווערטן וואָס די געלעגנהייט סימבאָליזירט טאָרן ניט אָפּגערוקט ווערן אויפ'ן צווייטן פּלאַץ לטובת גרויסהאַלטעריי און רייכער סעודה". דאָס געלט, האָט געשריבן דער ריכטער, קען בעסער פאַרווענדט ווערן לטובת אַ בעסערער רעליגיעזער דערציאונג פאַר'ן אינגל.

נאָר די סעודה אין זיך אַליין וואָלט נאָך געווען אַ האַלבע צרה — אַ דאַנק איר געדענקט מען נאָך ווי עס איז דעם ענין בר־מצוה — ווען זי וואָלט כאָטש געמאַכט געוואָרן מיט רעכטן געשמאַק. אָבער זייער אָפט מאַכט מען דערפון אַ ביליגן פאַרוויילונגס־אָוונט, מיט דזשעז־מוזיק און אַ „פלאָר שאָו". און אַ „פלאָר שאָו" מיינט האַלבנאַקעטע טענצערינס, וואָס טאַנצן די נייסטע און פּאָפּולערסטע טענץ. ס'איז רעכט אַז אויף אַ בר־מצוה פּאַרטי זאָל מען טאַנצן „ראַק 'נ' ראָל". און ווייסט איר וואָס „ראַק 'נ' ראָל" איז, אָדער איז געווען אויף דער הויך פון זיין פּאָפּולאַריטעט?

אין ניו־יאָרק, אין איינעם פון אירע ריזן טעאַטערס, איז אויפגעפירט געוואָרן אַ שפּיל מיט'ן נאָמען „ראַק 'נ' ראָל". די טענץ זיינען

געוועזן „ראַק ׳נ׳ ראָל״ און די לידלעך זיינען געוועזן „ראַק ׳נ׳ ראָל״, און דאָס מיינט: באַפּעפּערט מיט סעקס און באַזאַלצן מיט אָנצוהעד־רעניישן אויף נאָך מער סעקס...

און יעדן טאָג איז דאָס טעאַטער באַלאַגערט געוואָרן ווי אַ פעסטונג וואָס ווערט גענומען מיט שטורם: טויזנטער אויף טויזנטער זיינען געקומען און זיך געשטויסן אַריינצוגיין. פּאָליציי האָט קוים געקענט האַלטן אָרדנונג. ווי אַ ים שטויסט זיך אויפ׳ן ברעג, אַזוי האָבן זיך געשטויסן דאָ די מענטשליכע כוואַליעס אויף די ווענט פון דעם טעאַטער.

און ווער זיינען געווען די מענטשליכע כוואַליעס? קינדער פון צוועלף, פערצן, זעכצן יאָר. צווישן זיי אַ סך, אַ סך אידישע קינדער.

קינדער נאָך מיט דער מאַמע׳ס מילך אויף די ליפּן. צייטונגען זיינען געווען פול מיט בילדער פון די קינדער־מאַסן אינדרויסן און אינווייניג. איר האָט דאָ געזען פּנים׳ער מיט אַלערליי אויסדריקן פון עמאָציע: פאַרגאַפטע, אַנטציקטע, עקסטאַטישע, די אויגן געהויבן צו דער בינע אַזוי ווי אין אַ פרומען געבעט צום הימל, להבדיל, און די פּנים׳ער זיינען געווען באַגאָסן מיט אַ גליקזעליגקייט אַזוי ווי פון עפּעס אַן אַנדער וועלט...

און ווען זייערע הערצלעך זיינען איבערגעפילט געוואָרן מיט פרייד פון דעם ספּעקטאַקל, און זייערע געפילן האָבן זיך צעוואָרימט פון די קיצלדיגע לידלעך, וויצן און זשעסטן, דעמאָלט איז חברה קליינ־וואַרג אַרויס פון די כלים, און עולם האָט געזונגען אינאיינעם מיט די אַקטיאָרן די לידלעך וואָס זיי האָבן שוין גוט געקענט פון פריער, און מ׳איז געשפּרונגען פון די פּלעצער, און עס האָט געהערשט אַזאַ געפּילדער און ליאַרם אין טעאַטער, אַז מ׳האָט שוין מער ניט געהערט וואָס עס טוט זיך אויף דער בינע. דאָס גאַנצע טעאַטער, בינע און בענק און מענטשן, זיינען אַרומגעכאַפּט געוואָרן מיט אַ ליידנשאַפטליכן פייער, ווי אין אַ מין היידנישער וואַקכאַנאַליע...

דאָס איז „ראַק ׳נ׳ ראָל״.

און דאָס איז אויך אַ טייל פון אידישער דערציאונג...

און דאָס דרינגט אַריין אַזש אין די בר־מצוה׳ס...

דער שווישפּילער־שריפטשטעלער מאַרק שווייד, דערציילט מיר:

ער איז איינמאָל געווען געלאַדן צו אַ בר־מצוה־פּאַרטי. געקומען, זעט ער ווי צוויי פּרויען מיט טיפּיש־אידישע פּנים׳ער דרייען זיך אַרום צווישן עולם, נאָר זיי טראָגן צלמ׳לעך אויף די העלזער. פרעגט ער דעם בעל־הבית באַטייט.

דערקלערט אים דער בעל־שמחה: דאָס זיינען צוויי מומעס פון דעם בר־מצווה. ס׳איז דער קאַטוילישער צווייג פון דער פאַמיליע...

אַ באַשרייבונג פון אַזעלכע בר־מצוה־פּאַרטיס, וואָס קען דינען ווי אַ קלאַסיק, גיט אונז דער שריפטשטעלער חיים עהרענרייך („פאָר־ווערטס״, יוני 15, 1958):

„מיר ווילט זיך דערציילן פון צוויי אַזוינע „פּאַרטיס״ — שרייבט חיים עהרענרייך — אין וועלכע עס איז דעם שרייבער פון די שורות אויסגעקומען זיך צו באַטייליגן, איינע אין אַ קליין שטעטל אין קאָנעטיקוט, די צווייטע אין סאַמע האַרץ פון ניו־יאָרק.

די בר־מצוה־בחורים אין ביידע פאַלן זיינען געווען קינדער פון עלטערן, וועלכע זיינען געבוירן געוואָרן אין אַמעריקע. ס׳זיינען נאָך געווען אי זיידעס, אי באָבעס ביי די שמחות, זיידעס און באָבעס גע־בוירענע אין פּוילן און גאַליציען, אין רוסלאַנד און אין רומעניען. אָבער אויך זיי, יעדנפאַלס, די מערסטע פון זיי, זיינען שוין יאָרן אין אַמעריקע און רעדן שוין אַ צעקאַליעטשעטן ענגליש מיט אַן „אַמע־ריקאַנעם״ אַקצענט...

די עלטערן פון דעם בר־מצוה אין קאָנעטיקוט זיינען ניט געווען קיין רייכע מענטשן — דער טאַטע איז אַ קליינער פאַבריקאַנט. אָבער עפּעס אַ קלייניקייט, זיין בן־יחיד איז געוואָרן בר־מצוה! האָט ער די „פּאַרטי״ אַראַנזשירט מיט אַ ברייטער האַנט און מיט אַ צעעפנטער קעשענע. דער גאַנצער „דאונסטערז״ (אונטערשטער עטאַזש) אין דעם קליינעם „פּראַיוועט האָום״ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין קאַפע־טעריע. אַ „קעיטערער״ (רעסטאָראַטאָר) האָט צוגעשטעלט ניט נאָר די געשמאַקע אידישע מאכלים, נאָר אויך די געשיר און די קעלנער און אַפילו די משקה. אַלץ איז סערווירט געוואָרן כיד המלך. טישלעך זיינען געווען אויסגעשטעלט אין אַלע צימערן, אויף דער גרינער לאָנקע הינטערן הויז, אַפילו אויפן „דראַיוועי״ (פּאַסאַזש). אין דעם באַפרייטן גאַראַזש איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ געדונגענער שפּילער מיט אַן

אַקאָרדיאָן און ער האָט געשפּילט פּאָפּולערע אַמעריקאַנער לידער־מוזיק. שפּעטער האָבן אַרום אים זיך פאַרזאַמלט די צען־ביז־צוועלף־יעריגע יונגוואַרג און האָבן געזונגען די סאַמע לעצטע בראָדווייער לידער.

די עלטערן פון דעם בר־מצוה זיינען מיר שטיקלעך קרובים. איך קען זיי. זייערע צווי טעכטערלעך און דעם בן יחיד, דעם בר־מצוה האָב איך איצט צום ערשטן מאָל געטראָפן.

„בוירני", האָט זיין טאַטע, אַ הויכער מאַן פון אַ יאָר עטליכע און דרייסיק, גענומען רופן דעם בר־מצוה ווען איך בין אַזייגער צוויי נאָכמיטאָג אָנגעקומען צו דער פּאַרטי, „אַי וואַנט יו טו מיט עןאַדהער אָנקעל, טאָק היברו טו הים, הי נאָוז היברו" (איך וויל דיך באַקענען מיט נאָך אַן אָנקל. רעד צו אים עברית. ער קען עברית).

דער אינגל גייט צו מיר צו מיט אָנגעשראָקענע אויגן, דערלאַנגט מיר די האַנט און איך פיל אַז זי ציטערט פון שרעק.

„אתה מדבר עברית? זה טוב. איפה למדת? (רעדסט העברעאיש? גוט. וואו האָסטו געלערנט)", זאָג איך אים און איך וואָלט אים גערן באַרואיגט, ער זאָל ניט מורא האָבן, איך וועל אים ניט פאַרראַטן.

„כן, למדתי (יע, איך האָב געלערנט)", ענטפערט ער לאַנגזאַם, כמעט אין אַ פליסטער.

„ער רעדט דאָך אַ פּראַכטפולן עברית", זאָג איך דעם טאַטן, און זיין פּנים ווערט ברייטער ווי לענגער, שמעלצט זיך פון נחת.

איך נעם אַ טעלער, באַקום אַ פּאָר „האַלובאַשעס" און געפין מיר ענדליך אַ שטול ביי אַ טישל. נעבן מיר זיצט אַן עלטערע פרוי מיט אַן אויסגעאיידלטן, אַריסטאָקראַטיש־לענגליכן געזיכט און פריינטליכע, בלויע אויגן. מיר הויבן אָן רעדן איינער צום צווייטן, און ביי מיר כאַפּט זיך אַרויס אין אידיש: „כ'האָב מורא, אַז ס'וועט ווידער רעגענען — ס'הערט ניט אויף".

„איר וועט מיר אַנטשולדיגן וואָס איך האָב עס ניט פאַרשטאַנען", זאָגט זי אין ענגליש. „ס'איז מסתמא געווען אידיש. איך בין ניט קיין אידישע; איך בין אַ מעטאָדיסט".

איך בין מסתמא געוואָרן אַביסעלע צעטומלט, ווייל זי האָט מיך גלייך באַרואיגט:

„כ'בין, אָבער, כמעט אַ אידישע. מיין טאָכטער איז פאַרהייראַט צו דעם ברודער פון דעם בר־מצוה'ס מוטער. מיין טאָכטער", דער־

לאַנגט זי מיר אַ צווייג פון שלום, „האָדעוועט אירע דריי אינגלעך אין דעם אידישן גלויבן. ס'איז טאַקע גוט אַזוי".

און זי דערציילט מיר מעשיות וועגן איר טאָכטער'ס אידישקייט וואָס זאָגן עדות, אַז זי איז מער איד ווי איר אידישער מאַן. ווערן מיר שוין גאָר באָענט אין אונזער שמועס, און די אײדעלע מעטאָדיס־טישע פרוי גיט מיר איבער ווער פון די צענדליגער און צענדליגער מענטשן ביי דער פּאַרטי איז אַ איד און ווער אַ קריסט. איך רעכן אַז, וויניגסטנס, אַ דריטל זיינען קריסטליכע מענער פון אידישע פרויען אָדער קריסטליכע פרויען פון אידישע מענער. זי וויזט מיר אָן אויף אַ הויכן מיטל־יאָריגן מאַן, וואָס שטייט אין אַ ווינקל און עסט פון אַ פּאַפּירענעם טעלער. נעבן אים שטייט אַ מיידל פון אַ יאָר צוואַנציג, אַ בלאָנדע שיינהייט, קענטיג זיין טאָכטער, אויך מיט אַ טעלער אין האַנט.

„ניין", זאָגט מיין קריסטליכע שכנה, אַזוי ווי זי וואָלט געלייענט מיינע געדאַנקען, „זי איז זיין פרוי, ניט זיין טאָכטער. זי האָט צוויי קינדער פון אים. ער איז ניט קיין איד. זי איז די אידישע. איר ווייסט ווער זי איז? זי איז דעם בר־מצוה'ס אַ קוזינע, זיין מוטער'ס שוועסטער'ס טאָכטער. זייערע קינדער? דערווייל איז נאָך די פראַגע ניט געסעטלט. ער זאָגט, אַז אים אַרט ניט אין וואָס פאַרא רעליגיע זי וועט זיי אויסהאָדעווען. ווער ווייסט צי ער מיינט עס?".

איך בין פאַרבליבן אַן ערך צוויי־דריי שעה ביי דער שמחה. די געסט האָבן ניט אויפגעהערט צו קומען, די קעלנער האָבן ניט אויפגע־הערט צו סערווירן, דער עולם האָט ניט אויפגעהערט צו עסן און צו טרינקען. דער בר־מצוה האָט קיין „ספּיטש" ניט געהאַלטן; די מיידלעך אין גאַראַדזש האָבן ניט אויפגעהערט צו זינגען פּאָפּולערע אַמעריקאַנער לידלעך. יעדע ווײלע זיינען זיי צוריקגעקומען צו „פאָר הי איז עי דזשאַלי גוד פעלאָו".

אויך איך האָב געדריקט דעם בר־מצוה'ס האַנט און אים דער־לאַנגט מיין פאַרקלעפּטן קאָנווערט. ער האָט מיר מיט די טונקל־ברוינע אויגן געדאַנקט פאַר אָפּראַטעווען אים פון זיין טאַטנס פאָרוואורף און דעם טאַטן — פון אַנטוישונג..."

עד כאן די ערשטע „פאַרטי", אין חיים עהרענרייכ'ס באַשרייבונג. און די צווייטע? איך מיין, אַז די איינע איז גענוג.

# קריסטמעס־אידעלעך

אין פאַרלויף פון אונזערע שמועסן איז פאַרבייגייענדיג דערמאָנט געוואָרן קריסטמעס, ווײַנאַכטן.

אויף דער דאָזיגער טעמע איז נויטיג זיך אָפּצושטעלן אויספיר־ליכער.

וואָרים דער קריסטמעס איז שוין אויף אַזוי ווייט אַרײַן אין אידישן לעבן אין אַמעריקע, אַז אַ אידיש אינגעלע האָט איינמאָל אַ פרעג געטאָן דעם טאַטן:

טאַטע, איז קריסטמעס ביי די „דשענטאַילס״ (גויים) אויך אַ יום־טוב ? . . .

יעדעס יאָר ווען עס קומט אָן די צייט פון קריסטמעס, קומט אַרויס די קריסטליכע סעקטע, וואָס הייסט „דזשעהאָ׳־ס וויטנעסעס״ און הויבט אויף אַן אַגיטאַציע און אַ געשריי קעגן דעם דאָזיגן חגא.

און די „וויטנעסעס״ זיינען אַ מעכטיגע סעקטע אין דער קריסט־ליכער וועלט, און זיי קענען „שרייען״ . . .

זיי שרייען מיט פאַקטן, און זיי שרייען מיט חוזק.

אין איינעם פון זייערע זשורנאַלן, „וואַטשטאַוער״, דאַטירט דעם

15טן דעצעמבער 1950, איז געדרוקט אַ קנאַקעדיגער אַרטיקל מיט'ן נאָמען: „דער מאַסקאַראַד וואָס הייסט קריסטמעס".

די „וויטנעסעס" רופן צו אַלע קריסטן און זאָגן צו זיי:

„שטעלט זיך אָפּ און פאַרטראַכט זיך נאָר: וואָס פאַר אַ זין האָט דען דער יום־טוב קריסטמעס? וואָס פאַר אַ שייכות האָבן דערצו דער קריסטמעס־בוים מיט די פאַרשיידענע צאַצקעס, און מיט די ליכטלעך, און מיט'ן געבראָטענעם חזיר, און מיט פרעסן און זויפן און שיכור'ן און אויסגעלאַסנקייט? וואָס האָבן די אַלע זאַכן צו טאָן מיט דער געבורט פון יעזוס'ן? אויב דער 25טער דעצעמבער איז יעזוס'עס געבורטסטאָג, היינט פאַרוואָס־זשע קומט די פּראַוואָסלאַוונע קירכע און פראַוועט גאָר קריסטמעס דעם 7טן יאַנואַר?"

און דער אַרטיקל שטעלט זיך אָפּ אויף יעדער פראַגע זיינער באַזונדער און קלערט אויף.

ער ברענגט ראיות פון דער קריסטליכער ביבל, לויט וועלכער עס קומט אויס זיכער, אַז יעזוס האָט ניט געקענט געבוירן ווערן סוף דעצעמבער. ער איז גאָר געבוירן געוואָרן, זאָגט דער זשורנאַל, העכסט וואַרשיינליך סוף סעפּטעמבער אָדער אָנהויב אָקטאָבער.

אַזוי דערציילט די קריסטליכע ביבל, אַז ווען יעזוס איז געבוירן געוואָרן זיינען נאָענט דערביי געווען פּאַסטעכער, וואָס האָבן געפּאַשעט זייערע טשערעדעס שאָף אין אָפענעם פעלד. טענה'ט דער זשורנאַל פון די „וויטנעסעס":

ווי אַזוי האָבן דאָרט געקענט זיין פּאַסטעכער מיט שאָף אין פעלד, אַז אין ארץ ישראל אין דעם מאָנאַט דעצעמבער איז גאָר דער רעגנדיגער ווינטער־סעזאָן, און מען האַלט דעמאָלט די שאָף אין די שטאַלן?...

מיט איין וואָרט, שרייבט דער „וואַטשטאַוער", אַלע ערטער פון דער ביבל באַווייזן גאַנץ קלאָר, אַז יעזוס איז בשום אופן ניט געבוירן געוואָרן אפילו נאָענט צום 25טן דעצעמבער אָדער דעם 7טן יאַנואַר. און ער פירט אויס:

„דעריבער איז גאָר אַן עבירה צו פייערן איינעם פון די צוויי דאַטן אַלס יעזוס'עס געבורטסטאָג".

פון וואַנען־זשע נעמט זיך פאָרט דער דאָזיגער יום־טוב?

דער זשורנאַל פון די „וויטנעסעס" ענטפערט און זאָגט:

די געצנדינער פון די אַמאָליגע צייטן, אין אַ גאַנצער רייע לענדער פון דער אַמאָליגער וועלט, וואו מען האָט געדינט צו דער זון אַלס גאָט, האָבן געהאַט אַ יום־טוב דעם 25טן דעצעמבער. דאָס איז די צייט ווען די טעג הויבן אָן צוריק לענגער ווערן, און די געצנדינער האָבן געזאָגט, אַז דעמאָלט ווערט די זון אויף דאָס ניי געבוירן. עס איז געווען דער יום־טוב פון דעם געבורטסטאָג פון דער זון. און מיט דער צייט איז עס מגולגל געוואָרן אין דעם געבורטסטאָג פון דעם קריסטליכן גאָט און משיח.

דאָס איז אַ היסטאָרישער פאַקט, שרייבט דער זשורנאַל, וואָס אַפילו די קאַטאָליקן זיינען מודה. און דער זשורנאַל ווייזט אָן וואו די קאַטאָליקן זיינען עס מודה: אין דער „קעטהאָליק ענסאַיקלאָפּידיאַ", אין דריטן באַנד, אויף זייט 727, שטייט געשריבן בפירוש, אַז „דער גוט באַוואוסטער יום־טוב פון דער זון, וואָס איז געפייערט געוואָרן דעם 25טן דעצעמבער, טראָגט אַ שטאַרקע אחריות פאַר קריסטמעס".

און די באַווייז־פירונג גייט ווייטער: די ערשטע קריסטן האָבן גאָרניט געהאַט צו טאָן מיט דעם דאָזיגן געצנדינערישן פייערטאָג. „קריסטמעס איז ניט געווען איינער פון די פריסטע פייערטעג פון דער קירכע — שרייבט ווייטער די קאַטוילישע ענציקלאָפעדיע — די ערשטע פאָטערס פון דער קירכע האָבן עס ניט געהאַט אין זייער קאַלענדאַר". נאָר אין משך פון דער צייט, ווען די קירכע האָט געוואָלט איבער־געווינען די געצנדינער צו זיך, האָבן די גלחים אַרויפגעקלעפּט אַ קריסטליכן עטיקעט אויפ'ן געצנדינערישן יום־טוב, און אַזוי איז געוואָרן קריסטמעס.

„עס איז אַ באַוואוסטער פאַקט — שרייבט אַ קאַטוילישער גע־לערנטער — אַז די פויפּסטן האָבן אומיסנע געמאַכט אַ קריסטליכן יום־טוב דעם זעלבן טאָג וואָס די געצנדינער האָבן געהאַט אַ יום־טוב, אָדער נאָענט צו דעם זעלבן טאָג, כדי אַריבערצוציען די געצנ־דינער צום קריסטנטום".

אָבער ניט נאָר דעם געצנדינערישן טאָג האָט די קריסטליכע קירכע איבערגענומען — שרייבט דער „וואַטשטאַוער" פון די „וויטנע־סעס" — נאָר אויך די געצנדינערישע מנהגים פון דעם טאָג.

די אַלטע דינער צו דער זון האָבן שוין געניצט די גרינע נאָדלען פון די סאָסנע־בוימער ווי אַ סימבאָל פון אומשטערבליכקייט. אין עגיפּטן, וואו קיין סאָסנע־בוימער זיינען ניטאָ, האָט מען עס פאַרביטן אויף פּאַלמען־בלעטער. אין רוים, וואו דער קריסטמעס־טאָג האָט געהייסן „סאַטורנאַליאַ", האָט מען געניצט גרינע צווייגן. אויך האָבן די רוימער אין זייער „סאַטורנאַליאַ" געצונדן וואַקסענע ליכט, און דערפון שטאַמען די לעמפּלעך אויף די קריסטמעס־בוימער.

און אַזוי גייט דורך דער זשורנאַל פון די „וויטנעסעס" דעם גאַנצן צעטל פון מנהגים פון קריסטמעס, און די אַלערליי צאַצקעס, וואָס ווערן דעם טאָג באַנוצט, אויך די פאַרשיידענע געריכטן, וואָס דער מנהג פאָדערט אום קריסטמעס, און באַווייזט פון וועלכן לאַנד יעדע איינע עס שטאַמט און ווי אַזוי דאָס איז דאָרט געווען פאַרבונדן מיט דער דינסט צו דער זון. „אפילו דער מנהג צו שיכור'ן אין קריסטמעס — שרייבט דער „וואַטשטאַוער" — שטאַמט פון די געצנדינער". די דרואידן פלעגן בראָטן דעם קאָפּ פון אַ ווילדן חזיר צו דער געטין פרעיא, דערציילט ווייטער דער זשורנאַל, און דערפון ווערט געבראָטענער חזיר באַטראַכט פאַר אַ וויכטיגן טייל פון קריסטמעס...

אויך דער מנהג צו געבן זיך מתנות איז שוין געווען אין יענע צייטן, ווען די זעלבע פעלקער, וואָס זיינען היינט קריסטן, האָבן אַמאָל געדינט צו דער זון און געפּראַוועט איר געבורטסטאָג דעם 25טן דעצעמבער. בכלל, „פּרעסן און זויפן — זאָגט דער זשורנאַל פון די „וויטנעסעס" — איז געווען פּונקט אַזאַ טייל פון דער פייערונג ביי די אַמאָליגע געצנדינער, אַזוי ווי דאָס איז היינט צווישן די פעלקער פון דער קריסטליכער וועלט".

ווי־זשע איז עס מעגליך, פרעגט דער זשורנאַל, ווי אַזוי איז עס געשען וואָס אַ געצנדינערישער יום־טוב מיט געצנדינערישע מנהגים האָט זיך אַזוי איינגעגעסן ביי די קריסטן?

און ער ענטפערט: דאָס איז די אַרבעט פון דעם טייוול...

דער טייוול האָט געוואָלט פאַרפירן די קריסטן צו לעסטערונג, האָט ער עס אויפגעשפּילט די גאַנצע טייוולשע שפּיל, און האָט גענומען אַ געצנדינערישן יום־טוב און האָט אים פאַרמאַסקירט פאַר אַ קריסטליכן יום־טוב...

**און דערפאַר רופט זיך דער אַרטיקל אין דעם „וואַטשטאַוער״:**
**דער** קריסטמעס מאַסקאַראַד.

די קריסטן מיינען, אַז ס׳איז אַ יום־טוב צו זייער גאָט, זאָגן די „וויטנעסעס״, אָבער אין אמת׳ן, זאָגן זיי, איז עס גאָר אַ יום־טוב צום טייוול...

און די „וויטנעסעס״ אַליין ווילן פון קריסטמעס ניט וויסן.

זיי שטעלן ניט אַריין קיין קריסטמעס־בוימער אין זייערע הייזער, זיי גיבן ניט קיין קריסטמעס־פּרעזענטן, און אַז מען גיט זיי קריסטמעס־פּרעזענטן, נעמען זיי ניט אָן.

אויב איר ווילט איינעם פון זיי באַליידיגן, באַט אים אָדער איר אָן אַ פּרעזענט דעם טאָג פון קריסטמעס.

יעדן טאָג אין יאָר — יאָ, נאָר ניט דעם טאָג פון קריסטמעס.

און ניט נאָר וואָס די „וויטנעסעס״ לאָזן אויס קריסטמעס פון זייער קאַלענדאַר, נאָר זיי האַלטן עס פאַר אַ חוב צו אַגיטירן קעגן קריסטמעס.

זיי האַלטן עס פאַר זייער פליכט אויפצוקלערן די קריסטליכע וועלט וועגן דעם אמת׳ן אָפּשטאַם און דעם אמת׳ן כאַראַקטער פון דעם דאָזיגן קריסטליכן פייערטאָג, און זיי פאָדערן, אַז די קריסטליכע וועלט זאָל אָפּשאַפן קריסטמעס.

און ווען עס קומט די צייט פון קריסטמעס, אַזוי צעלאָזן זיי זיך אין זייערע שריפטן מיט אַ הייסער אַגיטאַציע קעגן, און אויך אויף זייערע ראַדיאָס. אין דער סאַמע נאַכט פון קריסטמעס, בשעת די קלויסטערס זיינען געפּאַקט און מען פּראַוועט דאָרט דעם יום־טוב מיט דער גרעסטער פייערליכקייט, אין די זעלבע שטונדן שטייען פייערדיגע רעדנער ביי די ראַדיאָס פון די „וויטנעסעס״ און האַלטן דרשות און רייסן אַרונטער די פייערונג און מאַכן חוזק פון אירע מנהגים.

איך האָב געבראַכט דאָס אַלץ כדי צו ווייזן אַז עס זיינען פאַראַן גרויסע מאַסן קריסטן, וואָס וואַרפן זיך אָפּ פון קריסטמעס. אָבער אידן האָבן זיך אָנגעהויבן טוליען צום קריסטמעס און אים דריקן צו זייערע הערצער...

פאַרקערטע וועלטן...

דער פאַרלוסט ווערט גוטגעמאַכט מיט נייע קריסטמעס־רעקרוטן פון צווישן אידן.

וואָס איז דאָ צו לייקענען, וואָס אַ יאָר אַלץ מער און מער דרינגט דער קריסטמעס אַריין אין אידישע קרייזן. דער מנהג צו געבן מתנות אין פורים, דער אַלטער טראַדיציאָנעלער שלח־מנות, אים קען כמעט ניט אונזער יוגנט, און זיין אָרט האָט פאַרנומען דער „קריסטמעס־פּרעזענט". דאָס גרינע בוימל איז געוואָרן אַן אָנגענומענע זאַך אין אומצייליגע אידישע הייזער. קריסטמעס־פּאַרטיס אויך.

אַזוי ווייט, אַז די אידן זיינען געוואָרן ביי די „וויטנעסעס" איינער פון זייערע אַרגומענטן געגן קריסטמעס:

„וואָס פאַראַ קריסטליכער יום־טוב קען ער שוין זיין — שרייבן זיי אין אָרט — ווען די אידן האָבן אים איבערגענומען?"

און אַז די אידן נעמען זיך צו אַ זאַך, נעמען זיי זיך מיטביידע הענט.

די גרעסטע קריסטמעס־בוימער מיט די רייכסטע קריסטמעס־קראַנצן וועט איר אָפט זען דווקא אין אידישע הייזער.

מען האָט אפילו אָנגעהויבן געבן דעם קריסטמעס־בוים אַ אידישן סטיל.

איין איד מיט אַ גויאיש ווייב האָט אויפ'ן שפּיץ פון דעם קריסטמעס־בוים איינגעפירט צו שטעלן אַ מגן־דוד: דעם בוים פאַר'ן ווייב, דעם מגן־דוד פאַר זיך.

און הפּנים מיט אַ נאַציאָנאַלער כוונה האָבן אידן אין איין טייל אַמעריקע אָנגעהויבן רופן דעם קריסטמעס־בוים — חנוכה־בוש...

און אידישע קינדער זיינען זיך משמח מיט קריסטמעס מער ווי, להבדיל, מיט אַלע אידישע ימים־טובים צוזאַמענגענומען, וואָרים דאָ איז מען ניט אליין, אידן צווישן זיך, נאָר מען איז צונויפגעגאָסן אין געפיל מיט'ן גאַנצן מעכטיגן קריסטמעס־כאָר פון אַ צוויי־הונדערט מי־ליאָניגער מדינה.

דעם אונמעסטבאַרן גייסטיגן שאָדן וואָס דאָס איז גורם צו די אידישע קינדער, האָט דער אידישער שריפטשטעלער, ישראל פּלאַטנער, פון טאָראָנטאָ, קענעדע, אויסגעדריקט אין אַ ריי מייסטערהאָפט־פיינ־

ליכע פּערזאָן, צו זינגען מיט דער מעלאָדיע פון ביאַליק׳ס „אונטער די גרינינקע בוימעלעך״, און אַזוי גייען די פערזן:

אונטער די קריסטמעס־בוימעלעך
שפּילן זיך דזשעקעלעך, היימעלעך,
שטערנדלעך, גלעקעלעך, שנייעלעך,
גוימ׳לעך פריש פון די אייעלעך.

גייסטיגע אידישע טרעמפּעלעך,
צו די פאַרביגע לעמפּעלעך
ציען, לעכצן און בוקן זיך,
מיט פרומע אויגעלעך פאַרקוקן זיך.

היימעלע דערוואַרט אַ „דאַגי׳לע״,
דזשעקעלע אַ „האָרס־ענד־באַגי׳לע״,
סעמעלע בענקט נאָך אַ רויטן גלאָק,
דזשענעלע וויל גאָר אַ פולע זאָק.

אליהו פאַרטריבן פון אידישן הויז,
זיין שטול פאַרנומען פון סאַנטאַ קלויז,
ווי מיר, כשר׳ע אידישע בהמה׳לעך,
פאַר אייערע טריפה׳נע היימעלעך...

ישראל פלאטנער

צו דעם אַלעמען, אין דער נייסטער צייט, איז נאָך צוגעקומען אַ נייער עלעמענט, וואָס איז דאָס ערגסטע פון אַלץ: טעאָרעטישע באַגרינדונג.

מען האָט אָנגעהויבן באַשאַפן טעאָריעס, אָוועקלייגן אַן אידייאישן יסוד, צו באַרעכטיגן קריסטמעס פאַר אידן.

מען האָט שוין אָנגעהויבן געבן הכשרים, אַז מען מעג פייערן קריסטמעס. און די נעקסטע מדרגה וועט זיין, אַז ס׳איז גאָר אַ מצוה...

זייער גרונט־געדאַנק איז, אַז קריסטמעס איז גאָר ניט קיין קריסט־ליכער יום־טוב אין רעליגיעזן זין. ס׳איז, זאָגן זיי, אַ בירגערליכער יום־טוב.

אַ אידיש־ענגלישער שרייבער, דזשעראָם ווײַדמאַן, איז מיט אַ צייט צוריק אַרויס מיט אַן אַרטיקל אין אַן אַמעריקאַנער זשורנאַל, „טודעי׳ס וואומען״, מיט גוואַלדיגער באַגייסטערונג פאַר׳ן גייסט פון

קריסטמעס, און ער זאָגט, אַז ער מיט זיין ווייב און קינדער וועלן פייערן קריסטמעס דווקא ווי אידן. ווייל קריסטמעס, זאָגט ער, איז „אַ באַזונדערע צייט פון יאָר, וואָס פאַרמאָגט איר גאָר באַזונדערן כישוף פון גוטן ווילן און גוטהאַרציגקייט".

אַן ענליכער אַרויסטריט איז געמאַכט געוואָרן אין דער אידיש־ענגלישער צייטונג „דזשואיש העראַלד" פון רהאָוד איילענד, פון איינעם בערנאַרד סיגעל, אַ „אידישער לערער". ער באַהאַנדלט דאָרט דער עיקר די פראַגע פון קריסטמעס־לידער, וואָס מען זינגט מיט די קינדער אין די פּאַבליק סקולס, און די טעאַטראַלישע שפּילן, וואָס ווערן דאָרט געגעבן אויף קריסטליכע טעמעס. און ער רעדט מיט ביטול און חוזק פון אַלע די, וואָס זיינען קעגן אַזעלכע לידער, כאָטש ניט אידן אַליין זיינען קעגן די קריסטמעס־לידער, נאָר אַ סך אַנדערע עלעמענטן, וואָס שטייען אויף דער וואַך קעגן אַריינדרינגונג פון רעליגיע אין די פּאַבליק סקולס.

מר. בערנאַרד סיגעל רוקט אויך אַרויס די טענה, אַז דער רעליגיעזער מאָמענט שפּילט ניט קיין ראָלע אין די קריסטמעס־לידער און טעאַטער־פאָרשטעלונגען. ניט איינמאָל, קריסטמעס־צייט, דערציילט ער, זיינען זיינע תלמידים געקומען צו אים אין דער אידישער שולע און זייערע פּנים'ער זיינען נאָך געווען אויסגעשמירט מיט'ן שמינק פון דער נעכטיגער פאָרשטעלונג, וואו זיי האָבן געשפּילט די ראָלע פון דער „הייליגער מאַמע", און פון איר מאַן יוסף, און פון די פּאַסטוכער, אין אַ שפּיל, וואָס שטעלט פאָר די געבורט פון דעם קריסטליכן משיח. „איך האָב געלערנט — שרייבט ער — דעם אלף־בית מיט אָקאָרשט געוועזענע פּאַסטוכער און אַפּאָסטאָלן".

ער פאַרזיכערט, אַז צו די קינדער האָט זיך גאָרנישט אָנגעקלעפּט פון יענע קריסטליך־פרומע שפּילן. ס'איז די זעלבע זאַך, זאָגט ער, ווי די ראָלען וואָס זיי שפּילן אין אַנדערע סקול־פאָרשטעלונגען, ווי „פּרינץ און אָרימאַן", „ריטער און מכשפה", „טשאַרלי'ס טאַנטע". דאָס זעלבע, זאָגט ער, איז מיט די קריסטמעס־לידער. זיי ווערן ניט געמיינט, שרייבט ער, ווי רעליגיעזע לידער. זיי שפּיגלען נאָר אָפּ דעם גייסט פון דעם סעזאָן, און ווייטער גאָרניט.

דערצו, זאָגט ער, קען דאָך קיינער ניט לייקענען, אַז די מערסטע

קריסטמעס־לידער זיינען שיין. אים אַליין, זאָגט ער, איז ליבער די צאַרטע מעלאָדיע פון „שטילע נאַכט״, איידער די שרייאיגע מעלאָדיע פון „צענאַ, צענאַ״.

פאַרבייגייענדיק איז כדאי צו פאַרצייכענען, אַז פרומע קריסט־מעס־ליד „שטילע נאַכט״ שטאַמט פון דייטשלאַנד, און „צענאַ, צענאַ״ שטאַמט פון ישראל.

איך וועל זיך דאָ ניט אָפּשטעלן אויף דער פאַלשקייט פון דער דאָזיגער טענה פון אַ ריין פּעדאַגאָגישן שטאַנדפּונקט. אויב לידער־געזאַנג און טעאַטער־שפּילן לאָזן ניט איבער קיין שום דערציערישע ווירקונג אויף קינדער, וואָס־זשע גיט מען זיי אָפּ אַזוי פיל צייט און אַזוי פיל פּלאַץ אין די פּאָבליק סקולס? נאָר ניט דאָס איז דער עיקר. דער עיקר איז דאָ די טעאָריע, די זעלבע וואָס ביי מר. דזשעראָם ווײַדמאַן, אַז דער גאַנצער קריסטמעס־געטומל איז נאָר אַ בירגערליכע זאַך, אַ סעזאָן־זאַך, אַ זאַך פון שיינער קונסט אַליין, און ניט קיין קריסטליך־רעליגיעזע זאַך. און זיי זיינען ניט די איינציגע. אַלע אידן, וואָס באַלעקן זיך מיט קריסטמעס, שטעלן אַרויס די דאָזיגע אַרגומענטן.

אָבער זיי זיינען בלינד ווען זיי זעען ניט, אַז זיי טרעטן אויף געפערליכן, גליטשיגן באָדן. זיי דאַרפן זיך אַמאָל שטעלן די פראַגע: וואָס וועט דער קריסט זאָגן צו אַזאַ צוגאַנג צו קריסטמעס?

פאַר די קריסטן איז קריסטמעס זייער הייליגסטער יום־טוב. ס'איז די געבורט פון זייער גאָט און אויסלייזער, דער אָנהויב פון קריסטנ־טום, פון דער גאַנצער קריסטליכער דראַמע. קומען אידן און לאָזן אין גאַנג אַ פּראָפּאַגאַנדע, אַז ס'איז אַ בירגערליכער, סעזאָנאַלער יום־טוב, און ניט מער, אָן שום רעליגיעזער באַדייטונג. דער קריסט וועט זיך כאַפּן און זאָגן: דער איד מאַכט אים חרוב זיין הייליגסטן יום־טוב. ער לייזיגט אים אויס פון זיין רעליגיעזן אינהאַלט. ער גראָבט אונטער זיין קדושה. ער צעשטערט די געטליכע כוונה מיט דעם דאָזיגן טאָג, ער מאַכט צו קליינגעלט דעם געטליכן מיין. דער איד איז אַריינגעקומען אין קריסטליכן קדשי־קדשים, ער איז מטמא די האָסטיע...

און ווען דער קריסט וועט עס איינזען, און פריער־שפּעטער וועט ער עס אַזוי דערזען, און געוויס זיינען שוין דאָ געגנוג קריסטן וואָס

זעען עס שוין, וועט זיין מיאוס. עס וועט זיך עפענען אַ נייער אַנטי־סעמיטישער קוואַל.

איך האָב שוין איינמאָל געהערט אַ פייערדיגע רעדע אויף דער ראַדיאָ קעגן יענע וואָס האָבן ניט קיין פאַרוואַנדשאַפט מיט׳ן „אמת׳ן גייסט פון קריסטמעס״. צו זיי האָט דער רעדנער געשריען: „געט אָוט! געט אָוט!״

פיילן און שפיזן זיינען געוועזן זיינע רייד. עס האָט מיך דערמאָנט אין דעם דייטשישן „יודען הערויס״...

און ווער ווייס, אפשר האָט זיך עס שוין אָנגעהויבן. דעם 22טן יולי, 1956, איז אין „ניו־יאָרק טיימס״ געדרוקט געווען פאָלגנדע זייער מערקווירדיגע שטיקל נייעס:

„וויקסבורג, מישיגען, יולי 21 — פּראָטעסטאַנטישע קירכנגייער האָבן דאָ היינט געפייערט קריסטמעס אין אַ היץ וואָס האָט דערגרייכט 94 גראַד.

פינף הונדערט מענטשן האָבן באַזוכט די ספּעציעלע גאָטעסדינסטן אין די פיר פּראָטעסטאַנטישע קירכן וואָס וויקסבורג פאַרמאָגט.

די ערשטע מעטאָדיסטישע קירכע האָט דאָ אָנגעהויבן פייערן קריסטמעס אין דער ניט־געוויינליכער צייט מיט פינף יאָר צוריק, כדי צו געווינען צוריק די הייליגקייט פון דעם יום־טוב און אָפּטרייסלען זיין קאָמערציאַליזם. היינטיגס יאָר איז שוין די גאַנצע פּראָטעסטאַנ־טישע באַפעלקערונג פון דער שטאָט צוגעשטאַנען צו די קריסטמעס־פייערונגען אינמיטן זומער״.

פרעגט זיך: פאַרוואָס האָט אַ שטאָט מיט קריסטן אַוועקגעוואָרפן די טראַדיציאָנעלע צייט פון דעמדאָזיגן גרעסטן חגא, און האָט גע־מאַכט אַ שפּרונג פון ווינטער אין זומער, פון דעצעמבער צו יולי? עס קען געמאָלט זיין נאָר איין ענטפער:

ווייל זיי ווילן אויסמיידן די ניט־געבעטענע געסט וואָס זיינען זיי געוואָרן „שותפים״ אין דעמדאָזיגן חגא.

און אויפ׳ן סמך פון וויקסבורג קען מען, ווייניגסטנס טעאָרעטיש, פאַרזען אַ צייט, ווען די גוים וועלן זיך שטילערהייט אַרויסציען פון קריסטמעס אין דעצעמבער, און די אידן וועלן בלייבן אַליין זיך צו האַלטן מיט אַ ליידיגן זאַק...

דער וועג פון דעם אַמעריקאַנער איד צו קריסטמעס ווערט אויס־געפלאַסטערט נאָך פון פּאָבליק־סקול אָן. די פּאָבליק־סקול, וואו ג־ט׳ס נאָמען טאָר ניט דערמאָנט ווערן און וואו צו מאַכן אַ ברכה אויפ׳ן עסן איז קעגן דער קאָנסטיטוציע, דאָרט ווערט געמאַכט אַ גאָר גרויסער וועזן פון קריסטמעס. דאָרט לערנען זיך אידישע קינדער זינגען קריסטמעס־לידער, דאָרט ווערן אויפגעפירט פאָרשטעלונגען פון דעם נוצרי׳ס געבורט, און אידישע קינדער שפּילן די ראָלע פון דער „געטליכער מאַמע״, פון איר מאַן יוסף, פון די פּאַסטוכער און אַפּאָסטאָלן, מיט׳ן גאַנצן פרומען קריסטליכן קלאָפּערגעצייג.

געוועזן אַ צייט, ווען אידן האָבן געפּרואווט קעמפן קעגן קריסטמעס אין די פּאָבליק־סקולס, ווי אַ ברוך פון דער קאָנסטיטוציע, אָבער זיי האָבן גאָרנישט גע׳פּועל׳ט אויסער פאַרביטערונג פון דער קריסטליכער באַפעלקערונג. און די „אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע״ האָט געמאַכט אָן אויספאָרשונג פון דער זאַך און איז געקומען צו אידן מיט דער עצה זיי זאָלן אָפּלאָזן דעם קאַמף, ווייל ס׳איז אַ פאַרלוירענער עסק.

איך וויל ענדיגן מיט אַ מעשה, וואָס האָט זיך פאַרלאָפן אין אַ אידישן הויז אין קריסטמעס — אויב מ׳קען נאָך אַזאַ הויז רופן „אידיש״.

אין יענעם הויז איז אַ טאַטע געלעגן קראַנק. שטאַרק קראַנק. אַזוי קראַנק, אַז זעקס טעג נאָך קריסטמעס, דעם 31טן דעצעמבער, איז ער טאַקע געשטאָרבן.

פונדעסטוועגן, ערב קריסטמעס, האָט מען אין הויז אַריינגענומען אַ גרינעם בוימל, און מען האָט זיך גענומען שטאַרק גרייטן צום קריסטליכן יום־טוב.

דער טאַטע איז געלעגן אין ביטערע ווייטאָגן און געקרעכצט, און די טאָכטער מיט׳ן אידעם זיינען געגאַנגען איבער די געשעפטן איינהאַנדלען קריסטמעס־פּרעזענטן.

יעדן טאָג איז מען געגאַנגען און שעה׳ן־לאַנג האָט מען זיך געזאַמט, ווי עס איז געוויינליך אין דער דאָזיגער צייט פון יאָר. און פאַרנאַכט איז מען געקומען אַהיים אויסגעמאַטערטע, אָבער אָנגעלאָדענע מיט פּעקלעך און מיט זעקלעך פון כל טוב.

אויף דעם קראַנקן טאַטן האָבן אַכטונג געגעבן קראַנקנשוועסטער.

אַ טיר קעגן אַ טיר האָט געוואוינט מיט זיי אַן עכט אידישע פאַמיליע, און די בײדע פאַמיליעס זײנען געװען שטאַרק באַפרײנדט.

דער מאַמע פון דער אַנדערער פאַמיליע — װעלכע האָט, אגב, מיר דערציילט די מעשה — איר האָט שטאַרק װיי געטאָן, װאָס דער קראַנקער טאַטע פון דער ערשטער פאַמיליע װערט אַזוי באַהאַנדלט און אַזוי גרינגגעשעצט: צוקאָפּנס שטייט שוין דער מלאך המות און װאַרט, און דאָ די קינדער — זיי גרייטן זיך אַזוי פייערליך צו אַ גוי׳אישן יום־טוב.

— ס׳טײטש, װי טוט מען אַזאַ זאַך? — האָט זי זיי געפרעגט.

ענטפערט מען איר: בע־מע, ס׳איז „האָלידעי ספּיריט״, אַ גייסט פון יום־טוב אין דער לופט, און פרײנט, אויב מ׳װעט זיי ניט שיקן קיין קריסטמעס־פּרעזענטן, װעלן זיי װערן ברוגז...

— און װי קומט בכלל צו אידן אַ קריסטמעס־בוים און די מאָדע פון קריסטמעס־פּרעזענטן? — טענה׳ט די שכנה װייטער — ביי אידן שיקט מען זיך מתנות פורים, און װאָס הערט זיך עפּעס מיט חנוכה?

עס האָבן ניט געהאָלפן קיין טענות. טאָג און נאַכט איז מען געשטאַנען און מען האָט געפּאַקט און איינגעבונדן פּעקלעך.

ענדליך איז אָנגעקומען די קריסטמעס־נאַכט.

און טראָץ אַלע אָפּזאָגן און אָפּנייגונגען האָט מען ממש געצוואונגען די שכנה, זי זאָל אַריינקומען און אָנקוקן דעם קריסטמעס־בוים, װי ער זעט אויס אַן אָנגעצונדענער.

זי איז אַריינגעקומען און האָט דאָרט געפונען אַ קליינע גרופּע פאַרזאַמלט צו פייערן קריסטמעס.

זי האָט באַטראַכט די פּנים׳ער: אַלע אידן...

און אין זיין אייגענעם צימער ליגט דער טאַטע און קרעכצט.

ס׳איז געקומען דער פייערליכער מאָמענט פון טיילן די פּרעזענטן.

די ערשטע זיינען, נאַטירליך, געקומען די קינדער.

אַרויסגענומען פון אונטער׳ן קריסטמעס־בוים די פּעקלעך, װאָס זיינען געװען באַשטימט פון זייערטװעגן, און זיי געגעבן, און די שטוב איז פול געװאָרן מיט קינדערשער פרייד און געלעכטער: קריסטמעס׳דיגע משה׳לעך און שלמה׳לעך...

דערנאָך האָט מען אַרויסגעצויגן פון אונטער׳ן בוים די מתנות פאַר יעדן איינעם פון די געסט.

און דערנאָך אויך אַ קריסטמעס־פּרעזענט פאַר דער אידישער שכנה.

אַ קריסטמעס־פּרעזענט דאַרף סיי־ווי־סיי זיין אַ סורפּריז; אָבער דאָ איז געווען אַ סורפּריז גע׳כפל׳ט אויף אַ סורפּריז:

פון אונטער׳ן קריסטמעס־בוים האָט מען אַרויסגעצויגן אַ היפּש שאַכטל, שיין געוויקלט און געבונדן און אויפ׳ן דעקל, אין גרויסע, שיין־געצירקלטע ענגלישע אותיות, איז געשטאַנען:

ח נ ו כ ה.

און אַלע פאַרזאַמלטע זיינען געווען אַנטציקט פון דעם איינפאַל...

אַ חנוכה־מתנה פון אונטער אַ קריסטמעס־בוים!...

דאָס איז געווען איין סורפּריז.

אָבער דער אמת׳ער סורפּריז איז געקומען שפּעטער, און איז נאָך געווען אַ סך איבערראַשנדיגער און אויסטערלישער פון דעם ערשטן.

אין הויז איז געווען באַשעפטיגט אַ קריסטליך הויז־מיידל.

אין איר האָבן די באַלעבאַטים אויך ניט פאַרגעסן אין דער נאַכט פון קריסטמעס.

מען האָט פאַר איר אָנגעגרייט אַ שיין פּעקעלע, און צום פּעקעלע האָט מען נאָך צוגעלייגט פינף דאָלער מזומן.

און מען האָט אַרויסגערופן דאָס מיידל פון קיך, און איר צוגע־וואונטשן מיט קריסטמעס־ווינטשעוואַניעס, ווי עס געהער צו זיין, און איר דערלאַנגט אירע מתנות.

אָבער מאָדנע: דאָס מיידל האָט ניט געוואָלט נעמען.

אַלע האָבן זי אָנגעקוקט איבערראַשט. די באַלעבאָסטע פרעגט:

— וואָס איז דער מער, דאַראָטהי? דו ביסט ברוגז, צי וואָס, וואָס דו ווילסט ניט נעמען דיין קריסטמעס־פּרעזענט?

— ברוגז? — מאַכט דאַראָטהי — חלילה! נאָר איך וויל ניט נעמען, ווייל קריסטמעס איז ביי מיר ניט קיין יום־טוב.

— וואָס הייסט, קריסטמעס איז ביי דיר ניט קיין יום־טוב? ביסטו דען ניט קיין קריסטליך מיידל?

— אַוודאי בין איך אַ קריסטליך מיידל, נאָר קריסטמעס איז ניט קיין קריסטליכער יום־טוב...

די אידן אַרום דעם קריסטמעס־בוים זיינען געבליבן שטיין מיט אויסגעשטעלטע צינגער: וואָס מיינסטו דערמיט צו זאָגן?

— איך בין אַן אמת'ע קריסטין — האָט זי געענטפערט — איך געהער צו „דזשעהאָ'ס וויטנעסעס", און דערפאַר איז קריסטמעס ביי מיר ניט קיין יום־טוב און איך נעם ניט אָן קיין קריסטמעס־פּרע־זענטן...

און אַזוי איז געשען, אַז אין אַ אידישן הויז איז די איינציגע וואָס האָט ניט געפייערט קריסטמעס, געווען אַ — קריסטין...

און דאָס מיידל, ווי ס'איז די געשוואוירענע פליכט פון דער דאָזיגער סעקטע, האָט אויפ'ן אָרט גענומען אַגיטירן די אידן. אַגיטירן און מסביר זיין פאַרוואָס קריסטמעס איז קיין יום־טוב ניט...

און אין זיין צימער איז געלעגן דער קראַנקער טאַטע און זיך געקאָרטשעט אין יסורים. און ווער ווייסט וועלכע יסורים זיינען אים איצט געווען גרעסער, די יסורים פון גוף אָדער די גייסטיגע יסורים, ווען ער האָט געהערט ווי אַזוי אַ שיקסע קנעלט מיט זיינע קינדער דאָס וואָס ער האָט געדאַרפט מיט זיי קנעלן און ער האָט ניט געקנעלט, און דערפאַר איז אים באַשערט געווען צו שטאַרבן, ניט ווי אַן אמת'ער איד, נאָר אין שאָטן פון דעם קריסטליכן בוים...

# „אידישע קלויסטערס"

פון קריסטמעס ביזן קלויסטער איז נאָר איין שפּאַן.

די רעפאָרם־ראַבאַיס האָבן שוין פון לאַנג איינגעפירט דעם מנהג צו פאַרבעטן גלחים, צו קומען צו זיי אין די טעמפּלען און ריידן צו זייערע אידן. אָפטמאָל פירן די דאָזיגע ראַבאַיס זייער גאַנצע קהילה צום גלח אין קלויסטער, צו הערן יענעמס דרשה אין זיין נאַטירליכער סביבה.

דאָס ווערט געטאָן פון וועגן „דערנעענטערונג", „ברודערשאַפט", „גודוויל".

איין רעפאָרם־ראַבאַי האָט אויפגעטאָן גאָר אַ ווילדע נייס: ער האט זיך אַריינגעצויגן האָק און פּאַק מיט זיין טעמפּל אינגאַנצן צו אַ גלח אין קלויסטער אַריין.

דער רעפאָרם־ראַבאַי און אַ פּרעסביטאַרישער גלח האָבן געשלאָסן אַ שותפות און זיי האַלטן אויס אינאיינעם, אין דעם זעלבן זאַל, אין דער זעלבער קירכע, דער — זיין טעמפּל, און דער — זיין קלויסטער. אין דעם זעלבן זאַל שטייט אַן ארון קודש און עס שטייט דאָרט, להבדיל, אַ צלם. דער ראַבאַי פּראַוועט דאָרט פרייטאָג צונאַכטס קבלת שבת, און דער גלח — זונטאָג זיין מעסע. אָפטמאָל דאַווענען דאָרט

ביידע „מגינים" אינאײנעם, יעדערער פון זיין „סידור", און זיי הערן דרשות פון דעם ראַבאַי און דעם גלח, וועלכע פירן אָן צוזאַמען זייערע רעליגיעזע און געזעלשאַפטליכע פּראָגראַמען. דער מאָדנער צווילינג געפינט זיך אויף דער 13טער גאַס, צווישן פינפטער און זעקסטער עוועניו, ביים גרעניץ פון גרעניטש ווילעדזש אין ניו־יאָרק, און הייסט טאַקע דערפאַר „גרעניטש טעמפּל".

דער נאָמען אַליין, „גרעניטש טעמפּל", איז אין תוך די בעסטע קריטיק וואָס מ'קען געבן אויף דער מאָדנער אינסטיטוציע. גרעניטש ווילעדזש איז דער קוואַרטאַל פון דער קינסטלער־באָהעמע פון ניו יאָרק, וואָס איז פול מיט קרענקס און קרענקיזמען, האַלבע און גאַנצע משוגעים, אָדער „קוריאָזיטעטן": מער דאַרף מען ניט...

מילא אויפן גלח איז די מאָדנע שותפות קיין קשיא ניט און קיין שאלה ניט. דער אידעאַל פון אַלע גלחים איז אַריינצוקריגן די אידן אין קלויסטער אַריין. שטענדיג געווען. די פּרעסביטאַרישע קירכע, אַזוי ווי די קאַטוילישע, איז אַ מיסיאָנערישע קירכע. דאָס הייסט, זי האַלט אויך, אַז קריסטנטום האָט אַ מיסיע אַריינצוברענגען אַנדערע פעלקער אונטער זיינע פליגל. ווען די קאַטוילישע קירכע האָט געהאַט די מאַכט, האָט זי מיט גוואַלד געטריבן אידן אין די קלויסטערס צו הערן גלח'שע דרשות, אָדער זי פלעגט שיקן גלחים צו דרש'ענען אין די שולן, און די אידן נעבעך האָבן געמוזט הערן. היינט, אַז עס האָט זיך אָפּגעזוכט אַ ראַבאַי, וואָס ברענגט אים יעדער זוּאַך אידן אין זיין קלויסטער, איז עס פאַרן גלח געוויס אַ גרויסער טריאומף.

אָבער וואָס האָט דער ראַבאַי דערפון געוואונען? זאָל זיין, אַז ביי אים איז עס ניט קיין עבירה; אָבער האָט ער ניט קיין מורא פאַר דער סכנה צו פירן אידן צום צלם?

דער געדאַנק גייט צוריק צו דער ערשטער צייט פון דער רעפאָרם־באַוועגונג. דער פּרעשבורגער גאון פון יענער צייט, דער חתם סופר, איז געווען איינער פון די ביטערסטע קעמפער געגן דער נייער באַוועגונג אין אידנטום. און ער האָט געפּסק'נט, אַז ווען אַ איד האָט דורכצוגיין אַ גאַס וואו עס שטייט אַ קלויסטער, און אַ גאַס וואו עס שטייט אַ רעפאָרם־טעמפּל, זאָל ער ליבערשט גיין מיט דער גאַס וואָס מיטן קלויסטער.

אָבער אַזאַ גאַס וואו דער טעמפּל איז שוין אינווייניג אין דעם קלויסטער, וואָס זאָל זיין דער דין?

אָה, זינט דעם התם סופר איז שוין דער טעמפּל גאַנץ ווייט פאַרגאַנגען...

דער ראַבאַי טענה'ט, אַז דאָס איז גוט פאַר גוטברודערשאַפט צווישן אידן און קריסטן. דער אַלטער פוילער תירוץ פון דעם באַנקראָטירטן „גודוויל".

ס'איז אָבער דאָ צו פרעגן: צי דען, כדי אידן און קריסטן זאָלן לעבן ווי פריינט, איז נויטיג, אַז אידן זאָלן פאַרווישן די גרעניצן פון זייער אמונה ביז צו גיין אונטער דעם זעלבן דאַך מיטן קלויסטער?

מען דאַרף פרעגן דעם ראַבאַי, און זאָל דער ראַבאַי פרעגן דעם גלח: פאַרוואָס האָבן די קריסטן ניט צווישן זיך איין קלויסטער? פאַרוואָס בויען די פּרעסביטאַריער באַזונדערע קלויסטערס פאַר זיך; פאַרוואָס דאַווענען זיי ניט אונטער איין דאַך מיט די קאַטאָליקן, למשל? אָדער מיט אַנדערע מינים קריסטן? פאַראַן אַרום צוויי הונדערט פופציג מינים קריסטן אין אַמעריקע, און אַלע דאַווענען זיי אין באַזונדערע קלויסטערס; פאַרוואָס? אַלץ זיינען זיי נעענטער צווישן זיך ווי אַפילו רעפאָרם-אידנטום איז ענליך אויפן קריסטנטום. זיי האָבן פאָרט איין גלויבן אין דעם זעלבן אויסלייזער, זיי האָבן די זעלבע ביבל, די זעלבע הייליגע. פאַרוואָס מאַכט יעדערע פון זיי „שבת" פאַר זיך, נאָר דאָס רעפאָרם-אידל דאַרף דווקא מקבל שבת זיין מיטן צלם ביי דער זייט?

די סכנה פון שמד איז געוואָרן פיל ערנסטער נאָך פון אַן אַנדער ווינקל.

די מיסיאָנערן זיינען אַן אַלטע מכה אויף אידן, נאָר אין די לעצטע יאָרן האָבן זיי געביטן זייער טאַקטיק אין צוויי וויכטיגע פּרטים.

די אַמאָליגע שיטה פון די מיסיאָנערן איז געווען צו אַטאַקירן די אידישע אמונה. ווען זיי האָבן געפּאַקט אַ אידן, וואָס איז געווען גרייט צו ריידן מיט זיי, האָבן זיי אים גענומען „באַווייזן" די כלומרשטע „פאַלשקייטן" פון אידנטום, און מישטיינס געזאָגט די „אמת'ן" פון דער אַנדערער רעליגיע, ווי אַזוי די קריסטליכע מאָראַל איז כלומרשט „העכער" פון דער אידישער, און דעסגלייכן.

דערהערט אַזעלכע רייד, פלעגט אַ איד נעמען אָפּענטפערן. פלעגט

ווערן אַ וויכוח. און אַז מ'האָט אָנגעטראָפן אויף אַ אידן, וואָס האָט געקענט לערנען, האָט דער מיסיאָנער זייער שלעכט אָפּגעשניטן אין אַזאַ וויכוח.

סוף כל סוף האָבן זיך די מיסיאָנערן איבערצייגט, אַז דאָס איז אַ פאַלשער צוגאַנג. זיי האָבן איינגעזען, אַז ווען מ'הויבט אָן מיט קריטיקירן, אַטאַקירן אָדער גאָר באַליידיגן די אידישע אמונה, האָט עס גראָד אַ פאַרקערטע ווירקונג. ס'איז אַזוי ווי מ'זאָל פאַר איינעם אָנהויבן באַליידיגן זיין מאַמע.

געקומען צו דער דאָזיגער דערקענטניש, האָבן די משומדים־מיסיאָנערן געביטן זייער גאַנצע טאַקטיק. אָנשטאָט צו אַטאַקירן אידישקייט, האָבן זיי, פאַרקערט, גענומען לויבן די אידישע אמונה, נאָר וואָס דען — זי איז בלויז געווען אַ פאָרלויפערין פון דעם קריסטנטום, זי האָט געדאַרפט צוגרייטן דעם וועג פאַר איר „טאָכטער", וואָס איז „שענער" פון דער מאַמע.

נאָך מער: אָנשטאָט זיך אָפן אַרויסצוגעבן פאַר קריסטן, האָבן זיי, פאַרקערט, אָנגעהויבן פיגורירן אַלס אידן, און נאָך וואָס פאַראַ אידן: ערשט זיי זיינען די „אמת'ע אידן"! אָנשטאָט מבטל צו זיין די תורה, האָבן זיי, אדרבא, אַריינגענומען אַ ספר תורה צו זיך אין מיסיאָנס־הייזל. זיי האָבן גענומען געבן זייער מיסיאָנסהייזל דאָס אויס־זען פון אַ שול, להבדיל. דרויסן, אויף די פאַרביגע שויבן אין די פענסטער — קאָלירטע מגן דוד'ס און די צוויי לוחות מיט די עשרת הדברות. אינעווייניג — אַן ארון קודש. קומט פרייטאָג צונאַכטס, רופן זיי צו זיך אין הייזל מקבל שבת צו זיין, אפילו מיט „לכו נרננה" און „לכה דודי", און מיט קידוש, און מיט אַ דרשה אויף דער סדרה פון דער וואָך, אַלץ „ווי עס געהער צו זיין".

פון פלאַטן דורך הילכער פאַרהילכן זיי די גאַס מיט די בעסטע חזנים אין זייערע שענסטע תפילות, צו געבן זייער הייזל דעם שיין פון אַן עכטער שול.

און דאָס אַלץ כדי עס זאָל הייסן, אַז אידנטום — אדרבא ואדרבא, זיי פאַרלייקענען ניט די אידישע אמונה און וואַרפן זי ניט אָפּ, און קריסטנטום איז ניט געקומען פאַרנעמען דעם פלאַץ פון אידנטום, נאָר איז אַ המשך... ס'איז, הייסט עס, איין אמונה אין צוויי „פאַר־

זעצונגען״... און מיטביידע אמונות איז מען ערשט דער „אמת׳ער״ איד...

דאָס איז די נייע טאַקטיק, אַ טאַקטיק פון קאָמופלאַזש. פאַר אַ אידן איז גרינגער צו מאַכן אַ טעות און אַריינגיין אין אַזאַ טמא שול, און ביז ער כאַפּט זיך אַז ער איז פאַרנאַרט, געפינט ער זיך אין דער געפערליכער פאַסטקע.

דער צווייטער נייער מעטאָד פון די מיסיאָנערן איז נאָך אַ גרעסערע שמד־שטיק און ווערט פּראַקטיצירט מערסטנס אין די קלענערע שטעט, דאָרט וואו אידן און קריסטן לעבן נענטער איינע מיט די אַנדערע און מען מישט זיך מער ווי אין די גרויסע שטעט. זיי האָבן געמאַכט אַ מאָדע צו לאַדן אידן צו קירכליכע פאַרוויילונגען, צו „טשוירטש־פּאַרטיס״. מ׳פירט ניט קיין דיסקוסיעס מיט די אידן וועגן אידנטום און קריסטנטום. דער ענין שמד ווערט גאָרניט דערמאָנט: מ׳פאַרבעט נאָר דעם אידן אָנטייל צו נעמען אין די קריסטליכע אונטערנעמונגען ווי אַ שכן, ווי אַ בירגער. מען מאַכט אים פילן גוט און וואַרים אין דער קירכליכער סביבה. און וואָס ווייטער פאַרוועבט מען אים אַלץ מער און מער אין דער קירכליכער אַטמאָספער. אַזוי לאַנג ביז דער איד ווערט אַריינגעצויגן און גייט שוין דעם גאַנצן וועג...

נאָר ערגער פון אַלץ איז דער נייער דריטער עטאַפּ, אָדער אפשר איז עס שוין דער פערטער, אין דער אַנטוויקלונג פון דער שמד־באַוועגונג. און דאָס קומט פון אַ שטערעמונג וואָס איז געוואָרן מערקבאַר די לעצטע יאָרן צווישן קריסטן, אַרויסצושטויסן פון צווישן זיך די אידישע משומדים. האָבן די משומדים אָנגעהויבן זוכן אַן אויסוועג פון זייער ביטערער לאַגע און זיי האָבן זיך דערטראַכט צום געדאַנק, אַז כאָטש זיי זיינען משומדים ווילן זיי זיך בעסער צוטוליען צו די אידן ווי צו די קריסטן. און זיי האָבן אויף אַ גאָר ברייטן אופן גענומען אויסשפּרייטן אַ נייע פּאָן און פיגורירן אַלס „היברו קריסטשיענס״, אידישע קריסטן, רחמנא ליצלן... און אָנשטאָט וואָס אַמאָל זיינען אידישע משומדים אַריין אין די גוי׳אישע געמיינדעס און זיינען דאָרט איינגעזונקען געוואָרן און פאַרשוואונדן, גרינדן זיי היינט באַזונדערע געמיינדעס פון „אידישע קריסטן״. אין אַמעריקע זיינען שוין היינט (1959) פאַראַן וויינציגסטנס זעקס אַזעלכע קלויסטערס פון „היברו קריסטשיענס״, ריין „אידישע קלויסטערס״...

די טראַגעדיע פון דעם היינטצייטיגן משומד ווערט ברייט אַרומ־גערעדט אין אַ ווערק פון אַ משומד יאַקאָב יאָש, מיטן נאָמען „דהי דזשואיש פיפּל ענד דזשיזוס קראייסט".

די לאַגע פון דעם אידישן משומד, שרייבט יאַקאָב יאָש, איז שטענדיג געווען אַ ביטערע, נאָר היינט איז זי ערגער ווי אַמאָל.

משומד יאָש האַלט, אַז די באַציאונג פון די קריסטן צו אידישע משומדים האָט זיך שטאַרק געביטן אין דער נייער צייט, און זיך געביטן צום ערגערן. און שולדיג זיינען ניט די משומדים, נאָר די קריסטן. די קריסטן, האַלט ער, זיינען פּשוט אַראָפּ פון גלייכן וועג, קריסטנטום און די קירכע זיינען קאַליע געוואָרן. זיי זיינען ניט דאָס וואָס זיי זיינען געווען אָדער וואָס זיי דאַרפן זיין. און אָט וואָס פאַר אַן „אומגליק" ס'איז געשען מיט זיי:

דאָס אמת'ע קריסטנטום איז אַן אוניווערסאַלע רעליגיע, שרייבט יאַקאָב יאָש, וואָס אָנערקענט ניט קיין באַזונדערע פעלקער. פאַר דער קירכע, אין איר אָריגינעלען זין, איז ניט געווען קיין איד, קיין גריך, קיין רוימער. אַלע זיינען געווען בלויז „קינדער פון גאָט'ס זון".

אָבער אין די לעצטע דורות, שרייבט ער, איז ארויסגעטראָטן אַ שאַרפער נאַציאָנאַלער געפיל אין דער גאַנצער וועלט, און האָט אַרומ־געכאַפּט די קירכע אויך. עס זיינען געוואָרן נאַציאָנאַלע קירכעס. די קירכע אין דייטשלאַנד, למשל, האָט געהאַלטן מיטן קייזער, און שפּע־טער האָט זי געשטיצט היטלער'ן, געגן אַלע פעלקער וועלכע דער קייזער און היטלער האָבן באַטראַכט פאַר שונאים פון דייטשלאַנד, כאָטש זיי זיינען אַלע געווען קריסטן. די פראַנצויזישע קירכע איז געוואָרן אַ נאַציאָנאַלע פראַנצויזישע קירכע, די ענגלישע איז אַ נאַציאָ־נאַלע ענגלישע, און אַזוי דורכאויס...

קורץ, אָנשטאָט אַן אוניווערסאַלער רעליגיע, איז קריסטנטום גע־וואָרן אַ נאַציאָנאַלע רעליגיע פאַר יעדן פאָלק באַזונדער.

און אָט די נייע שטרעמונג אין קריסטנטום האָט צום שטאַרקסטן געטראָפן דעם אידישן משומד, טענה'ט יאָש, און ער דערקלערט עס אַזוי:

„אין אונזער צייט פון שאַרפן נאַציאָנאַליזם — שרייבט ער — ווען די קריסטליכע אמונה איז געזונקען צו דער מדרגה פון אַ שבט־רעליגיע פון פאַרשידענע נאַציאָנאַלע גרופּן, ווען אַ איד שמד'ט זיך,

זעט ער אויס דעם קריסט ווי אַ פרעמדער אַריינדרינגער. דאָס ווערט נאָך שאַרפער ווען מען דערמאָנט זיך, אַז אַ סך קריסטן האָבן אָנגעהויבן באַטראַכטן דאָס קריסטנטום ווי אַ זאַך וואָס באַלאַנגט צו די גוים; אַז ס'איז נאָר אַ גוי'אישע פּריווילעגיע. ניט קוקנדיג דערויף וואָס די גוי'אישע וועלט ווערט אַלץ מער און מער גלייכגילטיג צום קריסטנטום, דאָך גילט נאָך אַלץ די מיינונג, אַז די גוים האָבן אָנגענומען יעזוס'ן און דעריבער געהערט ער צו זיי, און די אידן האָבן אים צוריקגעוויזן, דעריבער האָבן זיי ניט קיין חלק אין אים. און די דאָזיגע קריסטן פאַרשטייען כמעט ניט אַנדערש ווי נאָר, אַז אַ איד דאַרף בלייבן געטריי זיין אייגענער אמונה, אין וועלכער ער איז געבוירן געוואָרן".

דעם בעסטן באַוויז, אַז „מ'דאַרף זיי ניט" האָבן די משומדים געקראָגן אין די היטלער־יאָרן. דער נאַציזם האָט ניט געמאַכט קיין אונטערשייד צווישן אַן עכטן אידן און אַ גע'שמד'טן. זייער אָנגעהעריגקייט צו דער דייטשער קירכע האָט די משומדים ניט געראַטעוועט. פון די קלויסטערס האָט מ'עז זיי אַרויסגעשלעפּט און געוואָרפן אין די געטאָס, פון די געטאָס אין די קאַלכאויוונס.

ניט אַזוי איז עס געווען אין אַמאָליגע יאָרן, שרייבט מיט בענקשאַפט משומד יאָש. אַמאָליגע צייטן האָבן קריסטן אָנגענומען אַ משומד אינגאַנצן פאַר אַ זייעריגן.

יע, און אַז מ'האָט געמאַכט אויף אידן אַ פּאָגראָם, האָט מען די משומדים געשאָנעוועט. זיי האָבן נאָר געדאַרפט אויספאַרבן אַ צלם אויף זייער טיר, און די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן אויסגעמיטן זייער הויז. אָפטמאָל זיינען זייערע קינדער אָדער אייניקלעך אַליין אויך געווען צווישן די פּאָגראָמשטשיקעס. דעמאָלט איז דעם משומד געווען אַ „מחיה"...

אָבער יענע „גוטע אַלטע צייטן" זיינען מער ניטאָ, און משומד יאָש שרייבט:

„די לאַגע פון דעם אידישן קריסט איז אַ לאַגע פון גרויסער איינזאַמקייט. ער געפינט זיך אויסגעשלאָסן פון ביידע לאַגערן... ער ווערט צעריסן צווישן צוויי צדדים, צווישן דער גוי'אישער קירכע און דעם אידישן פאָלק. דאָס דערקלערט די סיבה פאַרוואָס אַזוי פיל פּראָמינענטע קריסטן קעמפן פאַרן אָרטאָדאָקסישן קריסטנטום"...

און דער שרייבער דערציילט אונז, אַז די אידישע משומדים אין דער קריסטליכער וועלט פירן אַ קאַמף מיט די קריסטן זיי זאָלן זיך אומקערן צום אַלטן קריסטנטום, וואָס איז ניט געווען נאַציאָנאַליסטיש, און וואו אַ אידישער משומד האָט זיך געקענט פילן ווי צווישן אייגענע. פון דער אַנדערער זייט דערציילט ער ווי אַזוי די קריסטן שטויסן דעם משומד ער זאָל גיין צוריק צו די אידן. טאַקע זייענדיג אַ קריסט זאָל ער זוכן זיין געזעלשאַפט צווישן אידן און ניט קריכן צו די גוים. די גוים, שרייבט יאָש, טענה׳ן אַזוי:

„אַזוי ווי דער ענגלישמאַן אָדער דער פראַנצויז באַווייזט די קונץ צו זיין לאָיאַל צו זיין נאַציע און אין דער זעלבער צייט זיין אַ קריסט, אַזוי דאַרף אויך דער אידישער קריסט קענען זיין ביידע זאַכן, אַ איד און אַ קריסט אינאיינעם".

דעם משומד איז ביטער און פינסטער זיך אַריינצולעבן אין דער גוי׳אישער סביבה, סיי צווישן די פרומע קריסטן, סיי צווישן די וועלט־ליכע קריסטן, קלאָגט דער מחבר. „פאַר זיי — שרייבט יאַקאָב יאָש — איז ער (דער משומד) אַלץ אַ איד, און אַ שלעכטער איד דערצו. פאַרן דורכשניטליכן גוי דערשיינט דער אידישער קריסט ווי אַ פרעמדער אַריינדרינגער, וועלכער האָט געשאַכער־מאַכערט מיט זיין נשמה כדי צו געווינען עפּעס אַ געזעלשאַפטליכן פאַרצוג".

וואָס בלייבט דעם משומד צו טאָן אונטער אַזעלכע אומשטענדן? שרייבט מיסיאָנער יאָש דאָרט ווייטער:

„דער נאַטירליכער אָפּרוף מצד דעם אידישן משומד איז דעריבער אַזאַ: ער זוכט צו געפינען אַ וועג צוריק צו זיין אייגן פאָלק. אָט דער קאַמף פאַר אַ פּלאַץ אין אידישן לעבן מאַכט עס דעם אונטערשייד צווישן דעם היינטיגן אידישן קריסט און דעם אַמאָליגן גע׳שמד׳טן אידן: יענער פלעגט ציען אין דער פאַרקערטער ריכטונג" (צו די גוים).

דעריבער האָט דער היינטיגער אידישער משומד אָנגעהויבן פלאַנצן זיין נעסט נענטער צו אידן, אָפטמאָל אין סאַמע האַרצן פון דער אידישער גאַס.

אין זעקס שטעט אין אַמעריקע זיינען שוין דאָ באַזונדערע קאָנגרעג־גאַציעס פון משומדים, וועלכע רופן זיך „היברו קריסטשיענס". איינע איז אין שיקאַגאָ, און זייער קלויסטער הייסט: „פוירסט היברו קריס־טשיען (פּרעסביטיריען) טשוירטש". די אַנדערע זיינען אין דעטראָיט,

פילאַדעלפיע, מיאַמי, לאָס אַנדזשעלעס און ברידזשפּאָרט, קאָנג. זיי היטן אָפּ די קריסטליכע חגאות, אָבער זיי וואַרפן ניט אַוועק די אידישע ימים־טובים אויך: זיינען דאָך די סאַמע ערשטע קריסטן, טענה׳ן זיי, אויך געווען אידן וואָס האָבן אָפּגעהיט אידישקייט, און זייערע היינטיגע אייניקלעך אין אַמעריקע ווילן אומקערן די קריסטליכע קרוין צו איר אַלטן גלאַנץ: ניש׳קשה, די דאָזיגע „אידעלעך״ וועלן באַווייזן די קריסטן וואָס אמת׳ער קריסטנטום איז! האַלטן זיי, ווי געזאָגט, די אידישע ימים־טובים אויך, נאָר זיי גיבן זיי אַ קריסטליכן אויסטייטש. אַזוי, למשל, בענטשן זיי חנוכה־ליכט, נאָר פאַר זיי איז דער נס חנוכה — דער נוצרי, און די ליכטלעך זיינען אַ סימבאָל פון דעם נוצרי, וואָס רופט זיך „דאָס ליכט פון דער וועלט״. ראש השנה בלאָזן זיי שופר אַזוי ווי די אידן, נאָר בשעת ביי אידן איז דער שופר, צווישן אַנדערע סימבאָלן, אַ סימבאָל פון יצחק׳ס עקידה, איז ער ביי זיי אַ סימבאָל פון, להבדיל, דעם נוצרי׳ס עקידה און קרבן...

זיי רופן עס: „קלויסטערס לויט אידישן נוסח״...

אָט דאָס איז די נייע סכנה פון דער אַלטער פּלאָג וואָס הייסט שמד און משומדים. דער קורצער זין פון דער געשיכטע איז: דער קלויסטער האָט מיט ביידע פיס זיך אַוועקגעשטעלט אין סאַמע האַרץ פון אידישן ישוב אין אַמעריקע.

אָבער ער וואָלט ניט געווען געקראָגן אַזאַ אחיזה אויף דער אידישער גאַס, ווען די אידישע גאַס וואָלט נאָך געווען געזונט אין איר אידישקייט.

# דערציאונג צו זעלבסטהאַס

געוויינליך ווען מ׳רעדט אָדער שרייבט וועגן אידישן חינוך, ווערט דער טראָפּ געלייגט אויפ׳ן אידישן פאָלק. מען שרייט מיט פאַר־צווייפלונג: וואָס וועט ווערן פון אידישן פאָלק אויב אידישע קינדער וואַקסן אויף אָן אידישקייט? וואָס וועט זיין מיט אידישקייט? אַזוי גייט שוין דער נוסח.

אָבער ס׳איז דאָ אַן אַנדער פראַגע צו שטעלן, אַ פראַגע וואָס קען דווקא שטאַרקער אָנרירן די אידישע סטרונע ביי טאַטע־מאַמע, און דאָס איז: וואָס וועט ווערן מיט זייער קינד?

איך זאָג אַלעמאָל צו טאַטע־מאַמע: דאָס אידישע פאָלק וועט שוין ווי עס איז זיין שטעטל באַשטיין: געווען אַ אידיש פאָלק אָן אייער קינד ביז איצט, וועט זיין אַ אידיש פאָלק אָן אייער קינד ווייטער אויך, אָבער אייער קינד אָן זיין פאָלק — וואָס וועט פון אים זיין?

איך האָב איינמאָל איין אַן אַלטן זשורנאַל באַגעגנט אַ ריכטיגן ענטפער אויף דער דאָזיגער פראַגע. ס׳איז כדאי איבערצוגעבן די רייד פון יענער שריפט וואָרט אין וואָרט.

„ווען דאָס אַמעריקאַנער אידישע קינד — שטייט דאָרט — הויבט אָן גיין אין פּאָבליק סקול און קריגט ניט גלייכצייטיג קיין

אידישע דערציאונג, באַקענט עס זיך מיט דער געשיכטע פון דעם אַמעריקאַנער פאָלק, מיט אַזעלכע גרויסע פירער און שריפטשטעלער ווי דזשאָרדזש וואַשינגטאָן, אייבערעהעם לינקאָלן, לאָנגפעלאָו, וואַשינג־טאָן אירווינג און אַנדערע. אָבער די אידישע היסטאָרישע פיגורן ווי אברהם אבינו, משה רבינו, דוד המלך, יהודה המכבי, רבי עקיבא און אַנדערע אידישע גייסטער בלייבן אים לחלוטין אומבאַקאַנט. דער רעזולטאַט איז — פולע אומוויסנהייט בנוגע אידישער געשיכטע.

„אין הײ־סקול שטודירט דער שילער מיט נאָך מער איינצלהייטן די געשיכטע פון די גרויסע פערזענליכקייטן פון דעם אַמעריקאַנער פאָלק. ער באַקענט זיך מיט זייערע אויפטואונגען, מיט זייערע וועלט־אָנשויאונגען, בעת זיין אידיש וויסן באַשטייט דאַן ניט מער ווי פון אַ בר־מצוה „ספּיטש״. אין דעם הינטערבאַוואוסטזיין פון אָט דעם הײ־סקול שילער פאָרמירט זיך דער געדאַנק, אַז דאָס אידישע פאָלק האָט איבערהויפּט ניט קיין געשיכטע, קיין ליטעראַטור, קיין קולטור, קיינע גרויסע פּערזענליכקייטן. זיין אומוויסנהייט בנוגע אידישע קולטור ווערטן, זיין אומוויסנהייט וועגן אונזערע היסטאָרישע פּערזענליכקייטן און זיין אומוויסנהייט איבער אונזערע לייסטונגען ווערן אומבאַמערק־באַר אָבער זיכער פאַרוואַנדלט אין אַ געפיל פון שעמען זיך מיט זיין אייגן פאָלק. אומבאַוואוסטזיניג הויבט דער שילער זיך אָן צו שעמען פאַר געהערן צו אַזאַ געשיכטלאָזן, ליטעראַטורלאָזן, קולטורלאָזן, העלדנ־לאָזן פאָלק.

„אין קאָלעדזש באַקענט זיך דער סטודענט מיט דער געשיכטע פון די אייראָפּעאישע פעלקער און זייערע לייסטונגען, אָבער פון דער ביבלישער, תלמוד׳ישער, מיטלאַלטערליכער און מאָדערנער אידישער און העברעאישער ליטעראַטור ווייסט ער גאָרנישט. אָט דאַן ווערט זיין „בושה״, וואָס ער געהערט „נעבעך״ צום אידישן פאָלק, טראַנספּערירט אין אַ מינדערווערטיגקייטס־קאָמפּלעקס. ער הויבט אָן ליידן פון דעם געדאַנק, וואָס ער געהערט צו אַ פאָלק פון „מינדערווערטיגע״ באַ־שעפענישן.

„שפּעטער, ווען ער הויבט אָן שטודירן אין אוניווערזיטעט און באַקענט זיך מיט דער געשיכטע פון די גאָר־אַלטע פעלקער, מיט זייער פילאָזאָפיע, פּאָעזיע און אַזוי ווייטער, אָדער ער לערנט אַליין פאַר זיך

די ליטעראַטורן פון אַנדערע פעלקער און אידיש און העברעאיש קען ער ניט, דאַן ווערט דער פריערדיגער מינדערוועדטיגקייטס־קאָמפּלעקס ביסלעכווייז פאַרוואַנדלט אין פשוט׳ן זעלבסטהאַס — ער האַסט ממש זיך אַליין פאַר זיין אַ איד. און מען קען דאָס גאַנץ גוט פאַרשטיין. וואָרים וועלכער אינטעליגענטער מענטש וויל עס געהערן צו אַ קול־טורלאָז פאָלק?"

(קולטור־פּראָגראַם פאַר מזרחי־אגודות, ניסן תש"ד)

דער געדאַנק וואָס ווערט אויסגעדריקט אין די געבראַכטע שורות איז זייער אַן אינטערעסאַנטער און אַן אמת׳ער און ער וואָלט געדאַרפט מיט שטורם געבראַכט ווערן פאַר אידישע עלטערן און אַריינגעבערענט ווערן אין זייער באַוואוסטזיין. אַ אידישע דערציאונג, דאַרפן זיי פאַר־שטיין, איז סוף כל סוף אויך אַ פראַגע פון דעם פערזענליכן וואוילזיין פון זייערע קינדער. ס׳איז ניט נאָר אַ נאַציאָנאַלע פראַגע, נאָר אויך אַ פערזענליכע פראַגע. און ס׳איז אַ פסיכאָלאָגישע פראַגע.

אידישע טאַטע־מאַמע טראַכטן אָפט: אונזער זון וועט שטודירן אויף דאָקטאָר, לאָיער, אינזשינער; וואָס פאַר אַ שייכות האָט מעדיצין אָדער אינזשינערריי מיט אידישקייט? אָבער עס האָט שוין גאָר אַ שייכות: עס האָט אַ שייכות מיט זיין נשמה, מיט זיין לעבן. און זאָל דאָ אויך די פּראַקטיק אונז באַלערנען.

אין אַ באַרימטן קאָלעדזש אין דער וועסט איז דאָ אַ אידישער יונגער־מאַן, אַ פּראָפעסאָר פון קונסט. ווי די מאָדע איז, האָבן אים די עלטערן ניט מחנך געווען אין אידישקייט. געוויס האָבן זיי געטראַכט: צו וואָס האָט ער נויטיג אידישן וויסן צו דער קענטשאַפט פון קונסט, וואָס איז דאָך כמעט אינגאַנצן אין דעם באַזיץ פון די גויים?

נאָר אָט האָט דער אידישער קונסט־פּראָפעסאָר אין קאָלעדזש זיך באַקענט מיט אַ גלח, וואָס האָט אים גאַנץ אומגעריכט געשטעלט אין טויזנט פאַרלעגנהייטן. דער אידישער פּראָפעסאָר האָט ניט געוואוסט ווי אַזוי זיך צו העלפן, ביז זיינע טאַטע־מאַמע האָבן אים געראָטן ער זאָל זיך ווענדן צו מיר: ענדליך האָבן זיי אים „געוויזן וואו אַ גוטער איד וואוינט".

דער פּראָפעסאָר האָט זיך געווענדט צו מיר מיט אַ בריוו, און

דעם דאָזיגן בריוו ווייל איך דאָ איבערגעבן, ניט דערמאָנענדיג, פאַר־שטייט זיך, קיין נעמען. דער בריוו לייענט זיך אַזוי:

„אַזוי ווי מיינע עלטערן זיינען אייערע לאַנג־יעריגע לעזער, נעם איך זיך די דרייסטקייט, אויף זייער איניציאַטיווע, אייך צו פרעגן איינינגע זאַכן, וועלכע איך מוז האָבן אין מיין באַגאַזש פון וויסן, ווייל איך בין אַ פּראָפעסאָר אין אַ היגן קאָלעדזש און איך טרעף זיך אָפט מיט אַ גלח, און ער האָט ליב מיך אַריינצוציען אין דיסקוסיעס וועגן אידנטום און איך בין אָפט אין אַ פאַרלעגנהייט אים צו ענטפערן. למשל:

„ער זאָגט מיר, אַז אידן האַלטן אַלע גויים פאַר אייזלען, אַז אַ איד מעג אָפּנאַרן אַ גוי, אַז די גויים האָבן ניט קיין נשמה. דאָס, זאָגט ער, שטייט בפירוש אין די אידישע הייליגע ספרים, ספּעציעל אין תלמוד, און דאָס איז דער איינציגער וועג אויף וועלכן די אַנטיסעמיטן גייען — ער אַליין, זאָגט ער, איז ניט קיין אַנטיסעמיט — אָבער די רבנים, זאָגט ער, און די אידישע רעליגיעזע פירער האָבן עס ניט געלייקנט.

„איך האָב אים געזאָגט, אַז איך האָב עס קיינמאָל אין ערגעץ ניט געהערט. ווייל איך אַז איר זאָלט מיר זאָגן צי איז טאַקע עפּעס דאָ אין דעם. אַז דאָס מיינט מען נאָר די געצנדינער, ניט די קריסטן, וויל ער ניט אָננעמען פאַר אַן ענטפער, ווייל דערנידעריגן דעם מין מענטש בכלל איז אַ שלעכטער וועג. וואָס זאָגט איר צו דעם?

„בנוגע אַנדערע ענינים וואָס דער גלח האָט אָפט באַרירט אין זיינע שמועסן מיט מיר, ווייל איך איר זאָלט מיר ענטפערן אויף פאָלגנדע פראַגן:

צי איז דאָ אין תנ״ך אַן אָרט וואו מ׳זאָגט צו עולם הבא, אַ לעבן נאָכ׳ן טויט? אויב יאָ, בעט איך אייך זאָגט מיר וואו געפינט זיך עס?

צווייטנס: וואוהין גייען די נשמות פון די גוים, אין גיהנום צי אין גן־עדן?

דריטנס: וואוהין גייען די פינף און ניינציג פּראָצענט אידן וואָס לייגן ניט קיין תפילין און היטן ניט די תורה?

פערטנס: דאָס וואָס אידן קלאַמערן זיך אין זייער תורה און זייערע טראַדיציעס, איז עס ווייל אַזוי וויל ג־ט, אָדער פּשוט ס׳איז

אַן ענין פון מענטשליכן דראַנג צו עקזיסטירן, טראָץ דעם וואָס ג־ט וואָלט געוואָלט פון אונז מיר זאָלן זיך אַנדערש אויפפירן?

פינפטנס: דער גלח זאָגט, אַז די אידן פון היינט זיינען ניט פאַר־אינטערעסירט אין קיין גייסטיגע ענינים: אידן זיינען פאַראינטערעסירט נאָר אין וועלטליכע זאַכן ווי געלט, „גוד טיימס״, און די איינציגע „קולטור״ ביי דעם אַלטן דור אידן איז דאָס שפּילן אין קאָרטן אין דער אידישער שפּראַך, און דאָס, זאָגט ער, שטויסט די אידן אַראָפּ צו אַ נידעריגערער מדרגה ווי די גאָט־גלויביגע גויים, וואָס האָבן אַ גייסטיג לעבן און אַ לעבן נאָכ׳ן טויט (אַזוי זאָגט ער).

„וויל איך פון אייך איר זאָלט מיר אויפקלערן דעם ענין אָדער ענינים וואָס איך באַריר דאָ, אָדער בעסער געזאָגט דער גלח באַרירט״.

(אונטערגעשריבן)

אָט דאָס איז דער אינהאַלט פון אַ בריוו, וואָס דעקט אויף די נשמה פון אַן אַמעריקאַנער אידן, וואָס איז ניט צוגעגרייט געוואָרן צום לעבן ווי אַ איד. געמיינט אַז אין זיין פעלד פון קונסט איז ער פּטור. זיינע עלטערן האָבן זיך געוויס ניט געריכט, אַז ערגעצוואו ביים שפּיץ פון זיין קאַריערע וועט זיך אָפּזוכן אַ גלח וואָס וועט אים נעמען אויפ׳ן אידישן פאַרהער.

און ווער קען פאַרפעלן צו פילן די אַנגסטן, וואָס דער דאָזיגער מענטש לעבט דורך, ניט וויסנדיג ווי אַזוי זיך צו פאַרטיידיגן קעגן די אַנגריפן פון זיין מיטשמועסער? אַ זון פון גרויסן ג־ט־געאַכפּערטן אידישן פאָלק, ווערט ער געמאַכט צו פילן קליין און נישטיג, ווי אַ קינד פון עפּעס אַ נאַקעטן, גזלנ׳ישן מדבר־שבט.

ס׳איז אַ חרפּה אַז אַן אינטעליגענטער איד זאָל ניט וויסן צו ענטפערן אַזעלכע גראָביונגישע קשיות און טענות פון גויים בנוגע אידישקייט. ער האָט געמעגט וויסן צו זאָגן לכל הפּחות, אַז „חסידי אומות העולם יש להם חלק לעולם הבא״, און אויף שלעכטע אידן וואַרט דער גיהנום. נאָר עס בלייבט אייביג אמת די מימרא פון דעם רמב״ם, אַז „זאת התורה״, די דאָזיגע תורה, קיינער פון יעקב׳ס קינדער וועט זיך ניט אויסבאַהאַלטן פון איר, ניט ער, ניט זיינע קינדער, ניט זיינע קינדס־קינדער, צי זיי ווילן צי זיי ווילן ניט.

אויב ער וועט ניט לערנען קיין תורה פון אַ רבי'ן, וועט ער לערנען „תורה" פון אַ גלח...

נאָר מיט'ן זלידנעם גלח ענדיגט זיך נאָך ניט דאָס פּראָבלעם פון אונזער אידישן קונסט־פּראָפעסאָר. אגב, אונזער קונסט־פּראָפעסאָר קען אויך זיין אַן אַדוואָקאַט, אַן אינזשיניער, אַ דאָקטאָר, אַ וויסנשאַפטסמאַן אָדער אַ געשעפטסמאַן, דאָס הייסט, פּראָפעסיאָנעל קען ער האָבן אַ שטעלע, אַפילו אַ הויכע שטעלע און זיין איינגע־גלידערט אין זיין סביבה, נאָר „סאָציאַל" זאָל ער זיין „ניט אינטעגרירט". דאָס הייסט, אין די גוי'אישע „קלובן" זאָל מען אים ניט אָננעמען פאַר אַ מיטגליד, און אַפילו ניט לאָזן אַריינקומען אַהין, צו פאַר־ברייגען צווישן די „בעסטע פאַמיליעס" זאָל ער ניט געלאַדן ווערן. ער קען אויך אויסגעפינען, אַז אין געוויסע קוואַרטאַלן פון שטאָט זאָל מען אים ניט וועלן פאַרדינגען קיין וואוינונג אָדער לאָזן קויפן אַ הויז. ווי דאָס אַלץ ווערט לעבהאַפט געשילדערט אין אַ שטודיע וואָס איז געמאַכט געוואָרן פון דער „אַנטי־דעפעמיישאָן ליג" פון בני ברית *).

נאָר אַ אידישער איד, אַ איד וואָס האָט געלערנט תורה, לאָמיר עס זאָגן נאָך פשוט'ער: וואָס איז געגאַנגען אין חדר, לאַכט זיך אויס דערפון און פייפט דערויף. ער ווייסט דעם שורש דערפון, דעם זין און די באַדייטונג דערפון. ער ווייסט דעם חילוק פון יעקב ביז עשיו. און ער וועט זיך ניט לאָזן געפאַלן. ער האָט פליגל. און ער האָט רוים וואוהין צו פליען און אָטעם אויף צו פליען. איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן אַ געוואַגטן אויסדרוק פון אַ אידישן פליט אין דעם פרט. ער איז געווען אַ קאָצעטניק. ער איז געזעסן ביי מיר באַלד ווי ער איז געקומען קיין אַמעריקע פריש פון אוישוויץ. זיין פּנים פלעגט נאָך באַדעקט ווערן מיט רויטע פלעקן, זיינע הענט ווערן קלעפּיג מיט שווייס, ווען ער האָט גערעדט — יענע טרויעריגע סימנים פון די יאָרן פון אַנגסט. מיר האָבן גערעדט וועגן דעם וואָס די פרייע וועלט, מיט רוזוועלט און טשוירטשיל בראש, האָבן גאָרניט געטאָן צו ראַטע־ווען די אידן פון די גאַז־קאַמערן און קאַלכאויוונס. און מיין קאָצעט־

*) Barriers—Patterns of Discrimination Against Jews.

ניק האָט סומירט זיין פילאָזאָפיע פון דער זאַך ווען ער האָט געזאָגט:

וואָס דענקט איר: ווען אַ איד זאָגט „ברוך שלא עשני גוי", מיינט ער נאָר איוואַנ׳ען און סטעפּאַנ׳ען? ער מיינט אַ רוזוועלט און אַ טשוירטשיל׳ן אויך.

מיין קאַצעטניק האָט געהאַט אַ ברכה זיך אָנצושפּאָרן אויף איר, און דאָ האָט ער געשעפּט די גבורה איבערצולעבן זיין טויט. אַפילו אין לאַגער, ווען ער האָט נאָר געקענט דורכ׳גנב׳ענען אַ דאַווענען, האָט ער געזאָגט: „אשרינו מה טוב חלקנו ומה נעים גורלנו ומה יפה ירושתנו", וואויל איז אונז, ווי גוט איז אונזער טייל, ווי זיס איז אונזער גורל און ווי שיין איז אונזער אַרב...

אָבער אונזער קונסט־פּראָפעסאָר, וואָס שטייט פאַר דער סאָציאַ־לער באַריער און קען זי ניט אַריבערשפּרייזן, ער האָט ניט קיין ברכה און קיין פּסוק וואָס זאָלן אים געבן דעם כוח זי אַריבערצופליען, משיג זיין דעם שורש און דעם פאַרוואָס דערפון ביז׳ן באַוואוסטזיין אַז טראָץ דעם איז עס כדאי. ער קען קיינמאָל ניט אויסשרייען אין עקסטאַז: אשרינו מה טוב חלקנו!

צו וואָס איז ער געגליכן? צו דער פליג וואָס איז פאַרכאַפּט געוואָרן אין אַ פאַרמאַכטער גלאָז: זי דרייט זיך און דרייט זיך אַרום די דורכזיכטיגע ווענטלעך פון דעם גלאָז, און קען ניט פאַרשטיין וואָס עס לאָזט זי ניט פליען...

און אַזוי, מיט זיין גאַנצן גליק, איז ער אומגליקליך.

דער כרוז פון „מזרחי" גייט ניט ווייטער ווי וואָרענען געגן דער סכנה פון אַ מינדערווערטיגקייט געפיל אָדער איוועגטועלן זעלבסט־האַס: אויף מער הפּנים האָט ער שוין ניט געהאַפּט. וואָס פאַר אַ מהלך דאָס איז ביז אידישקייט ווי אַ פּאָזיטיווער געפיל, ווי אַ קוואַל פון שטאָלץ און גליק! ניין, איינער ווייסט ניט דעם אמת׳ן טעם פון אידישקייט אויב ער פילט ניט ווי עס האָט געפילט הרב ר׳ פּנחס לינטאָפּ, וועלכער האָט געשריבן און אהרן צייטלין ציטירט, אַז ס׳איז ניטאָ קיין גרעסער גליק אויף דער וועלט ווי זיין אַ איד. אָדער ווי עס שרייבט הרב דוד דע סאָלאַ פּול אין זיין בוך: „וואָהאַי אַי עם איי דשו":

„פאַרוואָס בין איך אַ איד און פיל עס ווי אַ הייליגן גורל וואָס איך בין אַ איד? דער איד איז אָפּט באַצייכנט געוואָרן ווי גאָט׳ס

עקספּערימענט מיט׳ן מענטשן . . . דער איד וואָס ווייס פאַרוואָס ער איז אַ איד און פאַרוואָס ער וויל בלייבן אַ איד שטייט ווי די לעבעדיגע פאַרקערפּערונג פון דריי ביז פיר טויזנט יאָר טראַדיציע פון גלויבן און אַנטפּלעקונג . . . ער קען קוקן דער וועלט אין פּנים אַריין ווי איינער פון דעם פאָלק, וואָס האָט ביים באַרג סיני מקבל געווען פאַר דער גאַנצער מענטשהייט דאָס געזעץ פון גערעכטיגקייט, ליבע און מאָראַלישער גרויסקייט״ . . .

אויף אַן אַנדער מדרגה פון אידישקייט געפינען מיר ביי מאַרטין בובער אַן ענליכן געדאַנק, וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט צו זיין 80־יעריגן יובל (1958), דערקלערנדיג: „אויב איך וואָלט געשטאַנען פאַר אַ ברירה ווידער אויסצוקלייבן מיין אָנגעהעריגקייט, וואָלט איך ווידער אויסגעקליבן אידישקייט״ . . .

און חנ׳עוודיג אַן אַ ברעג איז דער אויסדרוק פון אַלבערט איינשטיין, וועלכער האָט געזאָגט:

„איך באַדויער וואָס איך בין געבאָרן געוואָרן אַ איד, וואָרים ווען נישט, וואָלט איך אויסגעקליבן דאָס אידישע פאָלק מיט מיין אייגענעם ווילן און באַוואוסטזיין״.

דערמאָן איך זיך, אַז איך בין איינמאָל געגאַנגען צו אַ יוגנט־פאַרזאַמלונג, וועלכע איז גערופן געוואָרן (אין סיגעיט, ברוקלין) מיט׳ן צוועק צו אָרגאַניזירן אַ יוגנט־צווייג פון אַ נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע. אַ ספּעציעלער רעדנער איז אַראָפּגעקומען צו ריידן צו די הערצער פון דער יוגנט, ס׳איז געווען אין די סאַמע חורבן־יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, און צווישן אַנדערעס האָט ער זיך אויסגעדריקט:

„מיר ווייסן אַלע זייער גוט, אַז ווען מיר זאָלן דאַרפן געבאָרן ווערן נאָכאַמאָל און זאָלן האָבן די ברירה געבאָרן צו ווערן איד אָדער ניט־איד, וואָלטן מיר ניט אויסגעקליבן געבאָרן צו ווערן נאָכאַמאָל אידן . . .״

„אַי וואוד!״ — האָב איך אויסגערופן — „איך יע!״ — און דער רעדנער האָט זיך נעבעך שטאַרק פאַרלאָרן . . .

דער איד דער קאַצעטניק, און דער יונגערמאַן דער אַמעריקאַנער . . .

פון אַן אַנדער שטאָט, נאָר כמעט אין דער זעלבער וואָך, האָב איך דערהאַלטן אַ צווייטן בריוו, וואָס דעקט אויף די זעלבע אידישע טראַגעדיע פון אַן אַנדער ווינקל ווי ביים קונסט־פּראָפעסאָר. דער שרייבער שרייבט:

„כאָטש איך שרייב ניט קיין אידיש, אָבער לייענען לייען איך גאַנץ גוט, און אַזוי בין איך אייערער אַ לעזער, און איך וויל אייך פרעגן עטליכע פראַגן:

1) איר פריידיגט דעם אידישן לעבנס־וועג, דאָס, ווי איך פאַרשטיי, מיינט די פינף חומשים פון משה רבינו און די לערע פון תלמוד. אויב אַזוי, טאָ זייט אַזוי גוט און זאָגט מיר צי איר וואָלט גע׳הרג׳עט אַ מענטשן וואָס אַרבעט אום שבת? דאָס הייסט, אויב איר וואָלט געוואוסט אַז ער אַרבעט בכיוון, אַלס אַפּיקורס.

2) איז אייער מיינונג, אַז אַלע אידן וואָס אַרבעטן אום שבת באַוואוסטזיניג, זיינען שולדיג אין טויט־שטראָף?

3) איז עס אמת, אַז רעליגיע היינטיגע צייט איז מער ניט פאַר־בונדן מיט ג־ט אָדער מיט דער תורה, אָדער מיט׳ן תלמוד, נאָר ס׳איז פשוט אַ זאַך פון קאַטאַוועס („פּאַן”), פון טראַדיציע, פון שטעלעס פאַר רבנים און אַנדערע כלי־קודש?

4) פאַרוואָס קעמפן מיר: פאַר משה רבינו אָדער מענדעלע מוכר ספרים? ווען די אידן אין אַמעריקע, אַזוי גוט ווי דער יונגער אידישער דור אין רוסלאַנד, און מיט קליינע אויסנאַמען אויך אין ישראל, קענען שוין ניט משה רבינו און ניט מענדעלע מוכר ספרים — דענקט איר, אַז מיר האָבן אַ רעכט צו פריידיגן משה רבינו צו די קינדער, ווען די דערוואַקסענע גלויבן אַז מיר קענען שוין היינט ניט לעבן לויט תורת משה? וועט איר, למשל, אויפלעבן צוריק די דינים פון אַ אידישן שקלאַף וואָס וויל בלייבן אַ שקלאַף מער ווי זעקס יאָר? וועט איר אים דורכשטעכן אַן אויער? אויב איר וועט זאָגן, אַז דער דאָזיגער דין איז אָפּגעלעבט, איז ווער האָט אונז גע־געבן דאָס רעכט צו זאָגן אַזוי? און אגב, אויב מען קען אָפּשאַפן איין געזעץ, פאַרוואָס ניט אָפּשאַפן אַלע אָפּגעלעבטע געזעצן, ווי חליצה אָדער פאה?

איך וויל איר זאָלט זיין ערליך מיט מיר און מיר געבן דעם ריכטיגן ענטפער. ווייל די דאָזיגע פראַגן פייניגן מיך זינט איך האָב ניט לאַנג צוריק געזען אַ משגיח וואָס פאַרדינט אַכציג דאָלער אַ וואָך און איך האָב אים געזען זיצן אין אַ כינעזישן רעסטאָראַן, עסן פלייש. ווען איך האָב אים געפרעגט, היתכן? האָט ער מיר געענט־

פערט, אַז די גאַנצע ביזנעס מיט כשרות היינט איז ניט מער ווי אַ „פּרנסה־זאַך”, אַזוי האָט ער זיך אויסגעדריקט.

און ער טאַקע האָט עס מיך אַרויפגעפּירט אויף די קשיות פון טויט־שטראָף פאַר חילול שבת, פון דעם אידישן קנעכט און אַנדערע אָפּ־געלעבטע זאַכן. פון זיין קאָפּ פרעג איך עס אייך.

איך מוז אייך זאָגן דעם אמת, איך האָב אַ גאַנצע נאַכט ניט גע־קענט שלאָפן נאָכדעם ווי איך האָב געזען דעם משגיח עסן פלייש אין אַ כינעזישן רעסטאָראַן, און איך האָב באַשלאָסן זיך צו ווענדן צו אייך”.

דאָס איז דער אינהאַלט פון דעם צווייטן בריוו, וואָס איז נאָך אפשר מער באַאומרואיגענד ווי דער ערשטער. דאָ רעדט אַ מענטש עפּעס גאָר שלא מן הישוב: ער הויבט ניט אָן צו וויסן פון תורה און יראה, אָבער ער רעדט אַזוי ווי די תורה וואָלט ביי אים געזעסן אויף דער אָנקלאָגע־באַנק און ער וואָלט געווען אַ שאַרפער פּראָקוראָר וואָס בעמט די „זינדיגע”, רחמנא ליצלן, אויפ׳ן שטרענגן פאַרהער. ס׳איז דאָך ממש שומו שמים.

פונוואַנען נעמען זיי זיך, אַזעלכע אידן מיט אַזעלכע צעדרייטע געדאַנקען וועגן אידישקייט? ווי אַזוי דערלאָזט מען אַזעלכע אויסצוו־וואַקסן אין האַרצן פון אַ אידישן ישוב? זיי זיינען דאָך די אמת׳ע סכנה פאַר אידישן קיום! זיי זיינען אַ חרפה און אַ שרעק.

נאָר ווער, אָה, ווער איז שולדיג פאַר אַזאַ קראַפּעווע און אַזעלכע דערנער אויפ׳ן אידישן פעלד?

# ווער איז שולדיק?

דער מצב פון אידישקייט אין אַמעריקע, כאָטש היינט איז ער שוין אַביסל בעסער ווי ער איז געווען פאַר אַ יאָרן, און פאַר אַ יאָרן איז ער שוין געווען בעסער ווי פאַר צוויי יאָרן, איז נאָך אַלץ אַ חרפּה פאַר'ן אידישן פּנים און אַ סכּנה פאַר'ן אידישן קיום. און אָבער און ווידער האָבן מיר געשטעלט די פראַגע: ווער איז שולדיג אין דעם נאַציאָנאַלן בראָך? ווער האָט אַרויפגעפירט די אידישע שיף אין אַמעריקע אויף זאַמד און שטיינער?

מיר ווייסן ווער די שולדיגע זיינען. מיר ווייסן ווער זיי זיינען און וואו זיי צו זוכן.

די חז"ל האָבן נאָך פאַרצייטנס אונז געגעבן זייער אַדרעס. זיי האָבן געזאָגט:

כל פורעניות שבאה לעולם לא באה אלא בשביל דייני ישראל", אַלע צרות וואָס קומען אויף דער וועלט, קומען נאָר צוליב די אידישע פירער: דיינים, רבנים, פּרנסים, גבאים, מנהיגים, קהל'שע קליאַמקעס. זיי און נאָר זיי זיינען שולדיג.

בראש פון אַלעמען שטייען די רבנים אין מדרגה פון שולד. די רייד גייט דאָ דער עיקר וועגן די רבנים פון די פריערדיגע

צוויי־דריי דורות, וועלכע האָבן איבערגעלאָזט די ביטערע ירושה, אָבער אויך די היינטיגע זיינען ניט ריין, וועלכע האָבן ביי זיך רעכט געמאַכט צו טאָלערירן און ממשיך צו זיין די ירושה — די טראַדיציע פון אידישע קינדער אָן תורה.

ווען די רבנים פון אַ צוויי־דריי דורות פריער האָבן געזען אַז די אידן, קומענדיג קיין אַמעריקע, נעמען אַראָפּ פון זייערע קינדער דעם יאָך פון תורה, האָבן זיי געדאַרפט פאַרשטיין וואוהין דאָס וועט אַלץ פירן. וואָרים זיי האָבן דאָך געוואוסט, אַז „אומתנו איננה אומה כי אם בתורתה״: אָן תורה איז ניטאָ קיין אידישע אומה. האָבן זיי ניט געטאָרט פאַרבייסן די ציין און שווייגן, ווי זיי האָבן געטאָן. זיי האָבן געדאַרפט מאַכן די ערד צו ציטערן, וועלטן איינלייגן האָבן זיי געדאַרפט, זיי האָבן זיך געדאַרפט וואַרפן אונטער די רעדער, זיך לאָזן צעטרעטן מיט די פיס, און ניט דערלאָזן קיין דריסת הרגל אין אידישן קהל צו מענטשן וואָס האָבן זייערע קינדער ניט געשיקט אין חדר און זיי קיין תורה ניט געגעבן.

איך וועל אייך געבן אַ ציור, ווי אַזוי די זאַך איז צוגעגאַנגען, ווי אַזוי די רבנים האָבן אָפּגעדאַנקט פון זייער ראָלע, אַבדיקירט דעם כתר תורה און מפקיר געווען אידישקייט צו די עברייינים און מופקרים. איך האָב עס מיט מיינע אייגענע אויגן געזען:

עס איז געווען אין איינעם פון די יאָרן פון דער ביטערער צווייטער וועלט־מלחמה. עס איז געווען פּסח. איך האָב יענעם פּסח געהאַלטן ביי אַ רב אין איסט ניו־יאָרק, אַ קוואַרטאַל אין ברוקלין. איסט ניו־יאָרק איז נאָך דעמאָלט געווען אַ פעסטונג פון דער אָרטאָ־דאָקסיע. דעם ערשטן טאָג יום־טוב, אין שול ביים דאַוונען, נאָך דער קריאה, איז דער פּרעזידענט פון דער שול אַרויף אויף דער בימה און גערעדט צום עולם. ער האָט געמאַכט אַן אַפּיל: מען האָט געדאַרפט מאַכן אַ צאָלונג אויפ׳ן מאָרטגעידזש פון דער שול. דער פּרעזידענט איז פריער ביים דאַוונען ניט געווען, נאָר ער איז געקומען צו פאָרן אין זיין אויטאָמאָביל צו האַלטן זיין „דרשה״. ער האָט גע־זאָגט דעם עולם וואָס ער האָט דאָרט געזאָגט, נאָר איין זאַך איז מיר געבליבן אַריינגעהאַקט ווי אַ צוואָק אין קאָפּ. ער האָט געזאָגט: יעדער איינער מוז ברענגען אַ קרבן, „אָט האָב איך — האָט ער געזאָגט —

פאַרשלאָסן מיין סטאַר (געשעפט) צו קומען אַהער, און פאַר דער צייט איז רעכט איך זאָל פאַרלירן אַ פופציג דאָלער פּרנסה"...

איך בין געווען דערשטוינט צו הערן אַזעלכע רייד. זיי וואָלטן געווען אַ חרפּה און שענדונג אין יעדער מין שול, נאָר אין אַן אָרטאָדאָקסישער?! מיט אַ יונגען אָרטאָדאָקסישן רבֿ! איך האָב זיך אַרומגעקוקט און געגומען זוכן מיט די אויגן דעם רבֿ, צו זען וואָס ער טוט הערנדיג אַזעלכע רייד, אָדער וואָס ער קלייבט זיך צו טאָן.

און איך האָב געזען ווי דער רבֿ האָט זיך אויסגעדרייט מיט'ן פּנים צו דער וואַנט, האָט אַריבערגעצויגן דעם טלית איבער'ן קאָפּ און האָט זיך איינגעגראָבן אין אַ ספר... אָדער זיך געמאַכט ווי ער האָט זיך איינגעגראָבן אין אַ ספר.

און איך בין געווען דערשטוינט איבער דער האַלטונג פון דעם רבֿ אַזוי ווי איך בין געווען דערשטוינט פון די רייד פון דעם פּרעזידענט.

און דעמאָלט איז מיר אַלץ קלאָר געוואָרן.

אָט דאָ, האָב איך געטראַכט, ליגט דער הונט באַגראָבן! אָט דאָ איז דער מקור פון דעם גאַנצן בייז: אָט דאָ, ביים רבֿ אונטער'ן טלית, ליגט דער חורבן פון אידישקייט אין אַמעריקע!

ביי דער דאָזיגער סצענע, אין דער דראַמע צווישן דעם פּרע־זידענט און דעם רבֿ, איז דער פּסח געוואָרן אויס פּסח, די שול אויס שול, און דער רבֿ אויס רבֿ.

וואָס האָט דער רבֿ געזאָלט טאָן?

ער האָט געדאַרפט אויסטאָן דעם טלית, אַרויפגיין אויף דער בימה, אָננעמען דעם פּרעזידענט ביים קאַרק, אים אַרונטערשמייסן פון דער בימה, אים אַרויסבריקען ביז דער טיר און אויף יענער זייט טיר אין דער גאַס אַריין!

דעמאָלט וואָלט דער פּסח געבליבן פּסח, די שול — אַ שול, דער רבֿ — אַ רבֿ, און אידן וואָלטן געבליבן אידן אין אַמעריקע!

און אַז דער רבֿ האָט ניט אַזוי געטאָן, האָט אַ מאָדנע געפיל מיך אַרומגעכאַפּט: איך האָב אַליין געקראָגן אַן אימפּולס דאָס צו טאָן. געווען אַזאַ רגע ביי מיר. נאָר איך האָב זיך געצאַמט, טראַכטנדיג:

אפשר וועל איך עובר זיין אויף „המורה הלכה בפני רבו", און האָב דורכגעלאָזט די רגע.

נאָר דאָס דאָזיגע בילד פון דעם רב ווי ער האָט זיך פאַרשטעקט אונטער דעם טלית בשעת אַרום אים האָט געטאַנצט די סטרא אחרא, האָט זיך קיינמאָל מער ניט אָפּגעטאָן פון מיינע אויגן. ס'איז פאַר מיר געוואָרן דער שליסל צו דער עפּאָכע. דער פּירוש אויף דער פּרשה „עגל הזהב" נוסח אַמעריקע.

די דאָזיגע סצענע יענעם פּסח אין יענער שול אין איסט ניו־יאָרק, האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף טויזנטערליי אופנים אין טויזנטער שולן אַלע טאָג פון אַ גאַנץ יאָר איבער דער לענג און דער ברייט פון אַמעריקע, אין משך פון אַ צוויי־דריי דורות: עס האָט די רבנים און דיינים און פּרנסים געפעלט דער גייסט פון מאַרטירערשאַפט. דאָ אין דער נייער וועלט האָבן זיי ניט געפונען דעם כוח וואָס דאָס רבנות האָט אייביג פאַרמאָגט אין אַלע גלות'ן און תפוצות. און אַזוי איז דערפירט געוואָרן צו דער טאָטאַלער דעגענעראַציע פון אידישקייט אין גאָלדענעם לאַנד, וואו אידישקייט האָט גראָד, צום ערשטן מאָל אין יאָרהונדערטן, געהאַט די מעגליכקייט פריי צו בליען און געדייען.

ניט אין די ד' אמות פון דער שול אַליין האָבן די רבנים אַריבערגעצויגן די טליתים איבער די קעפּ און זיך געמאַכט ניט־זעענדיג: זיי האָבן דאָס אייגענע געטאָן בנוגע דער גאַנצער ספערע פון אידישן לעבן. אין דער אָפענער אידישער גאַס האָט זיך געטאָן חושך. עס איז געווען די עפּאָכע פון שאַרפן עקסטרעמען ראַדיקאַליזם, אַטעאיזם און אַנטי־רעליגיעזן קאַמף. עס איז פאַרפירט געוואָרן אַ מלחמה אויף אידישקייט און אויף אידישע הייליגטימער וואָס האָט ווי אַ פייער אַרומגעכאַפּט דעם גאַנצן אידישן כלל אין אַמעריקע.

שרייבער האָבן געשריבן און לערער האָבן געלערנט און אָראַטאָרן האָבן גערעדט און איינער האָט געזוכט אַריבערצושטייגן דעם אַנדערן און אַרונטעררייסן די אידישע „רעליגיאָן", אין מבטל זיין די תורה, אין קריטיקירן דעם תנ"ך, אין שענדן דעם תלמוד, אין מחלל זיין דעם שבת און דעם יום־טוב, אין באַשפּאָטן ברית מילה, אין באַ'חוזק'ן כשר און טריף, אין באַשמוצן די „אידישע קלעריקאַלן"; מען האָט געשריבן לידער וואו מ'האָט געגראַמט „אָרטאָדאָקס" מיט

„אָקס" און „רבנים" מיט „שונאים". פון אַ כשר לידל ווי „ג־ט, ג־ט גיב אַ רעגן פון די קליינע קינדער׳ס וועגן" האָט מען געמאַכט אַ געצנדינעריש געבעט: „נאַטור, נאַטור גיב אַ רעגן פון די קליינע קינ־דער׳ס וועגן", און נאָך און נאָך אַזעלכע זאַכן. די אידישע גאַס איז פאַרפלייצט געוואָרן מיט דעם דאָזיגן מין נאַרישן און פרעכן אַטעאיזם.

נאָך היינט קענט איר אַריינגיין אין אַ אידישער בוכהאַנדלונג און צווישן די ביכער־אַלטוואַרג זיך גרינג צוזאַמענשטעלן אַ ביבליאָ־טעק פון דעם דאָזיגן מין ביכער.

נון, אַמעריקע ווי מען זאָגט, איז אַ פרייע מדינה און יעדער איינער קען און מעג ריידן און שרייבן וואָס ער וויל. האָבן דאָך די רבנים אויך געמעגט. אָבער אומזיסט וועט איר זוכן, אַפילו ווען איר וועט זוכן מיט ליכט, אַ שריפט, אַ זשורנאַל, אַ בוך, אַ ביכל צי גאָר אַ בלעטל פון אַ רב, אָדער אַ קיבוץ פון רבנים, אַלס ענטפער אויף יענער ליטעראַרישער צעפּאָגראָמירונג וואָס האָט אַראָפּגעשניטן אידישקייט פון דער אידישער גאָס ווי מ׳שניידט אָפּ אַ פעלד מיט סערפּ און קאָסע. די רבנים האָבן ניט אויפגענומען דעם קריג מיט די מחרפים ומגדפים, זיי זיינען ניט אַרויס צו באַשיצן די אידישע מויערן קעגן די אַטאַקעס און אָנגריפן: זיי האָבן זיך איינגעוויקלט אין די טליתים און זיך פאַרגראָבן אין זייערע ספרים...

אין יענער עפּאָכע האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט מיט זיין גיפטיגקייט לגבי אמונה בכלל און אידישער אמונה בפרט, איינער ל. ראָזענצווייג, אַ טיפּישער קליינשטעטלדיגער אַפּיקורס — אַ קליינ־שטעטלדיגער אַפּיקורס אין דער ריזיגער וועלט־שטאָט ניו־יאָרק. ער האָט געהאַט אַזאַ מאַניער פון פּראָפּאַגאַנדע: ער פלעגט געבן אַ לעקציע וועגן פיזיק, מיט דעמאָנסטראַציעס, באַגלייט מיט לעסטערונגען, ווי מ׳זאָגט „אויף השם און אויף ננתקה", און לסוף פלעגט ער זאָגן: איצט מאַך איך אָן איבעררייס און גיב דעם רבונו של עולם פינף מינוט צייט: אויב ער איז דאָ, זאָל ער אַרונטערקומען פון הימל און מיר געבן אַ פּאַטש...

איינמאָל האָט זיך פון עולם אויפגעהויבן אַ יונגערמאַן און איז צוגעגאַנגען צום לעקטאָר אויף דער פּלאַטפאָרמע און געזאָגט: צוליב אַזאַ קלייניגקייט ווי אַ פּאַטש ווילט איר מטריח זיין דעם רבונו של

עולם פון הימל? איך וועל עס אייך געבן! און ער האָט אים דער־לאַנגט... ווי מ׳קען זיך פאַרשטעלן, האָבן זיך אָפּגעזוכט חסידים פון דעם לעקטאָר, ס׳איז געוואָרן אַ געשלעג און בלוט האָט זיך געגאָסן...

ווילט איר אפשר פאַרזוכן דעם טעם פון יענער צייט פון אַטע־איסטישן שטורם? ס׳איז באמת כדאי. מיר וועלן ברענגען אַ פּאָר מוסטערן פון זעלבן ל. ראָזענצווייג, פון זיין ביכל „ברית מילה“:

„פאַרוואָס אַנטלויפט דער יונגער דור פון דעם אַלטן?“ איז די איבערשריפט איבער׳ן צווייטן קאַפּיטל פון׳ם ביכל, און דער אידישער „אויפקלערער“ ענטפערט מיט פאָלגנדער אַנטיסעמיטישער ציטאַטע פון דעם ענגלישן היסטאָריקער גיבאָן:

„די עקשנות מיט וועלכע די אידן האָבן אויפגעהאַלטן זייערע זאָנדערבאַרע רעליגיעזע מנהגים און אומסאָציאַלע זיטן, האָט זיי באַ־צייכנט אַלס אַ באַזונדער מין מענטשן, האַסנדיג אַלע איבעריגע“.

פאַרגלייכנדיג דעם פרומען אידן צו „אַ דריי־טויזנט־יעריגן רעלי־גיעזן קינד (וואָס) שפּילט זיך מיט זיינע דאָגמאַטישע ליים־קיכעלעך און גלויבט באמונה שלימה אַז דאָס זיינען האָניג־קיכלעך“, זאָגט דער מחבר:

„אָבער די וועלט אין וועלכער דו לעבסט היינט דערלויבט ניט צו פאַרלירן צייט מיט ליימענע קיכלעך, זי האָט פאַר דיר אמת׳ע האָניג און צוקער־קיכלעך פון ריינעם קולטור־מעל, געמאָלן אויף די ציוויליזאַציעס מילן פון צוואַנציגסטן יאָרהונדערט, געמישט מיט האָניג, געזאַמלט פון וויסנשאַפט־בינען אין די בלומען פון גאָרטן פון אַל־וועלטליכער קולטור“ (ז. 21).

ווי געפעלט אייך אַ לשון און אַ סטיל?

אין קאַפּיטל 11, וואָס טראָגט דעם נאָמען: „וואָס איז אברהמ׳ס כאַראַקטער לויט דער תורה?“, פירט אויס ל. ראָזענצווייג אַזוי:

„דער באַגריף וואָס אברהם האָט געהאַט וועגן גאָט איז אַזוי נידעריג ווי דער באַגריף איבער גאָט איז ביים נידעריגסטן קאַניבאַל!“

אָט אַזוי האָט אָפּגעזוכט אויסגעזוצן די אַטעאיסטישע פּראָפּאַגאַנדע אויף דער אידישער גאַס אין אַמעריקע.

צווישן די „אינטערעסאַנטסטע“ זאַכן אין דעם ביכל איז די דאַטע ווען דאָס איז דערשינען: 1916. נאָך אינמיטן פון דער ערשטער וועלט־

מלחמה, ווען די „ציוויליזאַציאָנס־מילן" האָבן שוין געמאָלן ניט קיין „קולטור־מעל", נאָר מענטשן...

און וואָס האָבן די רבנים געטאָן? מחוץ שכלה חרב בבית כמות, דרויסן האָט געשניטן די שווערד און אינווייניג איז געווען שטיל ווי דער טויט...

נאָר ווי גערעכט ס'איז ניט אונזער טענה צו די רבנים בנוגע דעם דאָזיגן פריידענקערישן פליגל פון דער אידישער גאַס, וואו דער רב איז סוף כל סוף געווען אַ דרויסענדיגער, איז זי נאָך גערעכטער בנוגע זיין אייגענער סביבה, דעם רעליגיעזן פליגל, וואו ער איז געזעסן אויבנאָן אין דער מזרח־וואַנט, און וואו ער האָט אין די קריטישסטע מאָמענטן זיך באַהאַלטן אונטער'ן טלית.

ניין, ניט באַהאַלטן דעם קאָפּ אונטער'ן טלית האָבן די רבנים געדאַרפט, נאָר זעענדיג אַז אידן האָבן אויפגעהערט געבן זייערע קינדער צו תורה, האָבן זיי געדאַרפט די האָר פון קאָפּ זיך רייסן, פאַר יעדן דאַוונען אַראָפּנעמען די פרוכת'ן פון די ארון־קודש'ן, אויסטאָן די שיך און זיך זעצן שבעה און וויינען און קלאָגן! נייע תשעה־באב'ן מאַכן! און ווען „יענע" פּרעזידענטן פון די שולן זיינען געשטאָרבן און האָבן איבערגעלאָזט זין וואָס האָבן קיין קדיש ניט געקענט זאָגן אַפילו פון סידור, סיידן אין ענגלישער טראַנסקריפּציע, האָבן די רבנים ניט געטאָרט אויסצירקלען קיין שיינע הספדים נאָך זיי און גיין נאָך דער מיטה און שרייען „צדק לפניו יהלך", נאָר האָבן געדאַרפט נאָכגיין נאָך דער לוויה און שטיינער וואַרפן נאָך דער מיטה און שרייען: ככה יעשה!...

אין אָנהויב, ווען די אימיגראַציע איז נאָך געווען יונג און דער איינגעוואָנדערטער איד איז נאָך געווען גרעסער אין צאָל ווי דער אַמעריקע־געבוירענער, גרעסער אין צאָל, אין יאָרן און אין חכמה, האָט דאָס אידישע לעבן, טראָץ זיין תהו ובהו, געהאַט אַ אידיש פּנים און געטראָגן אַן אויסגעשפּראָכענעם אידישן כאַראַקטער. מיט דעם גאַנג פון די יאָרן האָט זיך די פּראָפּאָרציע נאַטירליכערווייז געביטן, און דעמאָלט איז דאָס אידישע פּנים געוואָרן וואָס אַמאָל בלייכער און בלאָסער, דער אידישער כאַראַקטער האָט זיך אַלץ מער און מער אָפּגעמעקט און האָט אָנגענומען, ניט קיין קריסטליכן, (אויסער ביי אַ

געלעגנהייט ווי קריסטמעס), אָבער אַ נייטראַל־גוי׳אישן כאַראַקטער, אויב מ׳קען זיך אַזוי אויסדריקן, און אַזוי האָט זיך אויסגעפורעמט דאָס אידישע פּנים נוסח אַמעריקע.

די ראָלע פון דעם רב האָט זיך אינגאַנצן געביטן. דער אַמע־ריקאַנער רב דאַרף ניט פּסק׳ענען קיין שאלות: פּשוט, מ׳קומט ניט פרעגן. מ׳קומט ניט פרעגן, פּשוט, ווייל ס׳איז זיי גאָרניט קשה. ס׳איז זיי גאָרניט קשה, פּשוט, ווייל זיי האָבן גאָרניט געלערנט. זיי וויסן ניט פון איסור והיתר. ביי זיי איז אַלץ מותר. אויסער, נאַטירליך, אין דעם שטרענג־רעליגיעזן סעקטאָר, וואָס איז אָבער געבליבן פאַרדרענגט אין אַ ווינקל.

אין דער זעלבער מאָס וואָס דער עולם האָט זיך געביטן בנוגע צום רב, האָט זיך דער רב געביטן בנוגע צו דעם עולם. אַמאָליגע צייטן האָט געקענט רעכט זיין, אַז אין אַ קהילה זאָלן זיך געפינען בעלי־בתים וואָס האָבן געקענט בעסער לערנען ווי דער רב. אין אַמעריקע האָט דער רב נעבעך ניט וואָס צו טאָן מיט זיין לומדות: זיינע קהילה־לייט זיינען דרדקי אין אידישקייט. זיי קענען ניט פאַר־נעמען קיין לומדי׳שן דרש אָדער עמקות: זיי האָבן פּשוט ניט די כלים דערצו. דער רב מוז אומגיין מיט זיי אויף אַ גאַנץ עלעמענטאַרן ניוואָ. זיינע דרשות, אָדער ווי זיי רופן זיך „סערמאָנס", גייען זעלטן ווייטער ווי אַ מדרש אָדער אַן אגדתא. מען קריטיקירט אָפּט דעם אַמערי־קאַנער רב פאַרוואָס ער האָט איינגעפירט צו ריידן אין שול וועגן דעם נייסטן „בעסט סעלער", אָדער דעם לעצטן פילם, אָדער אַ טעאַטער־שטיק וואָס האָט אַרויסגערופן אַ רושם. אָבער דאָס איז ניט געשען פון וואוילטאָג: ס׳איז דאָס וואָס דער אַמעריקאַנער עולם איז צוגעגרייט צו פאַרשטיין.

צו פאַרשטיין אַ רבני׳שע אָדער מגידי׳שע דרשה פון אַלטן שטייגער, דאַרף מען האָבן גאָר אַן אַנדער קאָפּ מיט אַן אַנדער גע־דאַנקענגאַנג. מ׳דאַרף קודם־כל פאַרשטיין אַ פּסוק. מ׳דאַרף זיין פאַר־גרונטעוועט אין געוויסע יסודות׳דיגע באַגריפן פון אידנטום, וואָס זיינען די ליים און ציגל מיט וועלכע דער רב אָדער דער מגיד אַרבעטן. אָבער דער אַמעריקאַנער עולם — ער פאַרמאָגט אַפילו ניט די שטרוי . . .

גיט דעם אַמעריקאַנער אידן אַ קלאַפּ מיט אַ אידישן געדאַנק, און עס הילכט אָפּ אַ פּוסטע כלי.

און דאָס אַלץ האָט געווירקט אויף דער באַציאונג פון דעם רב צו זיך אַליין. אין דער דאָזיגער סביבה, וואו ס'איז ניטאָ קיין עולם און קיין געברויך פאַר גרויסער לומדות, איז נאַטירליכערוויז ניטאָ די טענדענץ פאַר גרויסער לומדות צו בליען און וואַקסן. און תורה איז אַוועקגעלייגט געוואָרן אין אַ ווינקל.

ווי געשריבן, אויף אונזער צייט מער ווי אויף אַנדערע צייטן, און אויף אונזער ישוב אין אַמעריקע מער ווי אויף אַנדערע ישובים, פּאַסט זיך די טרויעריג־זיסע הלצה, וואָס דאָס פאָלק האָט געשאַפן אויף אַזאַ גייסטיגן מצב:

עס שטייט געשריבן: אויף דריי זאַכן שטייט די וועלט, אויף תורה (לערנען), אויף עבודה (דאַווענען), און אויף גמילות חסדים (צדקה).

נאָר צייטן זיינען געפאַלן און די גרויסע גאונים האָבן זיך אויס־געגומען, שטאַרקע אידן זיינען שיטער געוואָרן, און גרויסע בעלי־צדקה האָבן אויפגעהערט.

קומט צוגיין די הייליגע תורה און שטעלט זיך פאַר'ן כסא הכבוד און נעמט טענה'ן: רבונו של עולם! ווי אַזוי קען איך אויפהאַלטן מיין דריטל וועלט, אַז אידן האָבן אויפגעהערט לערנען?!

ענטפערט איר דער אויבערשטער: וואָס הייסט אידן האָבן אויפ־געהערט לערנען? עס זיצן דאָך קיין עין־הרע אַזוי פיל רבנים און לערנען...

קומט די עבודה און שטעלט זיך פאַר'ן כסא הכבוד און טענה'ט: רבונו של עולם! ווי קען איך אויפהאַלטן מיין דריטל וועלט, אַז אידן דאַווענען ניט מער?!

ענטפערט איר דער אויבערשטער: עס זיינען דאָך דאָ די חזנים וואָס דאַווענען...

נאָך אײדער די עבודה איז אַרויס, קומט דער גמילות חסדים און שטעלט זיך טענה'ן: רבונו של עולם! ווי קען איך אויפהאַלטן מיין דריט־חלק וועלט, אַז אידן האָבן אויפגעהערט געבן צדקה?!

ענטפערט אים דער אויבערשטער: וואָס הייסט אידן האָבן אויפ־

געהערט געבן צדקה? גיי אַריין אין אַ בית־מדרש וועסטו זען ווי אידן גיבן איינער דעם אַנדערן אַ שמעק טאַבאַק...

איז גמילות חסדים געוואָרן שטאַרק באַ׳צער׳ט און האָט גענומען טענה׳ן: גערעכטער ג־ט! די תורה האָסטו אָנגעשפּאַרט אויף די רבנים, דאָס דאַוונען האָסטו אָנגעלענט אויף די חזנים און מיך ווייזסטו איבער צו אַ שמעק טאַבאַק?

און ג־ט האָט איר מיט רחמנות געענטפערט: זיי ניט געפאַלן ביי זיך: פאַראַן היינט רבנים און חזנים, וואָס זייער לערנען און דאַוונען איז קיין שמעק טאַבאַק אויך ניט ווערט...

איך ברענג די דאָזיגע הלצה, ניט, חלילה, כדי מזלזל צו זיין אין דעם ביסל וואָס מיר האָבן דאָ אין אַמעריקע אין תורה ועבודה וגמילות חסדים — געלויבט דער אויבערשטער דערפאַר אויך! — נאָר מער פון אַלץ כדי צו באַטאָנען, אַז אויסער דעם וואָס די דאָזיגע הלצה כאַראַקטעריזירט פּאַרט דאָס אַמעריקאַנער אידנטום, מיט זיין טראַגישן פאַרלוסט אין תורה און תפילה, איז די הלצה גופא אַ טייל פון אידישן גייסטיגן פאַרמעגן וואָס איז פאַרברעכעריש, באַרבאַריש צעטרענצלט געוואָרן. אויך אַזאַ הלצה, און טויזנטער ווי זי, זיינען פרעמד געוואָרן דעם אַמעריקאַנער אידן, דער עיקר דורך דעם וואָס אים איז פרעמד געוואָרן די אידישע שפּראַך. אָך, וויפיל אידישע חכמה, וויפיל תורה, וויפיל לומדות, וויפיל אהבת ישראל, וויפיל אידישער שטייגער און איינשטעל, וויפיל אידישער קאָפּ און אידיש האַרץ עס ליגט אין דער אידישער רעדנסאַרט אַליין! וויפיל אידישע געבונדנקייט און פאַרוואָרצלונג. ווען אידישע אידן ריידן אידיש — הערט זיך אַיין ווי זייער געשפּרעך איז אָנגעלאָדן מיט אידישע ווערט־לעך, מיט קלוגע אַנעקדאָטן, מיט משלים פון אידישן לעבן, מיט געדאַנקען פון אידישע ספרים און פון אידישע גדולים — דאָס אַלץ איז דער שטאָף וואָס מאַכט דעם חילוק פון אַ אידישן שמועס ביז אַ גוי׳אישן. נאָר דאָס אַלץ איז געוואָרן אַ פאַרשוואונדענע, פאַרזונ־קענע וועלט פאַר׳ן אַמעריקאַנער אידן ווען ער איז פאַרפרעמדט געוואָרן פון דער אידישער שפּראַך. ווען מען מאַכט דעם חשבון פון דער אַסימילאַציע, האָט מען נאָך ניט אָפּגעשאַצט וויפיל די פרעמדע שפּראַך גופא, ווי אַ שפּראַך, נעמט אַוועק אידישן גייסט און לייגט אַריין

גוי׳אישן גייסט אין אידישן געדאַנק און מויל. אַ פשוט׳ער משל: מ׳פרעגט אין ענגליש: וואָס מאַכסטו? ענטפערט מען: „טהענק יו, אַלראַיט״ (אַ דאַנק, גאַנץ גוט). אָבער פרעגסט אין אידיש: וואָס מאַכסטו? און דער ענטפער איז: ברוך השם, דאַנקען ג־ט, געלויבט דער אויבערשטער... אין ערשטן פאַל איז דער ענטפער אַ סעקו־לערער, אין צווייטן פאַל איז דער ענטפער מיט ג־ט דערביי.

אין הייליגסטן אָרט, אין הייליגסטן מאָמענט ווערט די ניט־אידישע שפּראַך אַריינטראָגן איר ניט־אידישן גייסט, אָפטמאָל אַן אַנטי־אידישן גייסט. געקומען אַן אַמעריקאַנער איד שבת אין שול אַריין (אין אַ נאָווינע). ווי אַן אורח האָט מען אים מכבד געווען מיט אַן עליה. נאָר מורא האָבנדיג טאָמער, ווי די מאָדע איז, קען ער די ברכה ניט מאַכן, איז מען געגאַנגען אויף אַן אייזערנער בריק און מ׳האָט אים געגעבן הגבה. נעמט דער איד אויפהויבן דעם ספר, ערשט ס׳איז גאָר ניט גרינג. נעמט ער מיט כוח און קרעכצט אויס מיט פאַרוואונדערונג: „דזשיזוס קראַיסט, איט׳ס העווי!״

געווען אַמאָל אין אידישע מיילער אַ שבועה: „ווי איך בין אַ איד״, אָדער „אויף מיין אידישער נאמנות״, דערהויבענע אויסדרוקן פון אידישער נאָבלקייט. אין ענגליש קענען זיי גאָרניט געמאָלט זיין.

בכלל קען מען, אין סך הכל, זאָגן וועגן אידיש: וואו אידיש האָט געהערשט, דאָרט האָט געהערשט אידישקייט: דאָרט איז געווען אידי־שער שטייגער, דאָרט איז געווען שבת און יום־טוב, תורה און לומדות, חסידות, מגידות, חזנות, מוסר, צדקה; ס׳איז געווען אידיש ליד, פּרעסע, טעאַטער; ס׳איז געווען ציוניזם, מ׳האָט געקענט העברעאיש, ס׳זיינען געווען פאַרלאַגן, דרוקערייען, ס׳זיינען געווען אידייאישע באַוועגונגען, ס׳איז אַלץ געווען. מיט דער ירידה פון אידיש איז געקומען אַ ירידה אין אַלץ...

ווען די תורה, די עבודה און די צדקה קומען פאַר׳ן כסא הכבוד זיך צו באַקלאָגן אויף זייער מזל, האָט די צדקה וויניגער ווי אירע צוויי חברים וואָס זיך צו באַקלאָגן אויפ׳ן אַמעריקאַנער אידן. מיט זיין צדקה האָט זיך דאָס אַמעריקאַנער אידנטום איינגעקויפט אייביגן רום. אָבער וויסן זאָל מען, אַז די דריי מידות זיינען ענג פאַרבונדן. אָן תורה מוז ווערן אָפּגעשוואַכט די עבודה, און אָן תורה ועבודה

ווערט שוואַכער די צדקה. ס'איז שוין דאָ באַמערקט געוואָרן, אַז מיט דעם אַראָפּגיין פון די אימיגראַנטישע טאַטעס פון דער אַמעריקאַנער סצענע, דערפילט זיך אַ פאַרשטייפונג אין די הענט פון די אַמערי־קאַנער קינדער אין צדקה פאַר אידישע צוועקן. איבערהויפּט פאַר ישיבות. ווי מ'קען עס זען פון פאָלגענדן לעבעדיגן, טרויעריגן פאַקט :

אַ גרויסער פירער פון אַ באַרימטער ישיבה איז געקומען אין אַ שטאָט און אַ גביר'ישער איד האָט מנדב געווען פאַר דער ישיבה אַ ווערטפול שטיקל לאַנד (אַ „לאָט") וואָס ער האָט פאַרמאָגט אינמיטן שטאָט. ער האָט עס געהאַלטן ביי פאַרקויפן, און דער מדובר איז געווען, אַז וויפיל דאָס שטיקל ערד וועט אַריינטראָגן, וועט גיין פאַר דער ישיבה. קורץ נאָכדעם איז דער איד פלוצלונג געשטאָרבן. דאָס ווייב און די קינדער זיינען געווען דערביי בשעת זייער מאַן און פאָטער האָט געגעבן די הבטחה צו דעם ראש־ישיבה. נאָר ער האָט עס ניט באַוויזן צו פאַרפיקסירן שוואַרץ אויף ווייס. האָבן ווייב און קינדער זיך אָפּגעזאָגט מקיים צו זיין די צוואה, צו וועלכער זיי זיינען אַליין געווען די עדות.

און מיט ארץ־ישראל איז אויך דאָס אייגענע, און זאָל מען עס אין מדינת ישראל אין אַכט נעמען! ריכטיג האָט געשריבן אַ סאַברע אַהיים פון אַמעריקע, אַז ער האָט דאָ געפונען, אַז מערסטנס איז עס דער עלטערער דור וואָס איז פאַרליבט און פאַרקאָכט אין מדינת ישראל ; דער אינגערער דור שטייט דאָס רוב גלייכגילטיג פונדערווייטנס.

אַ גרויסער איבערבייט קומט אויפ'ן אַמעריקאַנער אידנטום מיט'ן איבערבייט פון די דורות, ווען דער אימיגראַנטישער פאָטער טרעט אָפּ און דער אַמעריקאַנער זון פאַרנעמט זיין אָרט. אַ גרויסער דור געווען דער דור פון די טאַטעס. געקומען מיט ליידיגע הענט און אויפגעבויט נייע פּיתום ורעמסס : שטעט, ריזיגע אינדוסטריען, עקאָ־נאָמישע אימפּעריעס. רייך געמאַכט דאָס לאַנד און פאַר זיך אויך אוצרות אָנגעלייגט. אַלץ האָט ער געקענט, דער דאָזיגער איד, נאָר איבערפלאַנצן זיין אידישן גייסט צו זיינע קינדער האָט ער ניט באַוויזן. און דער אימיגראַנטישער טאַטע גייט אַוועק פון דער וועלט אין אַ סך הינזיכטן זייער טראַגיש. ער ווייסט אַז ער לאָזט איבער יורשים, נאָר קיין קדיש לאָזט ער ניט איבער : אַ סימבאָל איז יענער

איד, וואָס אין זיינע לעצטע יאָרן האָט ער גענומען זאָגן קדיש נאָך זיך אַליין...

ער ווייסט, דער אימיגראַנטישער טאַטע, אַז אַלץ וואָס ער לאָזט איבער אויף דער וועלט, וועלן די יורשים איבערנעמען, אויסער זיינע תפילין: אַ סימבאָל איז יענער איד, וואָס האָט אָנגעזאָגט אין זיין צוואה, אַז מ'זאָל אים מיטגעבן זיינע תפלין אין קבר אַריין...

ער ווייסט, אַז פאַר אַלץ וועלן זיינע יורשים געפינען אַן אָרט, אויסער פאַר זיינע ספרים און ביכער, הייליגע און וואָכעדיגע, העב־רעאישע און אידישע: אַ סימבאָל דערפון איז יענער נעגער, וואָס האָט געפונען אַ זאַק מיט אידישע ביכער אין אַ מיסטקאַסטן (אַן אָפּטע דערשיינונג אין אַמעריקע), און זעענדיג אַז דאָס זיינען ביכער מיט אידישע אותיות, האָט ער אָנגענומען אַז דאָס זיינען „הייליגע ביכער" און ער האָט פאַרוואָרפן דעם זאַק אויף די פלייצעס און אַוועק־געטראָגן צום רב פון שטאָט.

אַ סימבאָל איז אויך די פאַר זילבערנע לייכטער. אין 1957, אין פילאַדעלפיע, איז נפטר געוואָרן אַ זעלטענע אידישע פערזענליכקייט, אַ זקנה פון איבער ניינציק יאָר, אַ חכמה, אַ מלומדת, אַ מיוחסת, אַ פאַר־קערפּערונג פון די שענסטע אידישע מידות, אַן אדם גדול. זי האָט איבערגעלאָזט, קיין עין הרע, אַן אייגענע עדה אידן: זין, טעכטער, איידימס, שניר, אייניקלאַך און אור־אייניקלאַך. און פאַרמעגן. און אַ צוואה האָט זי איבערגעלאָזט, וואָס איז אליין אַ פאַרמעגן. אין דער צוואה טיילט זי אויס — וועמען געלט, וועמען דעם מאַנ'ס ספרים, וועמען צירונג, וועמען אירע אייגענע כלה־צירונג, וועמען קליידער. אַלץ מיט חכמה צוגעפּאַסט. נאָר אַ פּאָר זילבערנע שבת־לייכטער האָט זי איבערגעלאָזט, און דאָ איז זי געשטאַנען געפלעפט: וועמען זאָגט מען אָפּ די לייכטער, וואָס נאָך איר אייגענע באָבע האָט אין זיי ליכט גע־בענטשט?

שטייט אין דער צוואה אַזוי:

די לייכטער זאָל דערהאַלטן נאָר אַזאַ איינע אין דער משפחה, וואָס בענטשט ליכט. נאָר טאָמער וועט אַזאַ איינע, חלילה, ניט זיין אין דער משפחה, זאָל מען די לייכטער אַוועקשיקן צו דער מזרחי־פרויען אָרגאַ־ניזאַציע אין ישראל...

און ווי אַ סימבאָל פאַר'ן גאַנצן אַנט־אידישטן הויז אין אַמעריקע

קען דינען יענער איד, וואָס זיין האַרץ האָט שטיל געבלוטיגט וואָס מ׳זעט שוין קוים אַ אידיש הויז מיט אַ מזוזה אויף דער טיר: זוי זאָל ער אַריבערטרעטן אַזאַ שוועל? פלעגט ער אַרומטראָגן אַ מזוזה אין קעשענע, און ווען ער פלעגט דאַרפן אַריינגיין אין אַ הויז אָן אַ מזוזה, פלעגט ער צולייגן זיין מזוזה צום אושאָק, אַ קוש טאָן און אַריינגיין.

קיין מזוזה ניט, אָבער אַ פערד׳ס פּאָדקאָווע ווי אַ סימן מזל, זעט מען יע אין אידישע הייזער.

סימבאָליש זיינען אויך די פאָלגנדע פּאַסירונגען:

אַ איד איז אַריין אין באַרבער־שאָפּ זיך אָפּשערן. דער באַרבער איז געווען אַן איטאַליענער, דער טאָג איז געווען תשעה באב. דער איד האָט ניט געוואוסט אַז ס׳איז תשעה באב, אָבער דער איטאַליענישער באַרבער האָט יאָ געוואוסט. דער איד איז אַריין און האָט זיך געזעצט אויפ׳ן באַרבער־שטול.

מאַכט דער איטאַליענער צום אידן: דוכט זיך, אַז היינט איז ביי אייך אַזאַ טאָג ווען אַ איד טאָר זיך ניט שערן; פאַרוואָס שוין ניט וואַרטן ביז מאָרגן? מיר ווילט זיך ניט זיין קיין שותף צו אַ אידישער עבירה...

אָדער אפשר איז די פאָלגנדע פּאַסירונג „אינטערעסאַנטער״:

געלעבט אין ברוקלין אַן עלטערער איד ביי קינדער. געווען אַן ערליכער איד און אַ למדן. פלעגט זיצן יומם ולילה און לערנען. די קינדער — אַמעריקאַנער.

איין פרימאָרגן האָט דער טאַטע זיך ניט באַוויזן פון זיין שלאָף־צימער אין זיין געוויינליכער צייט צו גיין דאַוונען, און ס׳איז געווען שבת. איז מען אַריין זען וואָס ס׳איז געשען, און מען האָט געפונען דעם טאַטן טויט. געשטאָרבן אין שלאָף.

האָט מען גלייך טעלעפאָנירט אין לוויה־שטיבל, פיונעראַל פּאַרלאָר בלע״ז, מ׳זאָל אַוועקנעמען דעם בר־מינן. אַביסל שפּעטער איז אָנגעקומען אַ טויטן־וואָגן. אין הויז האָט זיך באַוויזן דער שאָפער, אַן איטאַליענער, געקומען מיט אַ זאַק אַוועקצונעמען דעם טויטן. מען פירט אים אַריין אין שלאָפצימער צום בעט פון דעם געשטאָרבענעם.

קוקט אָן דער איטאַליענער דעם מת און זעט: אַן עלטערער איד, מיט באָרד און פיאות. מאַכט ער:

— ניין, איך וועל אים ניט נעמען...

— פאַרוואָס ניט? — פרעגן די קינדער מיט איבערראַשונג. און דער איטאַליענער ענטפערט:

— אָט דער מאַן וואָלט ניט געפאָרן אים שבת ווען ער לעבט, און איך וועל אים ניט מאַכן פאָרן אים שבת ווען ער איז טויט...

און די קינדער האָבן נעבעך געמוזט וואַרטן ביז׳ן אָוונט, אַרויס־צו׳פטר׳ן דעם אַלטן טאַטען פון שטוב.

נאָך אַ ביישפּיל פון גוי׳אישן דרך־ארץ פאַר אידישע אותיות: אַ נע־גערין האָט גערייניגט אין אַ אידישן הויז. די טעפּיכער האָט זי אויך אויס־געשטויבט און מ׳האָט זיי געדאַרפט צוריק איינלייגן אויף די דילן. כדי טעפּיכער זאָלן זיך גוט אויסלייגן, איז מען זיך נוהג אונטערצו־שפּרייטן אונטער זיי פּאַפּיר. גיט די באַלעבאָסטע דער נעגערין אַ פּאַק צייטונגען. נעמט די נעגערין די צייטונגען און זעט אַז דאָס זיינען אידישע צייטונגען. פון אָפטער באַשעפטיגונג אין אידישע הייזער האָט זי געקענט די אידישע שריפט. מאַכט זי צו דער באַלעבאָסטע:

— איך וועל ניט אונטערשפּרייטן די טעפּיכער מיט די דאָזיגע צייטונגען.

— פאַרוואָס ניט? — פרעגט די באַלעבאָסטע פאַרוואונדערט.

— ווייל דאָס זיינען „היברו לעטערס" — האָט די נעגערין גע־ענטפערט.

לאַכט די אידישע באַלעבאָסטע: גיי, מאַך זיך ניט נאַריש...

— ביי מיר איז דאָס ניט נאַריש — האָט די נעגערין געענטפערט

— אויב דו האָסט ניט קיין אַנדערע צייטונגען, וועסטו מוזן אַליין אונטערשפּרייטן די טעפּיכער, איך טו עס ניט...

אָט אַזוי וואַלגערן זיך צעריסענע שטיקער אידישקייט אומעטום אונטער אידישע פיס, און אַן אָנשטענדיגער גוי בויגט זיך אַמאָל איין מיט דרך ארץ און הויבט זיי אויף פון דער ערד...

ביי אַזעלכע מעשיות, מעשיות פון לעבן, ווילט זיך נעמען און שלאָגן מיט די פויסטן אין קאָפּ און פשוט שרייען גוואַלד.

אָה, ג־ט, שטראָף מיך ניט פאַר די רייד, נאָר ס׳ווילט זיך אַמאָל זאָגן:

ס׳איז אָך און ווי צום אידישן פאָלק, אַז ס׳איז אַריינגעפאַלן אין אידישע הענט...

# אין אַן אומעטיגן פאַרנאַכט

ס'איז געווען אַ טריבער, האַרבסטיגער פאַרנאַכט אין דאָרף. אויפ'ן האַרצן איז געווען אַזוי טריב ווי אויף די פאַררעגנטע שויבן. געדאַרפט געווען זאָגן: אויף די הערצער. וואָרים ניט איינער איז דאָרט געזעסן מיט דערדריקטן געמיט, נאָר אַ האַלבער מנין זיינען מיר דאָרט געווען.

געווען אַ רב, געווען אַ שרייבער, געווען אַ לערער, געווען אַ פשוט'ער איד. און זייך אידענע.

דער רב אָן אַ קהילה, דער שרייבער אָן לעזער, דער לערער אָן אַ קנעלונג, דער איד אָן נחת.

אין שטוב זיינען אַרומגעלאָפן צוויי קליינע קינדער, פון אַ אידי־שער מאַמע און אַ גוי'אישן טאַטן: אייניקלעך פון דעם אידן. טאָ ווי קען שוין דער איד וויסן פון נחת? אַז בסך הכל, אויסער דעם וואָס דער טאַטע איז אַ גוי, איז ער נאָך אַנטלאָפן און געלאָזט דאָס ווייבל אַן עגונה.

דורך די פענסטער האָט געדרונגען טונקלקייט אין שטוב אַריין. טונקלקייט פון דעם פאַרנאַכט און טונקלקייט פון די בוימער. נאָר די געדיכטסטע טונקלקייט איז געפאַלן פון די ליכטיגע פנימ'לעך פון די צוויי קינדערלעך.

און פון זיי האָט זיך אָנגעהויבן דער טריבער געשפּרעך.

געוויינליך אַז מ׳רעדט, רעדט מען זיך אַראָפּ פון האַרצן. ווערט יעדערן גרינגער. דאָ איז געוואָרן יעדערן שווערער. וואָרים צו זייגע אייגענע שטיינער אויפ׳ן האַרצן האָבן זיך אים נאָך אַרויפגעוואָלגערט די שטיינער פון די אַנדערע.

זאָגט די אידענע, ווי זי וואָלט זיך געטרייסט: פאַראַן נאָך ערגערע צרות ביי אידן ווי אַ גוי׳אישער אידים.

פרעגן מיר אַלע: דהיינו?

מאַכט זי: אַ גוי׳אישע שנור. . .

און זי דערציילט: ביי אירער אַ באַקאַנטער האָט אַ זון חתונה געהאַט מיט אַ שיקסל. אַז דאָס שיקסל איז פאַרגאַנגען אין טראָגן, האָט זי צוזאַמענגערופן צו זיך די מחותנים פון ביידע זייטן: דעם מאַנ׳ס אידישע טאַטע־מאַמע און אירע אייגענע טאַטע־מאַמע, די גויים. און זי האָט צו זיי געזאָגט:

— „איך האָב פאַר אייך אַ גוטע בשורה, איך גיי ווערן אַ מאַמע. און איך האָב ביי זיך באַשלאָסן אַזוי: אויב ס׳וועט זיין אַ אינגל, נעם איך אים צום רב; אויב ס׳וועט זיין אַ מיידל, נעם איך זי צום גלח. איך דענק אַז דאָס איז פעיר (יושר׳דיג) צו אַלע צדדים״ . . .

די גוי׳אישע מאַמע, אַז זי האָט דערהערט די בשורה, האָט זי זיך אויפגעשטעלט, זיך גענומען צלמ׳ען, שילטן, האָט אַ שפּיי געטאָן און איז אַנטלאָפן ווי אַ שלאַנג וואָלט זי אַ ביס געטאָן.

די אידישע שוויגער האָט אָנגעהויבן חלש׳ן, חלש׳ט זי נאָך...

מאַכט דער רב: איך קען אַן ענלעכע מעשה, נאָך אַ שטאַרקערע. אַ געמישט פּאָרפאָלק. ער אַ איד, זי אַ גוי׳ע. איידער זיי האָבן חתונה געהאַט האָבן זיי געשלאָסן אַן אָפּמאַך: זיי וועלן ניט אַרויפצווינגען קיין אמונה אויף די קינדער, ניט ער זיינע, ניט זי אירע, נאָר מ׳וועט לאָזן די קינדער אַליין אויסקלייבן, ווען זיי וועלן אויסוואַקסן.

און זיי האָבן היינט אַ אינגל און אַ מיידל. אָבער כדי די קינדער זאָלן קענען אויסקלייבן מיט פאַרשטאַנד, האָבן די עלטערן באַשלאָסן זיי צו באַקענען מיט ביידע אמונות. ווי זשע מאַכט מען עס? האָבן זיי זייער פּראָבלעם געלייזט אויף אַזאַ אופן: שבת גייט דער טאַטע מיט

די קינדער אין שול אַריין, זונטאָג גייט די מאַמע מיט זיי אין קלויסטער אַריין . . .

— צו מיר טאַקע אין שול אַריין פלעגט ער קומען שבת! — האָט דער רב מוסיף געווען מיט ביטערן געלעכטער — און אַמאָל האָט דער דאָזיגער איד נאָך געדאַרפט ממלא זיין אַ מנין.

דאָס וואָרט „מנין" האָט דערמאָנט דעם רב נאָך אַ צווייטע מעשה. איינמאָל שבת אינדערפרי — האָט ער דערציילט — זיצן מיר און וואַרטן עס זאָל זיך אָנקלייבן אַ מנין. קלינגט דער טעלעפאָן. מאַכט איין איד: „אפשר איז עס אַ פיקוח נפש?" און ער איז זיך אַליין מתיר און גייט ענטפערן דעם טעלעפאָן. ווער רופט? דער פרעזידענט פון דער שול. וואָס וויל ער? ער קלינגט צו פרעגן אויב ס'איז דאָ אַ מנין. אויב ניט, זאָגט ער, קען ער באַלד קומען צופאָרן, מיט זיין אויטאָ וועט אים נעמען נאָר אַ פאָר מינוט...

— און דאָס איז אַן אָרטאָדאָקסישע שול! — האָט זיך דער רב ווידער פאַנאַנדערגעלאַכט מיט זיין ביטערן סאַרקאַזם. . .

— דערפאַר האָב איך אַוועקגעוואָרפן דאָס רבנות — האָט ער צוגעגעבן — און בין געוואָרן אַן אינשורענסמאַן. איך האָב געטראַכט: אויב איך קען ניט פאַרזיכערן אידישע נשמות, לאָמיר כאָטש פאַרזיכערן זייערע גופים . . .

— און אויף וועמען האָט איר איבערגעלאָזט זייער אידישקייט, אויף מיר? — האָט דער לערער געפרעגט דעם רב מיט אַ דערשטוינטן פנים — ווי קען איך מצליח זיין מיט די קינדער אין חדר, ווען דאָס איז דער מצב מיט די טאַטעס אין שול?

און ס'איז געוואָרן אַ הייסער וויכוח איבער דער פראַגע ווער ס'איז מער שולדיג אין דער ירידה פון אידישקייט אין אַמעריקע: דער רב אָדער דער לערער . . .

— אָדער אפשר גאָר דער שרייבער — האָט דער רב באַמערקט, און דער גאַנצער געשפּרעך האָט זיך אַ קער געטאָן צו דער טעמע: אידישע ליטעראַטור. מ'האָט גענומען דורכלופטערן אַלטע אידייען. דער רב האָט דערמאָנט יענע עפּאָכע, ווען די אידישע ליטעראַטור האָט זיך פאַרמאָסטן צו ווערן די נאַציאָנאַלע אידייע. זי האָט געוואַגט צו נעמען אויף זיך די ראָלע אי פון דער אידישער רעליגיע, אי פון אַ

אידישער טעריטאָריע, דאָס הייסט ארץ ישראל. דאָס האָט געהייסן: „אידיש במקום רעליגיע" און „אידיש במקום טעריטאָריע". און היינט, ווי האַלט עס מיט אידיש און דער אידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע?

און דער שמועס האָט אַזוי זיך געצויגן ווייטער, און וואָס ווייטער איז מען אַריין אַלץ טיפער אין געדיכטן וואַלד פון צרות: ניט דער רב און ניט דער לערער און ניט דער שרייבער זיינען אינגאַנצן שולדיג אָדער אומשולדיג. געווען אויך גרויסע דרויסענדיגע כחות, איבער וועלכע מיר האָבן גאָר קיין שליטה ניט געהאַט. די אמת'ע טראַגעדיע אי פון אידישקייט, אי פון אידיש האָט זיך אָנגעהויבן זינט דאָס אייראָפּעאישע אידנטום איז חרוב געוואָרן אין די גזירות היטלער ימ"ש און עס זיינען פאַרטיליגט געוואָרן די צענטערס, וואו גרויסע אידישע מאַסן האָבן געלעבט מיט אידישקייט און מיט אידיש; און זינט די גרויזאַמע האַנט פון סטאַלין הרשע האָט אויסגעמעקט אַפילו די אידישע אותיות פון צווישן דעם אידישן ישוב אין רוסלאַנד, וואָס איז אַמאָל אַזוי גרויס און שעפעריש געווען . . .

מיר האָבן געשמועסט דעם דאָזיגן טרויעריגן שמועס און דער טונקל פון דעם פאַרנאַכט איז אַריבער אין פינסטערניש און מיר האָבן ניט געפילט, ווייל די פינסטערניש אין האַרצן איז געווען נאָך פינסטערער.

— וואו זשע האַלטן מיר אין דער וועלט? — האָט אימיצער אַ פרעג געטאָן, וועלנדיג אונטערציען אַ סך הכל, אויסטרינקען דעם ביטערן בעכער ביז'ן דעק.

— ביים סוף! — האָט זיך ביי איינעם אַרויסגעריסן אַ געשריי.

— ס'איז אויס! — האָט אים אַ צווייטער אונטערגעכאַפּט אין טאָן: מיר האַלטן ביי נעילה . . .

— און ס'איז אַ שווערע גסיסה — האָט אַ דריטער נאָך טרויעריגער געמאַכט אויפן האַרצן: אַלץ גוסס'עט — אידיש גוסס'עט, אידישקייט גוסס'ט, אידן גוסס'ן. מ'רופט עס אַסימילאַציע, אָבער דאָס ריכטיגע וואָרט פאַר דעם איז גסיסה און טויט...

— חלילה! — האָט זיך ביי מיר אַרויסגעריסן אַ געשריי — חלילה וחס! מ'טאָר אַזוי ניט רעדן! מ'טאָר זיך ניט ריכטן און גרייטן אויף אַ סוף. מ'טאָר ניט גיין דעם טויט אַנטקעגן. אידן אָנערקענען

ניט דעם טויט. זיי דערלאָזן ניט קיין סוף. אַ סוף און טויט איז דאָ פאַר אַ אידן, אָבער ניט פאַר׳ן אידישן פאָלק. און צו אונזער היינטיגן מצב איז דאָ אַ רפואה. ס׳איז דאָ דער רופא און ס׳איז דאָ די רפואה! ס׳איז אליהו הנביא! און איך וועל אייך דערציילן אַן אמת׳ע מעשה...

און איך האָב דערציילט:

אין קאָוונע, אין דער צייט ווען דער גאון ר׳ יצחק אלחנן זצ״ל איז דאָרט געזעסן אויפ׳ן כסא הרבנות, איז איינמאָל ביי אַ פּאָרפאָלק געבוירן געוואָרן אַ אינגעלע. אַז אַ קינד ווערט געבוירן איז שטענדיג ביי אידן אַ גרויסע שמחה, אָבער אין דעם פאַל איז די שמחה פאַר־שאָטנס געוואָר׳ן מיט גאָר אַ גרויסן צער: ווען דאָס קינד איז געקומען אויף דער וועלט איז דער טאַטע געלעגן טויט־קראַנק און מ׳האָט זיך געריכט אַז ער גייט נעביך פון דער וועלט. ער איז געווען אַ נוטה למות ממש, און מיט יעדער שעה איז אים געוואָרן ערגער. און אַז ס׳איז געווען אַ טאָג־צוויי פאַר׳ן ברית האָבן די דאָקטוירים אים אָפּן אָפּגעזאָגט דאָס לעבן.

האָט מען אין דער משפחה, און אין שטאָט בכלל, גענומען טראַכטן: אויב ס׳איז שוין אַזוי באַשערט, טאָ זאָל מען זיך אפשר אָפּהאַלטן מיט׳ן ברית אַ טאָג צי וויפיל, ביז עס וועט שוין זיין „נאָך אַלעמען״, און מ׳וועט דעם קינד אַ נאָמען געבן נאָכ׳ן טאַטן . . .

אַזוי האָט די משפחה געטראַכט און מען איז אַוועק צו ר׳ יצחק אלחנן פרעגן אַ שאלה צי ס׳איז רעכט אַזוי אָפּצולייגן דעם ברית.

ווען דער גאון האָט דערהערט די שאלה איז ער אויפגעציטערט געוואָרן: חס וחלילה, ניט אָפּלייגן אויף איין רגע! איך הייס מאַכן דעם ברית אין דער ריכטיגער צייט! — האָט ער באַפוילן — און איך בין בטוח, אַז דער טאַטע וועט אי״ה האָבן אַ רפואה און וועט לעבן בלייבן.

אַז דער רב האָט געהייסן, האָט מען אַזוי געטאָן. און ר׳ יצחק אלחנן איז טאַקע אַליין געווען סנדקאי. און אַזוי איז עס געווען: אין איין חדר איז געלעגן דער טאַטע און האָט גע׳גוסס׳עט, און אין אַ צווייטן חדר האָט מען געאידישט דאָס קינד.

און וואונדער איבער וואונדער! ס׳איז געשען פונקט ווי דער רב האָט נביאות געזאָגט. דער חולה האָט גובר געווען די מחלה, האָט

זיך געגומען בעסערן און אין אַ קורצער צייט אַרום איז ער אויפגע־שטאַנען פון בעט.

האָט מען אין שטאָט גענומען רעדן: ר׳ יצחק אלחנן האָט באַוויזן אַ מופת...

— ניין, איך בין ניט קיין בעל מופת, האָט דער גאון דערקלערט, נאָר די מעשה איז פשוט. מיר האָבן בקבלה, אַז צו יעדן ברית קומט אליהו הנביא אין שטוב אַריין, און וויסן זאָלן מיר, אַז דאָרט וואו ס׳איז דאָ אליהו הנביא, דאָרט קען דער מלאך המות קיין שליטה ניט האָבן...

אַזוי האָב איך דערציילט יענעם האַלבן מנין אידן יענעם אומע־טיגן פאַרנאַכט. אָבער צו דער מעשה האָב איך דערציילט נאָך איינע, אַ מעשה אויף אַ מעשה, וואָס ברענגט אַרויס דעם מוסר השכל פאַר אונזער ענין.

איך בין אַמאָל געווען געלאַדן צו אַ סעודה, „באַנקעט” בלע״ז. ס׳איז געווען אַ סעודה דווקא אין שייכות מיט דערציאונג. ווען איך בין געקומען און געזען די געגרייטע טישן, האָב איך דערזען אַז ס׳איז אַ סעודה פון פליישיגס און מילכיגס אינאיינעם. פונדעסטוועגן בין איך געבליבן. געווען אויך אַ ליטעראַרישע פּראָגראַם. אַ שוי־שפּילער האָט פאָרגעלייענט אַ מעשה וועגן אליהו הנביא. אַ שיינע מעשה, שיין פאָרגעלייענט.

ווען ס׳איז געקומען צו די רעדעס האָט מען מיך אויך מכבד געווען מיט אַ וואָרט. האָב איך גערעדט וועגן אליהו הנביא וועמען זיי האָבן אַזוי שיין מכבד געווען.

— וואָס וואָלט אָבער געווען — האָב איך געפרעגט — ווען עס עפנט זיך די טיר און עס קומט פּלוצלונג אַריין אַהער אליהו הנביא? ווי וואָלט איר זיך דאָ דערפרייט! אָבער צי וואָלט ער זיך געקענט זעצן צו אייער טיש?

אַמאָל קומט אליהו הנביא אַריין אין אַ אידישן הויז פאַרשטעלט ווי אַן אָרימאַן. אין דער אַלטער אידישער וועלט, ווען ער פלעגט זיך אַזוי באַווייזן, פלעגט מען אים באַגעגענען ווי דער מנהג איז געווען: מ׳פלעגט זאָגן: ר׳ איד, גייט וואַשט זיך עסן, אָדער פשוט׳ער: גייט וואַשט זיך. אָבער ווען ער טוט פּלוצלונג אַ גיי אַריין אַהער מיט אייער

טריפ'ן טיש, אָדער צו איך אין אייערע היימען, צי וואָלט איר אים געקענט זאָגן, ווי ער איז געוואוינט געווען צו הערן אין אידישע הייזער אַלע דורות: ר' איד, גייט וואַשט זיך? אַוודאי ניט. דעריבער מעגט איר זיכער זיין: ער וועט דאָ ניט עפענען די טיר און וועט זיך דאָ ניט באַווייזן. און איר בלייבט נאָר ביי אַ פאַפירענעם אליהו הנביא . . .

און דער פאַפירענער אליהו הנביא איז ניט קיין רופא און ברענגט ניט קיין רפואות און קיין ישועות אין אידישע הייזער. . . .

אַזוי האָב איך אויפגעפרישט מיין אַלטע דרשה פון יענעם באַנקעט פאַר דעם האַלבן מנין אין יענעם אומעטיגן פאַרנאַכט און האָב אויס־געפירט:

אויב מ'וויל דער לעבעדיגער אליהו הנביא זאָל קומען אין אונזערע הייזער און ברענגען אַ רפואה צו אַלע אונזערע קראַנקהייטן פון אידישקייט, איז דאָ איין אויסגעפּרואווט און פשוט מיטל: מאַכן אונזערע הייזער אַזוי, אַז ער זאָל קענען אַריינקומען און זיך גיין וואַשן עסן . . .

והא ראיה: יאַנקעלע . . .

# יאַנקעלע

איך האָב זיך באַקענט מיט יאַנקעל'ען, און יאַנקעלע מיט מיר, ווען ער איז נאָך קיין חודש ניט אַלט געווען, ערשט ווי נעכטן איז עס געווען, און אָט בין איך שוין געזעסן ביי זיין בר־מצוה סעודה! ווי גיך אַ שטיק לעבן אין אַנטלאָפן . . .

ריכטיג פלעגט מיין מאַמע זאָגן: די טעג קריכן, די יאָרן לויפן. . . .

די קינדהייט איז די שענסטע צייט פון מענטשענ'ס לעבן. דאָס וועט אייך זאָגן איעדער. אָבער אין תוך גערעדט ווייסט קיינער ניט ריכטיג וואָס קינדהייט איז. נישט דאָס קינד ווייסט, נישט דער דער־וואַקסענער ווייסט. דאָס קינד נישט — ווייל ס'איז נאָך ניט דער־וואַקסן צו פאַרשטיין, דער דערוואַקסענער נישט — ווייל ער איז שוין אַריבערגעוואַקסן.

דער דערוואַקסענער שטייט נאָר אינדרויסן און איז מקנא דעם קינד וואָס איז נאָך אינעווייניג.

נאָר מאָדנע: דאָס קינד, וואָס איז נאָך אינעווייניג, רייסט זיך אינדרויסן. דעם אמת געזאָגט, וויל אַ קינד נישט זיין קיין קינד. אַ קינד וויל זיין אַ גרויסער. אַ אינגעלע איז מקנא זיין עלטערן ברודער, אַ מיידעלע איז מקנא איר עלטערער שוועסטער. ווען וועט זי שוין

אָנטאָן אַ לאַנג קלייד און מעגן פאַרבן די נעגל און די ליפּן, טראַכט אומגעדולדיג דאָס קליינע ווייבעלע, און דאָס קליין מאַנעלע אין קורצע הייזקעס קען זיך ניט דערוואַרטן אויפ׳ן טאָג ווען ער וועט שוין טראָגן לאַנגע הויזן און רויכערן אַ סיגאַרעט. ביידע זיינען יעדן אָוונט אייך גרייט אָפּצוגעבן די גאַנצע קינדהייט פאַר קענען אויפזיין אַ שעה שפּעטער.

און ווידער צוריק: אַ גרויסער מיט אַ קינדישן שכל — צי קען גאָר זיין אַ גרעסערער אומגליק ?

קיינער וויל ניט זיין קיין קינד, און דאָך אַלע שעצן די קינדהייט ווי דאָס טייערסטע : ווי־זשע זאָל מען דאָס פאַרשטיין ?

מוז מען זאָגן, אַז אַ מיסטעריע איז די קינדהייט, אַ מיסטעריע וואָס ליגט ניט אין די קינדישע יאָרן, ניט אין דעם קינדישן שכל, נאָר אינגאַנצן אין עפּעס אַנדערש, נאָר וואו און אין וואָס ?

גרויסע פעלקער האָבן געאַנט, אָבער ניט געקענט קלאָר אויס־דריקן. „מפּי עוללים ויונקים יסדת עוז״, זאָגט דער בעל התהלים, פון דעם מויל פון עופ׳עלעך און זויגלינגען רעדט אַרויס גאָט׳ס קראַפט. וואָס זאָל דאָס ריכטיג באַדייטן ? ביי אידן פלעגט מען אַמאָל זאָגן, און אפשר וואו ניט וואו זאָגט מען נאָך היינט אויך, ווען אַ קינד פלעגט שמייכלען אין שלאָף, אַז מלאכים שפּילן זיך דערמיט.

די אַלטע גריכן האָבן אויך געפּרוואווט דורכדרינגען די מיסטעריע פון קינדהייט : פונוואַנען נעמט זיך די קינדערישע גליקזעליגקייט און די קינדישע חכמה ? די פּלאַטאָניקער האָבן געלערנט, אַז די קינדער שטייען נאָך נאָענט צו דער פולקאָמענער וועלט פון אידייען, פון וועלכע זייערע נשמות זיינען געקומען, און זיי געדענקען נאָך וואָס זיי האָבן דאָרט געזען . . .

און די גמרא לערנט אונז, אַז איידער אַ קינד גייט אַרויס פון דער מאַמע׳ס בויך, קומט צו אים אַ מלאך און לערנט אים אויס כל התורה כולה, נאָר אויף דער שוועל פון געבוירן ווערן גיט אים דער מלאך אַ שנעל אונטער דער נאָז און ער פאַרגעסט וואָס ער האָט געלערנט. . . .

קינדער און מלאכים מישן זיך צוזאַמען אין דער פאַנטאַזיע פון אַ סך פעלקער.

כאָטש עס קומט צוגיין דער שאַרפזעער דאָסטאָיעווסקי און זאָגט,

אַז אַ קינד איינס אַליין איז אַ מלאך, אַ סך קינדער אינאיינעם זיינען טייוואָלים.

אַ מיסטעריע איז די קינדערישע נשמה.

וואָלטן עלטערן, על פּי שכל, געדאַרפט אַריינקוקן אין די נשמות פון זייערע קליינע קינדער אַ סך מער ווי זיי טוען עס. זיך אָפּגעבן מיט זיי ניט ווייניגער ווי מיט זייער גוף. טאָג־טעגליך וועגן און מעסטן זייערע קערפּערלעך — גוט אַזוי, דאָס דאַרף מען אַוודאי. נעמען בילדעלעך פון זיי אַלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג — רעכט אַזוי. צו צוואָנציג יאָר זעט מען ווי דאָס קינד האָט אויסגעקוקט ווען ס׳איז פינף יאָר אַלט געווען — ס׳איז אינטערעסאַנט. אָבער וואָס דאָס קינד האָט געפּלאַפּלט צו דריי־פיר יאָר און וועלכע חכמות און חכמה׳לעך עס האָט געזאָגט צו פיר און פינף און זעקס — דאָס איז אויף אייביג פאַרגעסן.

און דאָרט איז דאָך געלעגן די קינדערשע נשמה און איר גע־היימניס . . .

ווען עלטערן האָבן דעם פאַרשטאַנד און פאַרשרייבן זייער קליין קינד׳ס זאָגעכצן און ריידעלעך, זיינע אומגעריכטע איינפאַלן און שפּיצלעך, זיינע ערנסטע פירעכצן אַזוי ווי זיינע אינגלישקייטן און שקאָצערייען, פּשוט פירן אַ טאָגבוך דערפון, וואָס פאַר אַן אוצר דאָס וואָלט געווען שפּעטער צו זיין בר־מצווה, ביי זיין חתן ווערן און ביי אַלע ווייטערדיגע מדרגות פון לעבן . . .

מ׳וואָלט געקענט אַפילו אַנען פאָראויס זיין צוקונפט און זיין גע־שטאַלט, לויט דעם באַרימטן זאָג פון יענעם ענגלישן דיכטער, אַז „דאָס קינד איז דער פאָטער פון דעם מאַן".

נון, קומען מיר צוריק צו יאַנקעלע׳ן. יאַנקעלע איז אויסגעוואָקסן אויף מיינע אויגן, אַביסל אַפילו אויף מיינע הענט, און איך ווייס אַ סך פון זיין לעבן, און ווען איך בין געזעסן און האָב געהערט זיין בר־מצווה דרשה און האָב געזען ווי לומדים־גאונים ווערן נתפּעל פון זיין חריפות׳דיגן גמרא־פּלפּול — האָב איך געזען ניט נאָר יאַנקעלע׳ן, נאָר הונדערט דורות אידישע קינדער; און האָב געהערט ניט נאָר זיין דרשה, נאָר דעם טיפן פאַרשטאַנד פון אידישער דערציאונג בכלל, דעם אייגנאַרטיגן דרך פון אידישן חינוך, וואָס איז אַנדערש פון דעם

דרך פון אַלע פעלקער, אַנדערש און אמת׳דיגער. אונזערע משכילים און מאָדערנע דערציער האָבן ניט ליב געהאַט דעם חדר, האָבן זיי ניט דערשאַצט זיין ווערט און ניט באַנומען זיין אייגענע פילאָזאָפיע פון דערציאונג, וואָס איז באמת ראוי צו ווערן די דערציאונג פון אַלע פעלקער, און וואָס איר ערשטער גרונט־פּרינציפּ איז, אַז קינדער ווילן זיין גרויסע.

קינדער קומען אויף דער וועלט און פאַלן אַריין אין זייער סביבה, און פון די מאַטעריאַלן וואָס זיי געפינען אין זייער סביבה מאָדעלירן זיי אויס זייער אייגן וועלטעלע, יעדערער לויט די כחות און אַנונגען וואָס עס האָט מיטגעבראַכט פון דעם געהיימען אורקוואַל פון נשמות.

יאַנקעלע האָט זיך גענומען מאָדעלירן נאָך גאָר־גאָר קליינערהייט, ווען ער איז נאָך קיין דריי יאָר ניט אַלט געווען. די חכמים זאָגן: „כל שיראת הטאו קודמת לחכמתו", דער וואָס איז „פרימער ווי קליגער", וועט זיין קלוגשאַפט האָבן אַ האַפט, און דער וואָס איז „קליגער ווי פרימער" וועט זיין קלוגשאַפט קיין האַפט ניט האָבן. און יאַנקעלע האָט אויסגעקליבן פאַר זיך די ריכטיגע העלפט פון דער דאָזיגער תורה: נאָך איידער ער האָט אַ לעק געטאָן פון חכמה איז ער שוין געווען פול מיט יראה. מיט וועלכן חוש האָט ער עס געטאָן? האָט ער עס געדענקט פון דעם מלאכ׳ס תורה? ער האָט נאָך ניט געקענט קיין צורה פון קיין אלף און קיין בית, און האָט שוין געדאַוונט. ער פלעגט זיך שטעלן אין אַ ווינקעלע און זיך שאָקלען פאַר׳דביק׳עט. דער טאַטע איז אַ טרוקענער מתנגד, און יאַנקעלע איז שוין צו דריי און פיר יאָר געווען אַ ברענענדיגער חסיד׳ל. הפּנים ווייל דער זיידע איז אַ חסיד. ער פלעגט צוזאַמענעמען די פיסלעך און שטיין שמונה־עשרה לענגער פון טאַטן. אַמאָל פלעגט ער אַראָפּנעמען אַ טישטוך פון טיש, אָדער פאַקן דער מאַמע׳ס אַ טיכל, זיך איינוויקלען ווי אין אַ טלית און זיך אַוועקשטעלן אין אַ הייליגן ציטער. געזאָגט האָט ער גאָרניט, ווייל ער האָט נאָך, נעבעך, ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן, אָבער דער פחד פון יראת שמים איז שוין אין אים געווען.

און געקוקט האָט ער מענטשן שטענדיג אין מויל אַריין: געהיט טאָמער מאַכט אימיצער אַ ברכה, וועט ער זאָגן „אמן", און ער איז געווען אייפערזיכטיג ווען אימיצער אַנדערש פלעגט אויך זאָגן „אמן":

דער גאַנצער „אמן" האָט געדאַרפט זיין זיינער אַליין. און אַז ער אַליין פלעגט מאַכן אַ ברכה, אויף ברויט צי אויף וואַסער, צי אויף דונער און בליץ, פלעגט ער אונטערטראָגן דאָס מיילכל צו אַנדערע: מזכה צו זיין אַנדערע מיט זאָגן „אמן".

זיין גאַנץ קינדיש וועלטעלע איז געשטאַנען אויף „ברוך הוא וברוך שמו" און „אמן". און ער האָט געבענקט: ווען וועט ער שוין זיין גרויס גענוג צו קענען אַליין דערלאַנגען די מזוזה.

און אָט איז יאַנקעלע דריי יאָר אַלט געוואָרן און מ'האָט אים גענומען לערנען אַן אַלף און אַ בית.

וועגן הרב קוק ז"ל ווערט דערציילט, אַז ווען מ'האָט אים צו פיר יאָר געבראַכט אין חדר אַריין און דער רבי האָט אַוועקגעלעגט פאַר אים אַ סידור, האָט דער צוקונפטיגער גאון געזאָגט, אַז ער וויל ניט לערנען פון אַזאַ סידור. האָט מען אים געפרעגט פון וואָס פאַראַ סידור וויל ער לערנען, איז ער אַוועקגעלאָפן אַהיים און האָט געבראַכט צושלעפּן אַ גרויסע גמרא און געזאָגט: אָט פון דעם סידור וויל איך לערנען . . .

געַנוי דאָסזעלבע איז געווען מיט יאַנקעלע'ן. יאַנקעלע האָט ניט געוואָלט לערנען זיין אַלף־בית סיידן נאָר פון אַ גמרא. ער פלעגט אַרויסשלעפּן דעם טאַטנ'ס אַ גמרא און זיך אַנידערזעצן אויף שעה'ן לאַנג זאָגן די אותיות פון דעם גרויסן ספר פון ערשטן דף ביז'ן לעצטן דף. און אַזוי אַרום האָט ער אויסגעלערנט ניט נאָר דעם אַלף־בית, נאָר דעם נאָמען פון דער גמרא ביז ער האָט געקענט די נעמען פון אַלע גמרא'ס. אַז מ'פלעגט אים זאָגן, למשל: ברענג מסכתא שבת, אָדער בבא מציעא, פלעגט ער גיין און ברענגען די ריכטיגע מסכתא. מיט וועלכן חוש ער האָט געוואוסט, בלייבט אַ סוד ביז היינטיגן טאָג. נאָר מ'קען זאָגן, אַז יאַנקעלע איז דאָס ערשטע מאָל דורכגעגאַנגען ש"ס מיט'ן אלף־בית אַליין . . .

וואָס איז עס געווען וואָס האָט געמאַכט אַ אינגעלע, וואָס איז שפּעטער געוואָרן דער גרויסער גאון הרב קוק, ער זאָל אָפּשאַרן דעם קליינעם סידור און אויסציען זיינע הענטלעך צום גרויסן פאָליאַנט פון אַ גמרא? און דאָס אייגענע ביי אונזער יאַנקעלע'ן? ס'איז געווען יענער געהיימניספולער טריב פון קינדער צו אַנטלויפן פון דער קינד־

הייט, צו זיין גלייך מיט די גרויסע . . . ס׳איז געווען דער אמת פון ערשטן יסוד פון דער אַלטער אידישער דערציאונג.

אָדער אפשר זאָלן מיר זאָגן, אַז דערפאַר האָט יאַנקעלע׳ן אַזוי געצויגן צו דער גמרא, ווייל דער מלאך וואָס האָט געלערנט יאַנקעלע׳ן תורה ביי דער מאַמען אין בויך, איז געווען אַזאַ גוטער גמרא־מלמד, אַז ער האָט שוין יאַנקעלען אויף אייביג צוגעשמידט צו דער גמרא?

און דאָ איז פאַראַן נאָך עפּעס באַזונדערס אָפּצוצייכענען: מיר „ווייסן״, אַז אַלע קינדער, ווען זיי קריגן דעם שנעל אונטער׳ן נעזל, פאַרגעסן זיי וואָס זיי האָבן דאָרט געלערנט, נאָר יאַנקעלע האָט ניט פאַרגעסן. צי ס׳איז געווען אַ באַזונדער חסד פון דעם מלאך, צי יאַנקעלע האָט דעם מלאך איבערגעקליגלט, נאָר יאַנקעלע געדענקט אַלץ. אַ סימן: ער קען זאַכן וואָס ער האָט אין חדר גאָרניט געלערנט. אַזוי, למשל, אין דער ישיבה איז יאַנקעלע גלייך אַריבערגעשפּרונגען די כיתות פון חומש. ער איז מיט איין שפּרונג אַריין אין די כיתות פון גמרא. דאָך שווימט ער גרינג אין תורה אַזוי ווי אַ פישעלע אין וואַסער. פונוואַנען? פון וועמען? און ער קען אויסווייניג גאַנצע כרכים מיט מדרשים, און פולע ספרים מיט אגדתא׳ס. און ער קען די זאַכן בעל פּה גאָר אָן אָנשטרענגונג, אָן פלייסן זיך, אָן חזר׳ן. עס איז גלייך ווי ער דאַרף זיך נאָר אָנרירן אין אַ ספר און שוין גייט עס אים אַריין אין די געדערים. ער איז צומאָל גאָרניט באַוואוסט אין זיך אַז ער באַהערשט עס בעל פּה, נאָר גיט אים אַ פרעג, און עס הויבט זיך אָן „זאָגן״ אַליין. אַלץ וואָס יאַנקעלע קען איז ניט ווי ער וואָלט עס געדאַרפט לערנען, נאָר בלויז זיך דערמאָנען, זיך דער־מאָנען פון „ערגעץ אַנדערש״, פון עפּעס אַ פאָר־עקזיסטענץ.

און מיינט ניט אַז יאַנקעלע איז נאָר ווי אַ שוואָם, אַ „ספוג שסופג את הכל״, אַ „בור סיד שאינו מאבד טפה״ אָדער נאָר אַ „מהיר לשמוע און קשה לאבד״ניק. ער איז טאַקע דאָס אַלץ אינאיינעם. נאָר ער האָט אַן אייגן, שאַרף, דורכדרינגליך, זעלבסטשטענדיג קעפּל. ער האָט עס באַוויזן פון קלענסטן קליינוויין אָן.

ס׳איז געווען דעם ערשטן טאָג וואָס יאַנקעלע איז אָנגעקומען אין קינדערגאָרטן. ס׳איז געווען אַ העברעאישער קינדערגאָרטן פון אַ ישיבה. די באָבע נחה האָט אים אַהין געבראַכט. אַריבערגעטראָטן

די שוועל, האָט שוין געדאַרפט גילטן עברית. גיט אים די באָבע אַ גלאָז מילך און זאָגט צו אים: זה חלב. יאַנקעלע נעמט טרינקען און שטעלט זיך אָפּ און פרעגט: „וואָס, זאָגסטו, איז עס?" „חלב", ענטפערט די באָבע. „ניין", דרייט יאַנקעלע דאָס קעפּעלע, ס'איז מילך, „איט טעיסטס דזשאָסט לאַיק מילק" . . .

יאַנקעלע וועט זיך נישט לאָזן נאַרן . . .

יאַנקעלע'ס קעפּעלע האָט שטענדיג געאַרבעט, שטענדיג זיך גע־גריבלט אין ספרים. און צו זעקס־זיבן יאָר האָט שוין יאַנקעלע היבש געקענט פּירוש המלות.

איינמאָל אַ פּסח'דיגן טאָג פאַרנאַכט זיינען מיר געזעסן אַ געזעמל אין הויז פון זיין זיידן, אַ רב. יאַנקעלע'ס טאַטע איז אויך אַ רב. געזעסן נאָך אַנדערע תלמידי חכמים. פּלוצלונג לויפט אַריין יאַנקעלע אַ פאַרשמייעטער, אַ פאַרסאָפּעטער, אַ צעהיצטער, מיט אַ סידור אין האַנט און לויפט־צו צום זיידן, פון זיידן צום טאַטן און שרייט: „זיידע! איט'ס עי קרעיזי ברכה!", איך האָבן געפונען אין סידור „עי קרעיזי ברכה!" (אַ „משונה'דיגע ברכה", רחמנא ליצלן, הייסט עס): „נאַט זעט!" — און ער שטופּט דעם זיידן, דעם טאַטן, דעם סידור אין פּנים אַריין.

נעמט דער זיידע, נעמט דער טאַטע פון יאַנקעלע'ן דעם סידור צו זען וואָס איז עס פאַראַ ברכה וואָס האָט אַרויסגערופן אַזאַ שטורם אין אים, ערשט ס'איז דער „שלא עשני אשה" — וואָס דו האָסט מיך ניט באַשאַפן קיין פרוי . . .

און יאַנקעלע הערט ניט אויף זיך צו היצן: אַלע ברכות דאַרט געפעלן אים, און די ברכה אויף ברויט און אויף וואַסער קען ער אויך פאַרשטיין, אָבער אָט די „קרעיזי ברכה"?!

נעמט דער טאַטע יאַנקעלע'ן אויפ'ן שויס און באַרוהיגט אים און זאָגט: שאַ, שטיל, היץ זיך ניט אַזוי, איך וועל דיר דערקלערן . . . און ער זאָגט צו אים: זאָג מיר נאָר אָקאָרשט, יאַנקעלע, וואָלסטו געוואָלט זיין אַ מיידל?

פאַרוואַרפט זיך יאַנקעלע הענט און פיס, ווי געוויינליך אַ אינגל ביי אַזאַ פראַגע, און ער זאָגט: איך — אַ מיידל? ג־ט זאָל היטן!...

— נון, אָט וועגן דעם איז די ברכה . . . — האָט דער טאַטע אים מבאר געווען. דאָס, פאַרשטייט זיך, איז ניט דער אמת׳ער טעם פון דער ברכה, נאָר צו יאַנקעלע׳ן איז עס געווען צוגעטראָפן. יאַנקעלע האָט זיך באַרואיגט און איז אַוועקגעלאָפן צוריק צו זיינע גריבלערייען.

אין לערנען האָט יאַנקעלע זיין אייגענע שיטה. ער לערנט ניט, ער שלינגט. ער האָט ניט ליב דעם בהדרגה׳דיגן גאַנג פון אַ קלאַס, פון אַ כיתה. אַז די תלמידים קריגן אַריין פרישע ספרים, האָט יאַנקעלע ניט קיין געדולד ביז דער רבי וועט צוקריכן מיט׳ן קלאַס צום אַנדערן טאָוול: ער מוז גלייך אַריינפּאַקן דעם גאַנצן ספר. איינמאָל קומט ער אַהיים און זאָגט: מאַמע, היינט אין ישיבה האָב איך געקראָגן נייע ספרים, וועל איך היינט מתפלל זיין איך זאָל ווערן קראַנק אַביסל, וועל איך דערווייל אין בעט דורכגיין די נייע ספרים...

צו זיינע זיבן־אַכט יאָר האָט שוין יאַנקעלע געוואוסט אַז ער טראָגט אַ חלק אחריות פאַר דער וועלט. ער האָט געלערנט, אַז אויף דריי זאַכן שטייט די וועלט: אויף תורה, עבודה און גמילות חסדים. תורה מיינט מען: לערנען, עבודה: דאַווענען, און גמילות חסדים איז — גמילות חסדים. די אַלע דריי זאַכן האָט יאַנקעלע זיך געסטאַרעט ממלא צו זיין מיט אַלע כחות, און נאָך איבער די כחות, וואָרים ער האָט גוט געוואוסט, אַז ווען ער לערנט תורה און דאַוונט און גיט אַן אָרימאַן אַ נדבה, העלפט ער אויפהאַלטן די וועלט, און ווען ער זאָל חלילה אַמאָל צוריקפאַלן, ווער ווייס וואָס עס קען ווערן פון דער וועלט, און פון ברוקלין, וואו ער וואוינט. . . .

נון, טרעפט איינמאָל און יאַנקעלע פאַרשטיפט זיך אין גאַס און פאַרגעסט גאָר אינגאַנצן אַז ס׳איז שוין צייט צו דאַוונען מנחה. ער האָט געשפּילט בייסבאָל מיט חברים, און ווען אינגלעך שפּילן בייסבאָל מיינען זיי, אַז אויף בייסבאָל שטייט גאָר די וועלט. קומט אַרויס דער זיידע און דערמאָנט יאַנקעלע׳ן אַז ס׳איז צייט צו דער עבודה, מנחה דאַוונען. זאָגט יאַנקעלע: באַלד. אָבער עס גייט אַריבער עטליכע מאָל באַלד, און יאַנקעלע איז ניטאָ: דער יצר הרע פון שפּיל האָט זיך גאָרניט אויף קיין קאַטאָוועס געשטאַרקט איבער אים . . . איז דער זיידע שוין אַרויס מיט שטרענגקייט. נון, האָט שוין יאַנקעלע געמוזט גיין, אָבער ער איז געגאַנגען זייער אַן אומצופרידענער, און אויפ׳ן

וועג גיט ער אַ קרעכץ: אוי, הלוואי וואָלט די וועלט געשטאַנען בלויז אויף צוויי זאַכן . . .

נאָר יאַנקעלע האָט שטענדיג געוואוסט אַז ניט נאָר אויף זיינע אייגענע מצוות און מעשים טובים האַלט זיך די וועלט, נאָר אויף זיינע ברידערלעכ׳ס אויך. האָט ער געפילט אַז ער, ווי דער עלטסטער, דאַרף אויף זיי אַכטונג געבן. אַז אַ קליין ברודערל האָט איינ־מאָל אום שבת אַ שפּיל געטאָן די פּיאַנאָ, האָט יאַנקעלע אים גע־וואָרנט: „השם וויל קאָם דאַון״, דער אויבערשטער וועט אַרונטער־קומען, „ענד קיק יו אין די פּענטס״. . . .

איינמאָל האָט אַ ברודערל זיך אַרויסגעכאַפּט מיט עפּעס אַן אומ־פריינדליכן וואָרט וועגן אַ שכן, דעם טאַטנ׳ס אַ חבר. „מ׳טאָר ניט ריידן קיין בייז אויף מענשן״, האָט יאַנקעלע זיך צעבייזערט. „יענער הערט דאָך ניט״, האָט דער פאַרזינדיגטער זיך פאַרענטפערט. „ס׳איז קיין חילוק ניט, צי ער הערט, צי ניט״ — האָט שוין יאַנקעלע גענומען קנעלן מיט אַ ווייכן טאָן — סע שטייט „לא תקלל חרש״, זאָלסט ניט שעלטן קיין טויבן; מיינט ניט דער פּסוק נאָר אַ טויבן ממש, נאָר איינעם וואָס קען ניט הערן צוליב ווייטקייט אויך.

איינמאָל איז יאַנקעלע אַוועקגעפאָרן אויפ׳ן דאָרף, און אין דערהיים איז געבליבן אַ ברודערל קראַנק. האָט יאַנקעלע ניט אויסגעלאָזט קיין טאָג אָן א בריוול צום חולה. אין די בריוולעך האָט ער דאָס ברודערל מעורר געווען, אַז ער זאָל צוליב זיין צושטאַנד, חלילה, ניט דורכלאָזן קיין דאַוונען, נאָר אדרבא, ער זאָל דאַוונען נאָך מיט מער כוונה ווי געוויינליך, און דער עיקר שטאַרק מכוון זיין ביי דער ברכה „רפאנו השם ונרפא״. „אַז דו וועסט צוליב׳ן דאַוונען גובר זיין די קראַנקהייט, וועט דאָך די קראַנקהייט שוין במילא זיין געבראָכן״, האָט ער אים אויפגעקלערט.

איינמאָל ערב יום כפּור טעלעפאָניר איך צו יאַנקעלע׳ן אין הויז. דער פּאָטער איז ניטאָ און יאַנקעלע ענטפערט דעם טעלעפאָן. דער־הערט ס׳איז איך, מאַכט ער: מר. ליבערמאַן, איך וויל אייך פרעגן אַ קשיא. אדרבא, פרעג. איך דאַרף באַלד שלאָגן כפּרות, זאָגט ער, און אין דער תפילה וועל איך זאָגן „זה התרנגול ילך למיתה״ דאָס הענדל וועט גיין צום טויט און איך זאָל גיין „לחיים טובים ולשלום״. פרעג

איך אייך: וואָס איז דאָס הענדעלע שולדיג? פאַרוואָס זאָל עס שטאַרבן ווייל איך וויל לעבן? . . . און איך הער אין טעלעפאָן ווי ער כליפעט זיך דאָרט פאַנאַנדער. . . .

וואָרים יאַנקעלע האָט טאַקע אַן אייזערן קעפל, אָבער דאָס הערצל איז ווייך ווי וואַקס.

יע, יאַנקעלע איז ניט נאָר צו גאָט, נאָר אויך צו לייט און צו ג־ט׳ס אַלע באַשעפענישן. ער וועט קיין פליג אויף דער וואַנט ניט טשעפּען. ער איז איידל צו מענטשן און גוט צו חברים. ער איז שטענדיג גרייט אָוועקצוגעבן וואָס ער האָט. יע, אַ גרויסער בעל צדקה איז יאַנקעלע. ווען די מאַמע גיט אים עטליכע סענט ער זאָל זיך גיין קויפן זיסקייטן צי וואָס, און אויב נאָכ׳ן איינהאַנדלען בלייבט אים עפּעס אויסגאָב, וועט ער דעם אויסגאָב קיינמאָל ניט ברענגען אַהיים. ער וועט זיך אומקוקן נאָך אַ צדקה־פּושקעלע, וואָס געפינט זיך געווײנליך דערביי און אַריינוואַרפן. און אין דער היים האָט ער אַן אייגענע פּושקע. דאָרט קלייבט ער אַ גאַנץ יאָר פאַר צוויי נדבות: מעות חטים ערב פּסח און די קערות אין שול ערב יום כפּור. אין זיין ביסל יאָרן האָט ער שוין געקראָגן די דערפאַרונג, אַז ווען מ׳גיט אויף מעות חטים, למשל, מיט איינמאָל ערב פּסח, גיט מען געוויינליך ניט אַזוי פיל ווי ווען מ׳קלייבט ביסלעכווייז אַ גאַנץ יאָר. און אַזוי באַ׳גזל׳ט מען די אָרימעלייט. גיט ער אַ גאַנץ יאָר. טאָג־איין, טאָג־אויס וואַרפט ער עפּעס אַריין אין זיין אייגן פּושקעלע.

אָט אַזוי וואַקסט אַ אידיש אינגעלע אין אַ אידישן הויז. וואַקסט און וואַקסט, און אָט איז ער געוואָרן בר־מצווה! פון דעם אינגעלע איז געוואָרן אַ אידעלע.

און איך זיץ ביי דער שיינער סעודה און איך שטוין פון די גרויסע און באַרימטע פּערזענליכקייטן וואָס זיינען געקומען מקבל פּנים זיין יאַנקעלע׳ן אין כלל ישראל: אָט איז דער גאון הרב אליעזר סילווער, געקומען צו פליען עקסטראַ פון סינסינעטי. נעבן אים זיצט דער גאון ר׳ יעקב קאַמענעצקי, הרב פּנחס טייץ, הרב אברהם יצחק פּייוול־זאָן, הרב ר׳ אהרן סאָלאָווייטשיק, הרב יודל גרשוני, הרב שמואל וואלקין, הרב אפרים אשרי, הרב ישראל שורין, הרב שמחה עלבערג, ר׳ בנימין מינץ, וויצע־ספּיקער פון כנסת, פון ישראל; הרב מרדכי

קירשבלום, הרב צבי טאַבאָרי, און נאָך און נאָך, אַלץ לכבוד דעם נייעם אידעלע יאַנקעלע׳ן. און דאָס אַלץ זעט מיר אויס אַזוי ווי ווען מען ברענגט אַריין אַ נייע ספר תורה אין אַ שול: די אַלטע ספרי תורה קומען אַרויס אַנטקעגן מקבל פנים צו זיין די נייע.

וואָרים וואָס וויל דען די תורה? די תורה וויל אַז דער איד אַליין זאָל ווערן אַ תורה...

און וואָס מער איך קוק, אַלץ מער פאַרכאַפּט ווער איך פון די פאַרשידנאַרטיגע פּנים׳ער פון די אַנוועזנדע: אָט איז דער מאַנאַ־סטרישטשער רבי, הרב יואל יצחק ראַבינאָוויץ, הרב יצחק סטאַלמאַן, הרב ישראל גוסטמאַן, פון די נאַצישע נעגל אַן אַרויסגעריסענער, הרב אברהם שמעון גפן, פּראָפעסאָר ש. ק. מירסקי, דר. שמואל סאָלאָ־ווייטשיק, דר. יעקב האַרטשטיין, הרב שניאור קאַטלער, הרב דוד ליפשיץ, הרב ניסן גאָרדאָן, הרב שמעון מאָרדוכאָוויץ, הרב אהרן ישעיה שפּיראָ, הרב זאב סיגעל, הרב דוד טאַבענקין, הרב סתם, הרב צבי דוב האַנאָטאָפּסקי, הרב יששכר פרענקל, הרב אהרן קרייזער, הרב צבי זאב שורין, הרב יהודה צוויק, הרב מרדכי בערקאָוויץ, הרב דניאל פּייקעס, הרב אהרן פּעטשעניק — אַ גאַנצער סנהדרין גדולה! רבנים, רבי׳ס, צדיקים און קדושים . . .

און אָט איז אַ טיש מיט שריפטשטעלער: דר. הלל זיידמאַן, ב. שעפנער, י. מעצקער, שאול ספּיר, יהודה יואל דויטש — תורה און חכמה במקום אחד!

און ווער עס האָט דעם ריכטיגן חוש יענער האָט געוואוסט בחוש, אַז דאָס זיינען נאָך ניט אַלע, נאָר נאָך אַן „אַנוועזנהייט" איז דאָ געווען און האָט געשוועבט אין דעם זאַל: למשל, דער עלטער־זיידע, דער גאון רבי אבא׳לי, מחבר פון „אהבת איתן" אויף משניות, און דער עלטער־עלטער־זיידע דער רשכבה״ג רבי אבא חסיד מקקראז, אויף וועלכן דער „שם הגדולים" שרייבט, אַז דער ווילנער גאון איז געפאָרן צו אים „להתבשם מתורתו ומחכמתו"! . . . שיקט זיך אַז זיי זאָלן ניט קומען מקבל פנים זיין יאַנקעלע׳ן, די נייע ספר תורה?

און אָט שטעלט זיך אויף יאַנקעלע און זאָגט זיין בר־מצווה דרשה. זיין דרשה האַלט ער אין אידיש. ער האָט זי פּונקט אַזוי גוט געקענט זאָגן אין עברית אָדער ענגליש. ער הויבט אָן: „די גמרא זאָגט: „מי

שאין לו זרוע פטור מן התפילין", אַז איינער האָט ניט קיין האַנט איז ער פטור פון תפילין. פרעגט דער שאגת אריה אַ חקירה: וואָס מיינט פּטור מן התפילין? צי דאָס מיינט פטור בלויז פון של יד, דאָס הייסט, ער דאַרף ניט לעגן דעם של יד אויף דער רעכטער האַנט, אָבער אין של ראש איז ער מחויב, אָדער דאָס מיינט פטור אינגאַנצן פון תפילין, אַפילו פון של ראש אויך"? און עס גייט אַוועק אַ לאַנגער שאַרפער פלפול פון איבער אַ האַלבער שעה. יאַנקעלע פליט אויף די פליגל פון מחשבה. אַט לאָזט ער זיך אַראָפּ נידעריג און אַט איז ער שוין אין די וואָלקנס, און אַן עדה לומדים גייען אים נאָך מיט פאַרכאַפּטע אָטעמס. אַן עולם אידן האָט זיך אויסגעטאָן פון דער וועלט מיט אירע דאגות: וועמען גייט איצט אָן דער קאַלטער קריג, דער קאַמף צווישן מזרח און מערב, אָדער דער אויסגלייך צווישן אייזענ־האַוער און כרושטשעוו: עולם איז פאַרטאָן אין דעם „הייסן קריג" וועגן תפילין מיט אַ האַנט און אָן אַ האַנט, און וויל זען ווי יאַנקעלע גלייכט אויס דעם שאגת אריה מיט דער גמרא! און ב"ה, ער איז מצליח. ניטאָ קיין סתירה. תורת השם תמימה, דאָ הערשט אייביגער שלום, אייביגע האַרמאָניע. מ'דאַרף זיך נאָר קענען דערגרונטעוועו . . .

זע איך און איך הער און טראַכט בשעת מעשה: אַט דאָ ליגט דער אידישער כח, און דאָ איז אייביג געלעגן דער כח וואָס האָט דעם אידן דערהאַלטן אין אַלע גלותן: דער כח זיך אַריבערצוהויבן איבער דער ווירקליכקייט און זיך אַוועקטראָגן אין געדאַנקען און פּראָבלעמען גאָר פון אַנדערע וועלטן און אַנדערע ווערטן. ס'איז דער כח פון ביטול היש און התרוממות הנפש . . .

און ווייטער טראַכט איך: וואָס וואָלט געווען ווען דאָ זיצט אַצינד אַ מאָדערנער משכיל'ישער פּעדאַגאָג און זעט ווי אַ דרייצן יעריג קינד ווערט באַלאָדן מיט אַזאַ שווערן פּלפול איבער אַזאַ שווערן ענין; וואָס וואָלט ער געזאָגט? ער וואָלט געשריען: ס'איז ניט פּעדאַגאָגיש, ס'איז ניט מאָדערן, ס'איז ניט אַלאַ פרעבעל און פּעסטאַלאָצי.

ענטפער איך ביי מיר אין געדאַנק מיין אויסגעטראַכטן משכיל און זאָג צו אים: שוטה איינער! ס'איז ניט מאָדערן? ס'איז ניט פּעדאַגאָגיש? ס'איז אָבער אידיש! דו זעסט דאָ דעם צווייטן פּרינציפּ פון דעם טראַדיציאָנעלן אידישן חינוך. דער אַלטער אידישער חינוך

אַנערקענט ניט קיין צווייטנדיגע וועלט, אַ וועלט פון קינדער און אַ וועלט פון אַלטע. ס'איז דאָ נאָר איין וועלט פאַר יידן. ביי די אומות העולם איז ניט אַזוי. ביי די אומות העולם פאַבריצירט מען פאַרן קינד אַ פאַנטאַסטישע וועלט. מ'הויבט מיט אים אָן: אַ קעצעלע, אַ מייזעלע. אַז ער ווערט עלטער, ווערט עס — אַ קאַץ, אַ מויז. נאָך עלטער, ווערט עס שוין אַ קאָטער און אַ ראַץ. דער אידישער דרך איז גאָר אַנדערש: דאָ הויבט מען אָן מיט'ן העכסטן פון העכסטן, מיט „בראשית ברא אלקים" . . . דאָ ווייס מען ניט פון צוויי וועלטן. . . . דאָס קינד דאַוונט פון דעם אייגענעם סידור און מחזור ווי דער טאַטע. דאָס קלענסטע אינגל און דער גרעסטער גאון לערנען דיזעלבע תורה, די־זעלבע חומש מיט רש"י און דיזעלבע גמרא מיט תוספות. זייער קינדיש לעבן פירן די קינדער צווישן זיך אַליין, אין חדר און ישיבה ווערן זיי אַריינגענומען ווי גלייכע אין דער וועלט פון די גרויסע. וואָס, ווי מיר האָבן שוין געזען, איז דער ערשטער פרינציפּ פון אידישן חינוך: קינדער ווילן זיין גרויסע. און דער בעסטער באַווייז אויף דעם אמת פון די דאָזיגע פרינציפּן איז — יאַנקעלע, און אַלע דורות פון גאונים און לומדים וואָס זיינען אויף זיי דערצויגן געוואָרן.

בלייבט נאָך צו פרעגן: נו, און וואָס איז מכח ענגליש און די וועלטליכע לימודים פון געשיכטע, וויסנשאַפט, ליטעראַטור? וויל איך פאַרזיכערן, אַז יאַנקעלע איז גלענצנד אין אַלע פון זיי, נאָר זיין חיות שעפּט ער פון די אידישע מקורות. דער באַרימטער ענגלישער פּאָעט, מאָלער, און מיסטיקער (באַרימט אין די אַלע דריי געביטן) וויליאַם בלעיק, שרייבט אין איין אָרט:

The atoms of Democritus
And Newton's particles of light
Are sands upon the Red Sea shore
Where Israel's tents do shine so bright . . .

דאָס הייסט, אַז די גאַנצע פילאָזאָפיע און די גאַנצע וויסנשאַפט זיינען נאָר זעמדעלעך אויפ'ן ברעג פון אידישן ים. אין אידישקייט ליגט דער אמת'ער זין פון דער וועלט. אַזוי דענקט בלעיק.

און יאַנקעלע האַלט הפנים מיט בלעיק'ן.

מ'קען דאָס איבערזאָגן אַן ערך אַזוי: די סקול גיט וויסן, די ישיבה גיט תורה; די וויסנשאַפט גיט געצייג, די תורה גיט פליגל . . .

און אַזוי זעען מיר, אַז אין אַמעריקע קען אויך זיין אַ יאַנקעלע, אַ יאַנקעלע אַזוי ווי אונזערע גרויסע טאַטעס און זיידעס זיינען געווען. ווען אליהו הנביא איז נאָר אין שטוב...

און טאָמער וועט איר מיינען אַז יאַנקעלע איז ביי מיר אַן אויס־געטראַכט אינגעלע, קען איך אייך געבן זיין אַדרעס און אפילו זיין יחוס :

יאַנקעלע איז אַ תלמיד אין מתיבתא רבינו יעקב יוסף און ישיבה תורה ודעת, ער איז דער בכור פון דעם תלמיד־חכם און שריפטשטע־לער, מיטאַרבעטער פון „פאָרווערטס״, הרב אהרן בן־ציון שורין, און זיין ווייב עלאַ. די רביצין רות שורין און רביצין נחה ריבקין זיינען די צוויי באָבעס. הרב הגאון משה דובער ריבקין, ראש ישיבה און מחבר, איז איין זיידע. דער אַנדערער זיידע, הרב הגאון משה שורין זצ״ל, איז ליידער שוין לאַנג ניטאָ צווישן די לעבעדיגע. געווען איינער פון די באַרימטע רבנים אין אַמעריקע. הרב אהרן ב. שורין איז שוין דער 36טער דור רב אין דער משפחה שורין, און ער איז מתפלל, אַז יאַנקעלע זאָל זיין דער 37טער דור . . .

# פסח׳דיגס

ווען איך טראַכט וועגן עפּעס אַ שאַרפן, שפּיציגן און שטעכיגן אינסטרומענט מיט וועלכן אַריינצוקריצן אין דיין מאַרך, גוטער לעזער, דאָס בילד פון היינטיגן אַמעריקאַנער אידנטום, און אַריינקריצן מיט ווייטאָג און ביז בלוט, פירט מיך דער געדאַנק צו פּסח און צו דער הגדה.

מיר זאָגן אין דער הגדה, אַז אַנטקעגן פיר זין רעדט זיך אין דער תורה: אַ חכם, אַ רשע, אַ תם און אַ „שאינו יודע לשאול״, איינעם וואָס ווייסט נעבעך גאָרניט ווער ס׳האָט אים געשלייערט...

אַנטקעגן דעם וויל איך דאָ דערציילן צוויי מעשה׳ס וועגן צוויי אַמעריקאַנער זין: איינעם אַ חכם און איינעם אַ תם; צוויי וואָס זיינען אין מיינע אויגן די אויטענטישסטע רעפּרעזענטאַנטן פון היינטיגן אַמעריקאַנער אידנטום.

אָנהויבן וועל איך מיט׳ן תם, און איך וויל פאַרזיכערן, אַז די מעשה איז אַן אמת׳ע פון אַלף ביז תוו. אין איר צייט — און איר צייט איז געוועזן ניט מער ווי איין טאָג — איז פול געוועזן מיט איר אין אַלע צייטונגען, נאָר דער עיקר המעשה, די „ראָזשינקע״, האָט דעמאָלט געפעלט. די „ראָזשינקע״ ווערט דאָ „סערווירט״ צום ערשטן

מאָל, און זי האָט גאָרניט פאַרלאָרן פון איר פרישקייט און איר „זיסן" טעם...

ס'איז געווען אין אַ שיינעם זומערדיגן זונטאָג. פיר ניו־יאָרקער אידישע בחורימ'לעך האָבן זיך צוזאַמענגערעדט צו האָבן אַ „גוד טאַים" אינאיינעם דורך אַרויספאָרן אַנצוקוקן ג־ט'ס וועלטל. דאָס הייסט, אַז ס'איז „ג־ט'ס וועלטל" — דאָס האָבן זיי זיך דערוואוסט ערשט שפּע־טער, שוין נאָכ'ן אַרויספאָרן. לכתחילה האָבן זיי געמיינט, אַז ס'איז גלאַט אַזוי זיך אַ וועלטל, אַ וועלטל פאַר „גוד טאַימס" און ווייטער גאָרניט...

אָפּגערעדט האָבן זיי די זאַך שבת, צי אפשר נאָך פריער אין דער וואָך, און דער מדובר איז געווען, אַז זונטאָג גאַנץ פרי זאָלן זיי זיך אַלע צוזאַמענטרעפן צו אַ באַשטימטן פּונקט. דער פּונקט איז גע־ווען אין שיפּסהעד בעי, ביים ים, אין ברוקלין, ביי אַ סטאַנציע פון שיפלעך. דער פּלאַן איז געווען צו דינגען אַ שיפל און זיך פאָרן שיפלען אויפ'ן ים: אַ געוויינליכער ספּאָרטישער צייט־פאַרטרייב ביי אַמעריקאַנער יונגוואַרג, אַזוי ווי ביי יונגוואַרג און ספּאָרטלייט איבער דער גאָרער וועלט.

אין דער באַשטימטער צייט, האַלב נאָך זעקס אינדערפרי, זיינען אַלע פיר חברים געווען אויפ'ן אָרט, קיינער האָט זיך ניט פאַרשפּע־טיגט. קיינער האָט ניט געוואָלט אַליין פאַרלירן קיין רגע און ניט געוואָלט די אַנדערע גורם זיין צו פאַרלירן אַ רגע פון דעם טאָג פאַרגעניגן, וואָס זיי האָבן זיך געקליבן צו געניסן אויפ'ן בוזים פון ים. פאַרשטייט זיך, אַז מ'האָט מיטגעבראַכט צום עסן און צום טרינ־קען, ווי דער שטייגער איז אין אַזעלכע פאַלן.

מ'האָט געדונגען אַ שיפל. ס'איז געווען אַ מאָטאָר־שיפל. מ'האָט זיך אַריינגעזעצט, אַ דריי געטאָן אַ קנעפּל, דער מאָטאָר האָט אָנגע־הויבן ברילען, דאָס שיפל האָט גענומען האָפערדיג שניידן די כוואַליעס און זיך טראָגן פון ברעג, פאַרהילכנדיג די לופט מיט איר גערויש און לאָזנדיג הינטער זיך אַ לאַנגע שלעפּע פון שוים און שפּריי און רויך. דער שפּריי אין דער זון האָט אָפּגעשלאָגן מיט טויזנט צע־שפּרענקלטע רעגנבויגנס.

דאָס וועטער איז געווען וואונדערבאַר, און וואונדערבאַר איז געווען

אויף די פיר הערצער פון די פיר יונגעלייט. מען האָט געזונגען, זיך געוויצלט, געקייכט פון די וויצן, געגעסן, געטרונקען און הנאה געהאַט פון דער וועלט און פון זיך.

אַזוי זיינען אַוועק אַ גוטע פּאָר שעה אין וואוילזיין און וואוילגיין און וואוילטאָג. און אַזוי פאַרטיפט זיינען אונזערע ים־פאָרער געווען אין זייער הנאה, אַז זיי האָבן גאָרניט געשפּירט אַז אַרום זיי איז עפּעס געשען אַ שינוי: די לופט איז פּלוצלונג געוואָרן קילער און פייכטער און טומאַנער. און ווען זיי האָבן עס באַמערקט, האָבן זיי זיך גאָרניט געמאַכט דערפון. זיי האָבן זיך ניט געלאָזט שטערן אין זייער פאַרגע־ניגן, און זיינען געפאָרן ווייטער און ווייטער אין ים אַריין.

פּלוצלונג איז דער ים אַזוי ווי ברוגז געוואָרן: די כוואַליעס האָבן זיך גענומען הויבן העכער, אָנגעהויבן וויזן שוים אויף די ליפּן, דער ווינט האָט גענומען בלאָזן שטאַרקער, אויפ'ן הימל האָבן זיך באַוויזן וואָלקנס, און אָט פאַרשטעלן זיי שוין די זון... אַנדערע שיפלעך האָבן זיך פאַרזיכטיג אָנגעהויבן קערן נענטער צוריק צום ברעג, אָבער ניט אונזער חברה. זיי זיינען געווען פאַר'שיכור'ט און זיינען געפאָרן אַלץ ווייטער און ווייטער אין ים אַריין.

נאָר באַלד איז דער הימל געוואָרן איין שווער שטיק בליי. ס'איז געוואָרן פינסטער חושך, ס'האָט אָנגעהויבן דונערן, ס'האָט אָנגעהויבן בליצן, די כוואַליעס האָבן גענומען שפּרינגען אין דער הויך, און אין געציילטע מינוטן איז אונזער שיפל געווען אַזוי ווי אַ בעבל אין אַ קאָכיגן קעסל. און אויב דאָס איז נאָך ווייניג געווען, האָט אָנגעהויבן גיסן אַ שלאַקסרעגן און דאָס שיפל האָט זיך גענומען אָנפילן מיט וואַסער. די יונגעלייט האָבן מאָביליזירט אַלע מעגליכע כלים, גלעזער, פלעשער, קענדלעך, און גענומען אויסשעפּן דאָס וואַסער. ביי דער צייט איז שוין די וואוילויונגערישקייט אַרויס פון אונזערע פיר יונגע־לייטלעך, אַזוי ווי די לופט פון אַ געפּלאַצטן פּענכער. זיי זיינען איצט געזעסן אין שיפל ווי פיר דערשראָקענע, אויסגעווייקטע קעצלעך און זיך געקאָרטשעט אין אַנגסטן.

די מינוטן האָבן זיך געצויגן ווי יאָרן. דאָס שיפל האָט זיך געראַנגלט מיט די לעצטע כוחות. אונזערע ים־פאָרער האָבן געהאָפט, אַז אַזוי ווי דער שטורם איז געקומען פּלוצלונג, אַזוי וועט ער זיך

ענדיגן פלוצלונג. נאָר אָנשטאָט זיך צו ענדיגן, האָט עס אויסגעזען אַז יעדע נייע רגע צעשפּילט ער זיך אויף דאָס ניי. דער הימל איז געוואָרן ווי איין שטיק שריפה פון די בליצן, און די דונערן האָבן גע־שפּאָלטן די ערד. און פּלוצלונג איז געשען דאָס ערגסטע: אַ בליץ האָט הפנים איינגעשלאָגן אין דעם שיפל גופא, און דער מאָטאָר האָט אויפגעהערט צו אַרבעטן...

און קיין וועסלעס זיינען ניטאָ...

און פאַרריכטן דעם מאָטאָר קען מען אַפילו ניט פּרוּוון, ווייל ער איז צוגעריכט פון דרויסן.

און ביי יעדן בליץ, וואָס האָט דורכגעריסן דעם חושך, האָבן זיי דערזען אַז זיי זיינען איינגאַנצן אַליין אין זייער צרה. אויף ווי ווייט דאָס אויג האָט געקענט גרייכן, האָבן זיי ניט געזען קיין צייכן פון אַ שיף אָדער שיפל, קיין סימן פון אַ לעבעדיגן נפש. און זייער אייגן שיפל איז אַ שיף אָן אַ רודער, אַ לעבלאָזע זאַך...

דאָ זיינען די אַנגסטן אַריבער אין טויטשרעק: קען עס זיין, אַז דאָ איז זייער סוף? דער טויט האָט מיט טויזנט אויגן געקוקט אויף זיי פון אַלע זייטן... זיי האָבן געזען זיין גרויסן מויל ברייט געעפנט, זיי האָבן אַריינגעקוקט אין זיין שרעקליכן שלונג...

דאַן האָט זיך איינער פון זיי דערמאָנט: מ'זאָגט אַז ס'איז דאָ אַ ג־ט אויף דער וועלט, און אין אַן עת צרה, אַז מ'טוט תפילה, העלפט ער...

ס'איז געווען דער תם...

און עס האָט אים אָנגענומען אַ גרויסער באַגער צו בעטן צו גאָט, תפילה צו טאָן צום הימל. נאָר ווי אַזוי טוט מען עס? ווי טוט מען תפילה? וואָס זאָגט מען אין אַ תפילה?

ער האָט עס ניט געוואוסט. מ'האָט עס אים קיינמאָל ניט געלערנט. האָט ער געפרעגט די אַנדערע דריי, און זיי האָבן אויך ניט געוואוסט.

זיי זיינען געווען די „שאינו יודע לשאול"ס פון דער הגדה...

אָבער דער באַגער תפילה צו טאָן האָט אים ניט אָפּגעלאָזט. ער האָט זיך געבראָכן דעם קאָפּ, זיך געריסן דעם מוח און זיך צו גאָרניט געקענט דערטראַכטן. נאָר דער געדאַנק האָט אים געפּייניגט אַזוי לאַנג, ביז לסוף האָט אים אַ בליץ געטאָן אין מוח: די פיר קשיות! ער האָט

זיך דערמאָנט, אַז קליינערהייט האָט אַ רבי מיט אים אַמאָל געלערנט די פיר קשיות אויף פסח . . .

און אַזוי ווי אַ טרינקענדיגער כאַפּט זיך אָן אין אַ שטרוי, אַזוי האָט ער איצט זיך אָנגעכאַפּט אין די פיר קשיות. נאָר דאָס האָט ער אויך זייער, זייער טונקל געדענקט. ער האָט גענומען אַקערן אין מוח און גראָבן אין קאָפּ, און ער האָט אַראָפּגעטויכט טיף אין זיין נשמה, זיך צו דערמאָנען די פיר קשיות אינגאַנצן, גענוי, קיין וואָרט זאָל ניט געמיינערט ווערן, אַזוי ווי אין יעדער זילבע פון זיי וואָלט באמת אָפּגעהאַנגען זיין לעבן און דאָס לעבן פון זיינע דריי חברים. די פיר קשיות זיינען געווען זיין גאַנצער אוצר פון תפילה, און ער האָט גע־וואָלט צוריקגעווינען יעדע ברעקל פון דעם טייערן שאַץ...

און ווען ער האָט פון די פיר קשיות אָפּגעפרישט אין זכרון אַזוי פיל ווי ער האָט געקענט, האָט ער אָנגעהויבן מתפלל צו זיין, זאָגן די פיר קשיות. אָפּגעזאָגט איין מאָל, האָט ער אָנגעהויבן נאָכאַמאָל. און יעדעס מאָל מיט מער אמונה, מיט גרעסערער כוונה, מיט שטאַרקערן פייער. און פון מאָל צו מאָל זיינען אים צוגעקומען ווערטער. באַלד האָט ער איינגעלאַדן די אַנדערע דריי אים נאָכצוזאָגן, און זיי האָבן אים נאָכגעזאָגט. און ס׳איז געווען אַ „סדר" מיט די קשיות, וואָס זינט קריעת ים־סוף איז אפשר אַזאַ סדר ניט געווען...

און עס איז געשען און דער שטורם האָט אָנגעהויבן נאָכלאָזן. דער ווינט איז מילדער געוואָרן, די כוואַליעס נידעריגער, די דונערן און בליצן וויניגער געדיכט. און אונזערע פיר העלדן זיינען געווען זיכער אַז דאָס איז דער ענטפער פונ׳ם הימל אויף זייערע תפילות. האָבן זיי נאָך פלייסיגער און נאָך הייסער גענומען פרעגן די פיר קשיות.

און אַזוי זיינען דעמאָלט, אפשר דאָס איינציגע מאָל אין דער געשיכטע, די פיר קשיות געפרעגט געוואָרן ניט ביי אַ טאַטן, נאָר ביי ג־ט אַליין, און ניט ביי אַ מענטשליכן סדר, נאָר ביי אַ סדר וואָס הימל און ערד, ווינט און ים האָבן צוגעגרייט...

דערווייל אויף דער יבשה, אויפ׳ן ברעג ים ביי שיפסהעד בעי אין ברוקלין, ווען מ׳האָט איבערגעציילט די שיפלעך וואָס זיינען צוריק־געקומען, האָט מען זיך אַרומגעזען אַז איין שיפל מיט פיר פּאַסאַזשירן

פעלט. איז געוואָרן אַ טרעוואָגע ביי דער פּאָליציי, ביי די משפּחות פון די פיר העלדן און אין די צייטונגען. די פּאָליציי האָט אַרויסגעשיקט פּאַטרול־שיפלעך צו זוכן, אָבער צוליב די הויכע כוואַליעס זיינען זיי געשטערט געוואָרן. דערווייל איז צוגעפאַלן די נאַכט. און די פיר יונגעליייט אויף דעם שיפל אין ים, דערשראָקענע, נאַסע, הונגעריגע, זיינען געזעסן און האָבן די גאַנצע נאַכט ניט אויפגעהערט אויסצוגיסן זייערע הערצער אין די פיר קשיות. גאַנצע פערצן לאַנגע שעה האָט געדויערט זייער אַנגסט, ביז אַ פּאָליציי־שיפל האָט זיי געפונען און געבראַכט צוריק צום ברעג. פערצן ביטערע שעה האָט זיך געצויגן זייער פּיין, זייער נאַסער גיהנום און זייער באַגעגעניש מיט ג־ט, דעם ג־ט פון די פיר קשיות...

די דאָזיגע געשיכטע איז געווען פאַרשריבן ביי דער פּאָליציי. ניט פאַרשריבן געוואָרן איז נאָר דער עיקר המעשה, די מעשה מיט די פיר קשיות. די מעשה מיט די פיר קשיות האָט דערציילט אינזשעניר העריס שפּיראָ, פון 779 שעיפער עוועניו, אָראַדעלל, ניו־דזשוירזי, זון פון הרב יצחק אייזיק שפּיראָ. מר. העריס שפּיראָ קאָן די פיר חברים זייער גאָענט און ער דערציילט, אַז די פיר יונגעלייט זיינען אויף שטענדיג געבליבן טיף איבערצייגט אַז די פיר קשיות האָבן זיי גע־ראַטעוועט פון זיכערן טויט אין אַ נאַסן קבר.

דאָס איז די מעשה מיט'ן תם. דער היפּך דערפון איז די מעשה מיט'ן חכם.

דער העלד פון דער צווייטער מעשה איז מעלווין שטאַנגער. מעלווין שטאַנגער איז אַ ניו־יאָרקער יונגערמאַן, וואָס איז געפאָרן קיין איטאַ־ליע שטודירן מעדיצין. זיינע עלטערן זיינען יוסף יצחק און רחל־טויבע שטאַנגער. ס'איז באַוואוסט די סיבה פאַרוואָס אידישע יונגע־לייט פון אַמעריקע פאָרן אָפט קיין אויסלאַנד שטודירן מעדיצין: ווען ס'איז שווער אַנצוקומען אין אַ מעדיצינישן קאָלעדזש אין אַמעריקע, לויפט מען קיין איראָפּע.

אַזאַ אונטערנעמונג, פאַרשטייט זיך, איז פאַרבונדן מיט שוועריג־קייטן, אָבער מעלווין שטאַנגער האָט נאָך געהאַט באַזונדערע שוועריג־קייטן: מעלווין איז פון קינדהייט אָן שטאַרק פרום. ווען ער איז נאָך געגאַנגען אין האַי־סקול פלעגט ער קיינמאָל ניט פאַרפעלן צו גיין

דאַוונען מיט׳ן ערשטן מנין. דער טאַטע האָט געקענט פאַרפעלן, אָבער ניט מעלווין. זיין צווייטע היים איז געווען די שול, און זיין צווייטער פאָטער איז געווען דער רב פון דער שול, הרב יצחק אייזיק הכהן שפּירא. און ווען ער האָט געדאַרפט פאָרן לערנען אין איטאַליע, איז די ערשטע פראַגע פאַר אים געווען: וואָס וועט זיין מיט כשרות?

ער איז אַוועקגעפאָרן, און די מאַמע האָט אים מיטגעגעבן אַ גאַנצע אידישע באַלעבאַטישקייט: מילכיגע כלים און פליישיגע כלים, מילכיגע לעפל־מעסער־גאָפּל און פליישיגע לעפל־מעסער־גאָפּל, און אַ זאַפּאַס כשר׳ע פלייש און אַנדערע כשר׳ע שפּייזן. און פון צייט צו צייט שיקט אים די מאַמע נאָך כשר׳ע פּראָדוקטן.

אַזוי לעבט מעלווין אין איטאַליע און לערנט פלייסיג די חכמת הרפואה. נאָר אָט (אין 1958) איז אונטערגעקומען די צייט פון פסח, און אין אַ שיינעם טאָג האָבן טאַטע־מאַמע דערהאַלטן פון מעלוויב׳ען אַ מאָדנע בקשה:

ער זעט דאָרט פאָראויס שוועריגקייטן מיט פאַרקויפן דעם חמץ, בכן בעט ער דעם פאָטער, ער זאָל אַריבערגיין צו הרב שפּירא און פרעגן אַ שאלה: צי מעג מען על פי דין מאַכן אַז ער, מעלווין, זייענדיג אין איטאַליע, זאָל פאַרקויפן דעם חמץ ביי הרב שפּירא אין ניו־יאָרק?

דער רב האָט געענטפערט: יע, מ׳מעג, אָבער בתנאי אַז ער זאָל שיקן פון דאָרט אַ „כח הרשאה", אַ מין „פּאַוער אָוו אַטוירני" בלע״ז.

אַזוי האָט מעלווין געטאָן. ער האָט צוגעשיקט אַ באַפולמעכטיגונג, אויסגעשריבן אין קלאָרע, „לעגאַלע" טערמינען, ווי ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַז עס פאָדערט זיך על פי דין (איך האָב עס אַליין גע־לייענט). צוזאַמען דערמיט איז געווען אויסגערעכנט גענוי דער חמצ׳־דיגער פאַרמעגן: צוויי קענדלעך כשר׳ע פלייש, איין קענדל קאָפע, די חמצ׳דיגע געשיר און די חמצ׳דיגע גאָפּל־לעפל־מעסער.

אינאיינעם מיט מעלווין שטאַנגער שטודירט דאָרט אין איטאַליע נאָך אַ פרומער יונגערמאַן, טשאַרלס ראָזענבלום. מעלווין האָט אַריינ־גענומען זיין חבר אויך אין דער טראַנזאַקציע.

נאָר הרב שפּירא אין ניו־יאָרק האָט געהאַט זיין אייגענע פּראָב־לעם: ער האָט אויסגערעכנט, אַז צווישן איטאַליע און ניו־יאָרק איז אַ חילוק אין צייט אין זעקס שעה, און דערפאַר פאַלט דאָרט אויס פסח

מיט זעקס שעה פריער ווי אין ניו־יאָרק. דעריבער האָט ער געהאַט אַן עסק צו פאַרקויפן מעלווינ׳ס חמץ פון מעבר לים באַזונדער, און מיט זעקס שעה פריער ווי אין ניו־יאָרק.

אידן זיינען פון אייביג אַן גרויסע סוחרים, מיט געשעפטן אין אַלע עקן וועלט. נאָר איך ווייס ניט צי נאָך אַזאַ „טראַנזאַקציע" איז ווען עס איז דורכגעפירט געוואָרן אַפילו ביי אידן, ווי די טראַנזאַקציע צווישן מעלווין שטאַנגער אין איטאַליע און הרב יצחק אייזיק הכהן שפּיראָ אין ניו־יאָרק, לכבוד פסח...

די פיר יונגעלייט פון אונזער ים־עפּאָפּייע זיינען אַ פולשטענדיגער ביישפּיל פון יענער אידישער יוגנט אין אַמעריקע וואָס וואַקסט אויף אַן שום אידישער דערציאונג. זיי וואַקסן ווילד אין אידישן גאָרטן, און בלויז אין אַ שעה פון נויט כאַפּן זיי זיך וואָס זיי פעלט. און אַמאָל דאָס אויך ניט. ליידער זיינען זיי די גאָר גרויסע מערהייט פון אונזער נייעם דור אין אַמעריקע.

אָבער די זעלבע יוגנט גיט אַרויס פון זיך גוואַלטיגע קאָנטראַסטן. אַזוי ווי פון איין זייט איז גרויס די דערוויטערונג פון אידישן לעבן, אידישן שטייגער און אידישן גייסט, אַזוי פון דער אַנדערער זייט באַגעגנט מען יונגוואַרג פון גאָר גרויסער איבערגעבנקייט צו אידיש־קייט. אָפטמאָל ווערט איר איבערראַשט פון זייערע איינפאַלן אין פרומקייט, ווי עס ווייזט דער פאַל מיט מעלווין שטאַנגער. ליידער זיינען די דאָזיגע אַ גאַנץ זעלטענע דערשיינונג.

די צוויי מינים זיינען וויט איינע פון די אַנדערע ווי מזרח פון מערב. דאָס זיינען אין אמת׳ן צוויי באַזונדערע און ווי פרעמדע שבטים. און דער חילוק שטאַמט נאָר פון גאָר אַ „קלייניגקייט": אַ אידישע דערציאונג.

וועגן נאָך אַ זעלטענעם עקזעמפּלאַר פון אַ פרומען קינד האָב איך געהערט פון הרב צבי תבורי, דירעקטאָר פון תורה־קולטור דעפּאַרטמענט פון דער אידישער אַגענטור.

ס׳איז אַ מעשה מיט אַ זעלטענעם יונגן בחור׳ל יעקב יצחק ז"ל, דער איינציגער זון פון ישעיהו (טשאַרלס) און פרידע גאָלדמאַן, וועל־כער איז פאַרברענט געוואָרן אין פייער פון בלוט־קענסער ר"ל און איז ווי אַן עולה תמימה אַרויפגעגאַנגען צו די ג־טליכע הויכן.

ער איז אַלט געווען צוועלף יאָר און פיר מאָנאַטן, און טאַטע־מאַמע האָבן זיך שוין געגרייט צו זיין בר־מצוה. ער איז געווען אַ זעלטענער תלמיד אין ישיבת „תורת אמת" אין באָראָ פּאַרק. זיין איידלקייט, פיינקייט, מדות טובות און יראת שמים קען מען קוים באַשרייבן. און הרב תבורי דערציילט אַ לעצטן עפּיזאָד פון זיין לעבן:

„ווען איך בין אַ פרייטאָג בייטאָג געקומען אין מעמאָריעל האָס־פּיטאַל אים מבקר חולה זיין, האָב איך אים געפונען אין אַ צימער צוזאַמען מיט אַ קריסטליכן פּאַציענט. אַ טעלעוויזיע איז געשטאַנען צווישן די צוויי בעטן. זאָגט דאָס אינגל צו מיר: איך וועל שוין מוזן ליגן אַ גאַנצן שבת מיט מיין פּנים צום וואַנט, ווייל מיין קריסט־ליכער שכן וועט דאָך געוויס וועלן האַלטן די טעלעוויזיע אָנגעשטעלט. זאָג איך צו אים: נו, אַז די טעלעוויזיע אַרבעט שוין, מוזטו ניט דווקא ליגן מיט'ן פּנים צו דער וואַנט. דאָס וועט שוין דיר פאַר קיין זינד ניט פאַררעכנט ווערן. זאָגט ער: אפשר ניט קיין זינד, אָבער האַלטן מיינע אויגן אויף דער טעלעוויזיע איז עפּעס ניט שבת'דיג. נו, אַוודאי, זאָג איך, איז עס ניט שבת'דיג. ווען דו וועסט זיין צוריק אין דער היים, ביים שבת'דיגן טיש, וועסטו ווידער שפּירן דעם רוח פון שבת. אָבער אַז דו ליגסט דאָ אַליין איז אפשר גלייכער צו האַלטן דיינע אויגן אויף דער טעלעוויזיע איידער זיך צו פייניגן און ליגן די גאַנצע צייט מיט'ן פּנים צו דער וואַנט. ניין, זאָגט ער, איך קען עס ניט".

זאָל אויך דערמאָנט ווערן, אַז אין די לעצטע חדשים פון זיין לעבן, ווען ער האָט שוין ניט מער געקענט גיין אין דער ישיבה, פלעגט אַ בחור'ל קומען צו אים אַהיים און לערנען מיט אים דעם טעגליכן שיעור. האָט דער בחור'ל געהאַט אַ שווערע אויפגאַבע: יעקב יצחק פלעגט אים ניט אָפּלאָזן — נאָך לערנען און נאָך לערנען...

אין אַ שבת־צו־נאַכט איז ער פּלוצלונג שטאַרק פאַרשלאָפט געוואָרן און מען האָט אים מיט אַן אַמבולאַנס געמוזט באַלד נעמען צוריק אין האָספּיטאַל. ווען מען האָט זיך גענומען אים אָנטאָן, האָט ער קודם כל געמאַכט זיכער אַז מען וועט ניט פאַרגעסן אים אָנטאָן זיין טלית קטן. און אין אמת'ער קדושה וטהרה איז ער זונטאָג פרי אויסגע־גאַנגען. תנצב"ה.

עס איז דער עפּיזאָד מיט דער טעלעוויזיע וואָס איז דאָ אויסטער־

ליש: דער כוח פון אַ קינד זיך מקריב צו זיין, אַפילו ווען דער רב האָט אים מתיר געמאַכט...

אָט צווישן דידאָזיגע צוויי טיפן איד, די צוויי געגנגעזעצטע שבטים, וויגט זיך, אויף אַ דינער האָר, די צוקונפט פון אידן אין אַמעריקע, אַהין אָדער אַהער, צום הימל אָדער, חלילה, אין תהום אַריין...

# דאָס געשריי פון די קינדער

מיט דעם לעצטן דור אימיגראַנטן אין אַמעריקע, וואָס האָבן נאָך געקענט דעם חדר אין דער אַלטער היים, איז אַ גרויסער חסד געשען: ס׳איז אים באַשערט געווען, איידער ער גייט אַוועק אויף זיין לעצטער וואַנדערונג, צו זען צוויי הבטחות אויפשפּראָצן אויף דער ערד פון דער נייער וועלט. איינע איז דער אויפשטייג פון ישיבות. מיר האָבן שוין גערעדט וועגן זיי פריער. אויף אַזעלכע ישיבות, ווי „ישיבה תורה ודעת ומתיבתא״, ישיבת ר׳ יצחק אלחנן, ישיבת ר׳ חיים בערלין, ישיבת ר׳ יעקב יוסף, ישיבת נר ישראל וכו׳, וואָלט יעדער דור אין יעדן לאַנד געמעגט זאָגן „מעשי ידי להתפאר״. נאָר מיר טאָרן ניט פאַרגעסן: זיי זיינען אַאַזיסן אין אַ מדבר. זיי זיינען אינזעלעך אין אַ גרויסן ים פון פאַר׳גוי׳אישטער אידישקייט, וואָס שלאָגט און פלייצט קעגן זייערע ברעגן. ווען די תלמידים גייען אַרויס פון די דאָזיגע ישיבות — וואוהין גייען זיי און צו וועמען קומען זיי? זיי גייען אַריין אין אַ וויסטעניש פון עם־הארצות, אין אַ וועלט וואו זיי דערשיינען פרעמדאַרטיג, „אויסלענדיש״. אין זייערע אייגענע היימען בלייבן זיי אָפט איזאָלירטע, אין זייערע אייגענע משפּחות — ווי פרעמדע אַריינדרינגער. אַ רעכטער זיווג איז שווער כקריעת ים־סוף.

און אין געשעפט און קאַריערע זיינען זיי אויך ווי עפּעס אַ פרעמד־דער שבט, ווי מיר געפינען עס אין אַ מערקווירדיגן ליטעראַטיקל אין דער רעליגיעזער צייטשריפט „די אידישע וואָך" פון דר. הלל זיידמאַן. די צייטונג שרייבט :

„ס'קומט אויף אין אַמעריקע אַ נייער טיפּ פון אַ אידישן ביזנעסמאַן. אָרטאָדאָקסישע יונגעלייט, וואָס האָבן „געענדיגט" ישיבות (באמת, אַ ישי־בה ענדיגט מען קיינמאָל נישט — און די יונגעלייט זיינען אויך היינט קובעים עתים לתורה), טייל האָבן אויך סמיכה אויף רבנות, אָבער זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון אַ רבנישער צי ישיבה'שער לערער־קאַריערע, און זיינען אַקטיוו אין ביזנעס.

„טייל אַרבעטן זעלבסטשטענדיג, אַנדערע זיינען רעפּרעזענטאַטיוון פון אַנגעזעענע פירמעס. אַ טייל פון זיי טראָגן באָרד און פּאות, און אויך אין זייער אויסערליכן דערשיינען זעט זיך אָן זייער אינערליכע תורה דיגע שטאַרקייט.

„וואָלט דער שכל מחייב געווען, אַז אַזעלכע דאַרף מען בעסער באַ־האַנדלען ; אַז זייער גייסטיגע געשטאַלט, זייער שלימות'דיגע אידישקייט דאַרף אַרויסרופן רעספּעקט און — באַציאונג.

„אויף על־פּי־דין איז מען מחוייב זיי צו שטיצן אין ביזנעס. די גמרא, דער רמב"ם און שולחן ערוך אַנטהאַלטן ספּעציעלע דינים וועגן פּרקמטיא (ביזנעס) מיט אַ תלמיד־חכם.

„איז אָבער אָפּט פאַרקערט. פאַראַן, אַפילו צווישן רעליגיעזע ביזנעס־לייט, אַ געוויסער פאַראורטייל קעגן יונגעלייט מיט'ן אידישן אויסערליכן אויסזען, קעגן תלמידי און חניכי ישיבה אין ביזנעס.

„מ'נעמט אָן לכתחילה צוויי טעות'ן : ערשטנס, אַז ס'איז פאַראַן ביי זיי אַ געוויסע בטלנות, אַז זיי זיינען ווייניגער פעאיג איידער אַנדערע, איידער עמי־הארצים, הייסט עס. צווייטנס, אַז זיי זיינען אָנגעוויזן אויף, — אָדער פאַרלאַנגען, — געוויסע טובות, „פעיוואָרס", פאַרצוג, „פּרעפע־רענס" ; און היות „אין ביזנעס איז נישט פאַראַן קיין פעיוואָרס", איז מען אָנגעשטייפט מיט אַ געוויסן ווידערווילן קעגן זיי".

דער דאָזיגער קורצער אויפזאַץ איז איינע פון די טרויעריגסטע אויסערונגען וואָס אידישע אויערן האָבן געקענט הערן וועגן אידן. ס'איז אַ מין קליינע „איכה ישבה" אויף אידישער גרויסקייט. ווען די וועלט איז נאָך געווען וועלט און אידיש לעבן איז געווען אידיש לעבן, איז דער סוחר־למדן אָדער למדן־סוחר, דער בעל־מלאכה־לערנער אָדער דער לערנער־בעל־מלאכה געווען אַ שטענדיגער כאַראַקטעריסטישער עלעמענט אויף דער אידישער גאַס, דאָס שיינדל פון דער אידישער

געזעלשאַפט. דער קרעמער וואָס איז געזעסן און געפירט אַ פּלפּול אין קראָם, דער סוחר וואָס איז געפאָרן אין באַן און אַריינגעקוקט אין אַ רמב״ם, דער וואַלד־סוחר וואָס איז געפאָרן האַקן וואַלד און האָט מיטגעפירט אַ ש״ס — ביי וועלכער אומה ולשון איז געווען אַן ענליכער טיפּוס? דער פרומער אידישער געשעפטסמאַן איז געווען דער יסוד פון דאָס וואָס איז געווען באַקאַנט אַלס „האַנדל אויף נאמנות״: די לויטערסטע ערליכקייט צווישן מענטש און מענטש.

און היינט, הערן מיר, איז תורה גאָר אַ שטער פאַר אַ אידישן געשעפטסמאַן...

נאָר ווי די מעשה זאָל ניט זיין, דער פרומער, לומד׳ישער טיפּ האָט זיך אָנגעהויבן באַווייזן אין אַמעריקע. דאָס איז איין וואונדער פון דער צייט.

דער צווייטער וואונדער — וועגן אים האָבן מיר שוין אויך גערעדט, נאָר ס׳איז ניט אויסצושעפּן. דאָס איז:

אַמעריקאַנער אידישע קינדער האָבן אַליין אָנגעהויבן בענקען נאָך אידישקייט און אידישער דערציאונג. עפּעס גוטע מלאכים זיינען גע־קומען און האָבן פאַנאַנדערגעבלאָזן דעם אידישן פונק אין זייערע נשמות וואָס איז געלעגן פאַרשאָטן און געדראָעט אויסגעלאָשן צו ווערן.

זיי פאַרבענקען זיך און גייען אַליין אַוועק זוכן, און געפינען, און נעמען, אָן טאַטע־מאַמעס איניציאַטיוו, אָפטמאָל אָן טאַטע־מאַמעס וויסן. אַמאָל אַפילו קעגן דעם ווילן פון טאַטע־מאַמע.

אָנשטאָט וואָס טאַטע־מאַמע זאָלן וועקן דאָס קינד גיין אין חדר, קומט גאָר דאָס קינד און וועקט טאַטע־מאַמע: שיקט מיך אין חדר, אין „היברו״, אין תלמוד־תורה, אין ישיבה.

הערט אַ מעשה:

מיין ווייב׳ס אַ שוועסטערקינד האָט געהאַט אַ אינגל אַ יאָר אַכט, און אַ מיידל מיט אָנדערהאַלבן יאָר אינגער. טאַטע־מאַמע זיינען „מאָדערנע״ ביזנעסלייט, אייביג פאַרטאָן אין געשעפט, פון אידישקייט האָט מען אין הויז ניט געטראַכט, און אויך ניט פון אַ אידישער דערציאונג פאַר די קינדער. אין פּאָבליק־סקול זיינען די קינדער, נאַטירליך, געגאַנגען.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן, פון דער העלער הויט, זאָגט דאָס אינגל צו דער מאַמען זי זאָל אים פאַרשרייבן אין „היברו". דער מאַמען, און אויך דעם טאַטען, איז אַזאַ זאַך אַפילו אין דער לינקער פאה ניט געלעגן, און זיי האָבן זיך ניט וויסנדיג געמאַכט פון דעם אינגל'ס בקשה. מאַלע וואָס אַ קינד האָט זיך אַריינגענומען אַ „נאַריש־קייט" אין קאָפּ!

איין מאָל, אַ צווייט מאָל און אַ דריט מאָל. אַז דאָס אינגל האָט געזען אַז עס העלפט ניט דאָס ריידן, איז ער אַוועק אין תלמוד־תורה און האָט זיך אַליין פאַרשריבן. ער האָט געבעטן דעם פרינציפּאַל פון תלמוד־תורה, ער זאָל טעלעפאָנירן און לאָזן וויסן דער מאַמען פאַרוואָס ער וועט קומען שפּעט אַהיים.

דער פרינציפּאַל האָט אַזוי געטאָן. נאָכ'ן געשפּרעך האָט די מאַמע שוין מסכים געווען אַז דאָס אינגל זאָל גיין אין תלמוד־תורה. אָפּגעטאָן — פאַרפאַלן.

אַז דאָס שוועסטערל האָט געזען אַז דער ברודער גייט אין היברו, איז זי אויך מיטגעלאָפן מיט אים און האָט זיך אויך פאַרשריבן.

אין תלמוד־תורה דערוויסט זיך דאָס מיידעלע, אַז פרייטאָג־צו־נאַכטס דאַרפן אידישע מאַמעס בענטשן ליכט. קומט זי אַהיים און הויבט אָן מאָנען ביי דער מאַמען זי זאָל בענטשן ליכט. לכתחילה האָט די מאַמע ניט געוואָלט הערן דערפון. נאָר אַז עס פלעגט קומען פרייטאָג און די מאַמע האָט קיין ליכט ניט געבענטשט, איז דאָס מיידעלע געווען זייער אומעטיג.

סוף כל סוף האָט די מאַמע נאָכגעגעבן. זי איז אַוועק און האָט געקויפט צוויי לייכטער און צוויי ליכט, און ווען ס'איז געקומען פרייטאָג־צו־נאַכטס האָט זי אָנגעצונדן די ליכט. אָנגעצונדן די ליכט און ווייטער גאָרנישט.

נעמט איר דאָס מיידעלע אָן פאַר'ן קלייד און שלעפּט זי צוריק צום טיש און מאַכט צו איר:

— דאָס איז ניט ריכטיג: סעי סאָמטהינג טו דהי קענדלס! (זאָג עפּעס צו די ליכט)...

האָט די מאַמע פאַרשטעלט דאָס פּנים מיט די הענט און געמאַכט דעם אָנשטעל אַז זי בענטשט. איין מאָל און אַ צווייטן מאָל. דערנאָך

טראַכט זי: וויבאַלד איך בענטש שוין, טאָ וואָס זאָל איך נאָר מאַכן דעם אָנשטעל און אָפּנאַרן דאָס קינד? לאָמיר טאַקע בענטשן אויף אַן אמת...

און אַזוי האָבן צוויי קינדער אַליין, אין אַן אויסגעליידיגטן הויז, אַריינגעבראַכט אַ אידישן גייסט. און וואָס עס האָט געבראַכט די קינדער דערצו, ווייסן טאַטע־מאַמע ביז היינטיגן טאָג ניט.

סעמעלע האָט אָנגעהויבן גיין אין „היברו״. פון ערשטן טאָג אָן האָט ער ניט געוואָלט אויסטאָן דאָס יאַרמולקעלע פון קאָפּ ווען ער פלעגט קומען אַהיים פון „היברו״. איינמאָל מאַכט ער: איך וויל ניט זיין דער איינציגער ביים טיש וואָס עסט אין אַ יאַרמולקע. אויב די אַנדערע וועלן ניט צודעקן די קעפּ ביים עסן, וועל איך ניט גיין צום טיש. האָט דער טאַטע צוליב געטאָן, און אויך דער עלטערער ברודער, און מ׳האָט אָנגעטאָן יאַרמולקעס צום עסן. דאָס איבעריגע האָט שוין די יאַרמולקע געטאָן: די יאַרמולקע האָט עפּעס ווי געמאָנט אַ ברכה מאַכן. און די ברכה האָט געמאָנט זיך צו וואַשן. און אַלץ אינאיינעם האָט שוין געמאָנט בענטשן. און אַזוי איז אַ טיש וואָס פריער איז ער געווען „כאילו אכלו עליו זבחי מתים״, געוואָרן אַ כשר׳ער אידישער טיש.

די קינדער פירן די טאַטעס אין חדר.

אַזאַ איז דער צער גידול אבות פון די אַמעריקאַנער אידישע קינדער.

זיי, ווען זיי זאָגן אין שמונה־עשרה „השיבנו אבינו לתורתך״, מיינען זיי: קער אונז אום אונזער טאַטן צו דיין תורה...

און אָט איז גאָר אַ צאַצקע:

שמעון, וואָס זיין פאַרענגלישטער נאָמען איז ראַי, איז אַ אינגעלע זיבן יאָר אַלט. ער האָט געוואוינט אין ספרינג וואַלי, ניו־יאָרק. זיין טאַטע האָט אים אָפּגעגעבן לערנען אין אַ דאָרטיגער ישיבה. און באַלד איז דאָס אינגעלע געוואָרן אַ פרום אידעלע. זומער, אין אַ שיינעם נאָכמיטאָג, קומט ער אַהיים פון חדר און לאָזט וויסן דער מאַמען, אַז ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די „ניין טעג״ און ער וועט ניט עסן קיין פליישׁ. זאָגט אים די מאַמע, אַז אַ קליין אינגעלע וואָס דאַרף נאָך וואַקסן, מעג יאָ עסן פליישׁ אין די ניין טעג. און שמעו׳לע

דערקלערט פעסט: ניין און ניין. און גראָד האָט די מאַמע געקאָכט פלייש...

זאָגט די מאַמע: „אויב דו וועסט ניט עסן, וועל איך דיין פלייש אַוועקגעבן דער קאַץ...״

מאַכט דאָס אינגעלע: „די קאַץ וועט אויך ניט עסן קיין פלייש אין די ניין טעג!...״

זאָגט די מאַמע: „גוט, מיר׳ן זען...״ און זי נעמט און דערלאַנגט דער קאַץ אַ שטיקל פלייש.

און אַזוי ווי אויף צו להכעיס האָט די קאַץ טאַקע ניט געגעסן. ניט געוואָלט זיך צורירן. אפשר איז דאָס פלייש געווען איבערגעזאַלצן אָדער געווירצט, צי די קאַץ איז געווען זאַט, צי קראַנק, צי איבער אַן אַנדער סיבה... דאָס אינגעלע האָט זיך צעפּליעסקעט מיט די הענט־לעך פון פרייד און נצחון.

פרעגט די מאַמע אַ פּאַר׳חידוש׳טע: „פון וואַנען ווייסט די קאַץ, אַז מיר האָבן היינט די ניין טעג?״

מאַכט שמעו׳לע: זי הערט דאָך וואָס מיר ריידן...

די מעשה האָט מיר דערציילט — גאָדסאָן, אַרבייטס־אַטאַשע אין דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין ענגלאַנד, דער פאָטער פונ׳ם קינד.

און אָט איז רייצע סטאַלפּנער, אַ פיר־יעריג מיידעלע. ליגט זי אין בעט און נעמט עפּעס אין מויל אַריין און שרייט צו דער מאַמען אין דריטן צימער, אין קיך אַריין:

— מאַמע, איך האָב געמאַכט אַ ברכה, ענטפער דאָרט אמן!...

און ווען רייצע איז געוואָרן פינף און זעקס יאָר אַלט און האָט שוין געקענט אַ סך ברכות, האָט זי זיך געמאַכט אַ מאָדע צו מאַכן אַ ברכה אויף יעדער שפּייז באַזונדער אין דערזעלבער סעודה. און ווען מ׳האָט איר דערקלערט אַז דאָס איז ניט נויטיג, האָט זי געענטפערט:

— איך וויל זיין מער אידיש...

שאַיעלע מאַרקוס איז פינף יאָר אַלט. זיין טאַטע איז הרב אברהם מרדכי מאַרקוס, רב אין באָפאַלאָ. קומט שאַיעלע אַריין אין אַן אויטאָבוס וואָס איז געפּאַקט מיט מענטשן. רופט ער אויס:

— אויב דאָ געפינען זיך אידישע קינדער, זאָלן זיי אויפהויבן אַ האַנט!

עטלעכע קינדער מיט איבערראַשטע פּנים׳ער הויבן אויף די הענטלעך.

טייטלט שאַיעלע מיט אַ פינגער צו יעדן אויפגעהויבענעם הענטל און זאָגט:

— דו טאָרסט ניט פאָרן אים שבת, און דו ניט, און דו ניט, און דו ניט . . . און ניט עסן קיין טריפע פלייש . . . די אַנדערע זיינען ניט קיין אידן, זיי מעגן . . .

די דיכטערין עליזה גרינבלאַט דערציילט: עס זיצט אַ זיבן־אַכט יעריג מיידעלע מיט איר טאַטן אין שול, און דער חזן זאָגט. פרעגט דאָס קינד דעם טאַטן:

„וואָס זאָגט דאָרט דער מאַן?"

ענטפערט דער טאַטע: „איך ווייס ניט, איך פאַרשטיי עס ניט". מאַכט דאָס קינד:

„סאָ וואַי דאָנ׳ט יו לוירן?" טאָ פאַרוואָס לערנסטו ניט?...

אַ טוערין אין די אַרבייטער־רינג שולעס, רעגינאַ ליבערט, דער־ציילט: אַ צען־יעריג אינגל קומט אַהיים פון זיין שולע און דער טאַטע פרעגט אים וואָס האָט ער דאָרט יענעם טאָג געלערנט.

„מיר האָבן געלערנט וועגן רש"י", ענטפערט דאָס אינגל.

„רש"י, רש"י" — מאַכט דער טאַטע פאַרוואונדערט — ווער איז רש"י, וואָס איז רש"י?"

מאַכט דאָס אינגל: „וואָס פאַראַ איד ביסטו, אַז דו ווייסט ניט ווער רש"י איז געוועזן און וואָס רש"י איז?"...

אַזעלכע מעשות זיינען דאָ פולע הויפנס, גאָר אָן אַ סוף.

# מעשות אָן אַ סוף

איך גיי אין גאַס און אין האַנט האַלט איך אַ חומש. איך געגגן־אָן אַ באַקאַנטע, אַ דערוואַקסן מיידל, געבוירן און דערצויגן אין אַמעריקע. מיר שטעלן זיך אָפּ ריידן. זי באַמערקט דעם ספר אין מיינע הענט, נעמט זיך איינקוקן, און פרעגט וואָס דאָס איז. איר דערקלער איר. צינדן זיך אָן אירע אויגן מיט אַ פייערל און זי מאַכט צו מיר:

אוי, מיין פריינט! אפשר קענט איר מיר ווייזן דעם וועג ווי אַזוי איך קען צוקומען צו די דאָזיגע ספרים? איר ווייסט דאָך: איך האָב געענדיגט קאָלעדזש, און איך האָב אַ געלערנטן פאַך, און דאָך פיל איך, אַז כל זמן דער תנ״ך איז פאַר מיר פאַרשלאָסן, בין איך ניט מער ווי אַ פאַרפאַלענער איגנאָראַמוס...

שיין זיינען געווען די רייד פון דער מיידל, נאָר שענער פון זיי זיינען די רייד פון משה׳לע וויינגאַרט, וואָס איך האָב אַליין געהערט פון זיין מויל:

„פאַרוואָס איז עס וואָס ׳היברו׳ האָב איך אַזוי פיל שטאַרקער ליב ווי פּאָבליק סקול, און פאַרוואָס איז פּאָבליק סקול אַ גאַנצן טאָג, און ׳היברו׳ איז נאָר איין שעה, און ניט פאַרקערט?

עס איז אַזש מיסטיש. מיט וועלכן כח האָט עס דאָס קליין אינגיטש־

קע דערפילט דעם „סוד" פון „היברו"? און מיט וועלכן „סוד" האָט עס דער „היברו" פאַרכאַפּט זיין נשמה מער ווי די וועלטליכע לימודים?

ס'איז ממש ווי דער בעל־התהלים זאָגט: „פון דעם מויל פון עופּה'לעך און זויגלינגען האָסטו געגרונטיגט (דיין) מאַכט"...

דאָס קליינע אינגעלע האָט מיסטיש דערפילט וואָס אַזוי פיל גרויסע מיט זייער העלער חכמה קענען ניט משיג זיין...

ווען די טאַטעס וואָלטן געזען דאָס וואָס משה'לע זעט, וואָלט גאָר קיין פּראָבלעם ניט געווען מיט אידישער דערציאונג אין אַמעריקע.

די פּראָבלעם אין אַמעריקע זיינען ניט די קינדער, נאָר די עלטערן. וואָס טוט מען מיט די עלטערן? ווי אַזוי נעמט מען אַרויס די פאַר־שטאָפּונג פון זייערע הערצער? ווי אַזוי מאַכט מען זיי פאַרשטיין וואָס פאַראַ גניבה, גזילה און רציחה זיי באַגייען לגבי זייערע אייגענע קינדער?

עס שטייט געשריבן: „און עס וועט זיין ווען אייערע קינדער וועלן זאָגן צו אייך: וואָס איז עס דערדאָזיגער דינסט (קרבן פּסח) ביי אייך?" (שמות יב, כו).

קומען צוגיין די חכמים און זאָגן, אַז „אַ שלעכטע בשורה איז אָנ־געזאָגט געוואָרן די אידן", דאָרט ביים סאַמע אַרויסגיין פון מצרים, נעמליך, אַז „ס'וועט זיין אַ צייט ווען די תורה וועט זיין פאַרגעסן צווישן אידן"...

אָבער ס'איז נאָך ערגער אפילו ווי די חכמים האָבן זיך פאָרגע־שטעלט:

די קינדער פרעגן, און די טאַטעס ווייסן ניט וואָס צו ענטפערן...

איז געווען נאָך אַמאָל אַ צייט, ווען די תורה איז געווען אַזוי פאַרגעסן ווי די היינטיגע צייט צווישן די אידן אין אַמעריקע?

די איינציגע שטיקל ברכה און נחמה איז, וואָס די קינדער פרעגן...

יעדער איינער וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט אידישע קינדער אין אַמעריקע, לערער און דערציער, וועט עדות זאָגן, אַז אידישע קינ־דער אין אַמעריקע ווילן זיין אידן. זיי ווילן זיך לאָזן דערציען ווי אידן. זיי בענקען נאָך אידישקייט. זיי אַנען דאָס אומגליק פון זיין אַ איד אָן אידישקייט.

נאָר דאָס זיינען די עלטערן, וואָס זיינען אַראָפּ פון דרך הישר. און ווען די קינדער טאַפּן אַמאָל אַליין אָן דעם ריכטיגן וועג, לאָזן די עלטערן זיי ניט גיין אויף אים...

איר וועט אפשר פרעגן: ווי אַזוי קומט עס פאַר דאָסדאָזיגע שטערן פון די עלטערן?

אַמאָל איז עס אַקטיוו, פּרינציפּיעל, אַמאָל איז עס דורך גלייכגיל־טיגקייט. ווי מיר פילן עס אַרויס פון פאָלגענדן עפּיזאָד:

אַ אינגעלע האָט ביי טאַטע־מאַמע אין הויז קיינמאָל ניט געהערט אַז ס'איז דאָ אַ ג־ט, מיט אַ תורה, מיט מצוות און מעשים טובים. מאַכט זיך איינמאָל און די עלטערן שיקן אים צו פרומע זיידע און באָבע אויף עטליכע וואָכן.

פאַר דער צייט האָט זיך דאָס אינגעלע אויסגעלערנט אַ סך זאַכן און קריאת־שמע פאַר'ן שלאָפן גיין.

נאָר אָט איז אָנגעקומען די לעצטע נאַכט ביי זיידע־באָבע און אויף מאָרגן דאַרף שוין דאָס אינגעלע פאָרן צוריק אַהיים.

לייענט ער אָפּ קריאת־שמע, און לסוף איז ער מוסיף און זאָגט:
„גוד ביי (זיי געזונט), ג־ט! איך פאָר שוין מאָרגן אַהיים״...
אויס מיט קריאת־שמע און אויס מיט ג־ט...

דאָס רוב פון דעם דאָזיגן מין יווירונגען ביי די קינדער שפּילן זיך אויס אין די ראַמען פון אידישן לעבן אַליין, אָבער אָפּט רייסן זיי זיך אַרויס צו דער גוי'אישער גאַס אויך, ווי מיר זעען פון די פאָלגנדע אינטערעסאַנטע פּאַסירונגען.

ווי באַוואוסט, זיינען אין דער „יו־ען״, „יונייטעד ניישאָנס״ (פאַר־איינינגטע פעלקער), אין זייער צענטער אין ניו־יאָרק, פאַראַן דעלעגאַטן, פאַרטרעטער און באַאַמטע פון נאָענט צו הונדערט פעלקער פון איבער דער גאָרער וועלט. זייער צאָל באַטרעפט אין די הונדערטער, אפשר טויזנטער. אַ סך פון זיי זיינען דאָ מיט ווייבער און קינדער, און דאָס מאַכט שוין אויס אַ גאָר היפּשע משפחה. די דאָזיגע משפחה האַלט זיך ווי ווייט מעגליך צוזאַמען. זיי וואוינען טאַקע צעשפּרייט אין פאַרשידענע געגנטן פון ניו־יאָרק און אַרום ניו־יאָרק, אָבער אין די פאַרשידענע געגנטן בילדן זיי אָפּט אַ באַזונדערן „ישוב״, אויסגעטיילט פון דער אַלגעמיינער אַמעריקאַנער באַפעלקערונג, מיט ספּעציעלע

דיפּלאָמאַטישע פּריווילעגיעס און מיט ספּעציעלע שולעס פאַר זייערע קינדער.

איינער אַזאַ ספּעציעלער ישוב געפינט זיך אין דזשאַמעיקאַ, לאָנג איילענד, ניו־יאָרק, און רופט זיך: „יו־ען ווילעדזש“. און דאָרט איז דאָ אַ שולע פאַר די קינדער פון דעם יו־ען ווילעדזש, וואָס שטייט אונטער דער אויפזיכט און קאָנטראָל פון דער יו־ען.

די שולע, ווי געזאָגט, איז אינגאַנצן פאַר די קינדער פון די יו־ען־לייט, נאָר אַז עס בלייבט פּלאַץ נעמט מען אַריין היימישע קינדער אויך.

און אָט אַזוי איז אַריינגעפאַלן אין יענער שולע די העלדין פון אונזער מעשה, די זעקס־יעריגע שערי ענן סטיינער, און אויך איר פינף־יעריג ברודערל סטיווען.

אין אַמעריקע איז קיין נאָווינע ניט אַ שולע, וואו עס לערנען זיך קינדער פון פאַרשידענע פעלקער, ראַסן און רעליגיעס, נאָר צו דער שולע אין דעם יו־ען ווילעדזש אין דזשאַמעיקאַ קומט עס ניט. דאָ איז טאַקע אַן אמת׳ער „יונייטעד ניישאַנס“ אין קליינעם פאָרמאַט. דערצו איז דאָס לערנען דאָ אויך אַנדערש. די פּראָגראַם איז דאָ צוגעשניטן לויט דעם כאַראַקטער פון דער יו־ען. דאָ פירט זיך, למשל, אַז ווען עס קומט עפּעס אַ יום־טוב פון וועלכן עס איז פאָלק, ווערט דער יום־טוב אויסגעפּיר׳ט אין די קלאַסן, כדי אַלע קינדער זאָלן זיך באַ־קענען מיט אים. היינט איז עס אַן אַרגענטינער יום־טוב, נעכטן איז עס געווען אַן אינדישער, מאָרגן וועט עס זיין אַ כינעזישער, איבער־מאָרגן אַ פּוילישער. איין מאָל אין יאָר ווערט אין דער שולע דורכ־געפירט אַן אַלגעמיינע פייערונג פאַר די קינדער און די עלטערן פון די קינדער, און דעמאָלט מאַכט מען אַ סעודה, וואו עס ווערן סערווירט די בעסטע געריכטן פון אַלע פעלקער. די קינדער און געסט קומען אָנגעטאָן אין די קאָסטיומען פון אַלע פעלקער.

מיט דער דאָזיגער פאָררעדע קענען מיר צוקומען צום עיקר ענין.

גייט זיך אונזער זעקס־יעריג אידיש מיידעלע, שערי ענן, אין דער דאָזיגער שולע און לערנט זיך פלייסיג, ווי געוויינליך אידישע קינדער, און זי נעמט אויף מיט איר קעפּעלע אַלץ וואָס זי זעט דאָ פון די פאַרשידענערליי פייערטעג און פייערליכקייטן פון אַלע פעלקער פון דער וועלט, און קיינער ווייסט ניט אַז אין איר הערצעלע טליעט

עפּעס אַן אומצופרידנקייט, עפּעס אַ געפיל פון באַ׳עוול׳טקייט. וואָס איז? קיין אידישן יום־טוב און קיין אידישן צערעמאָניאַל זעט מען דאָ ניט...

נאָר אַלץ ביז אַ צייט. איינמאָל, אין דעם ווינטער פון 1958, איז געקומען דער „קריזיס״ און ס׳האָט אויסגעפּלאַצט...

ס׳איז געווען חנוכה־צייט. יענעם יאָר, ווי באַוואוסט, איז חנוכה אויסגעפאַלן זייער נאָענט צו זייער קריסטמעס. זיצט שערי ענן איין טאָג אין קלאַס, און די לערערין רעדט צו די קינדער וועגן קריסטמעס. שערי ענן הערט און הערט, און אין הערצעלע ביי איר רירט זיך עפּעס, רודערט זיך, ביז זי קען מער ניט אויסהאַלטן און זי גיט אַ הויב אויף דאָס הענטל.

דערזען דאָס אויפגעהויבענע הענטל, פרעגט זי די לערערין וואָס זי וויל זאָגן.

שטעלט זיך די קליינע שערי ענן אויף, און רעדט מיט גרויס ווירדע און פרעגט: פאַרוואָס איז עס, וואָס אַלע פייערטעג לערנט מען דאָ אין קלאַס, און חנוכה ניט?

געפעלט עס דער לערערין, מרס. דאָראָטהי ראָבערטס, ביז גאָר, און זי ענטפערט מיט ליבשאַפט און סימפּאַטיע: אַוודאי, ביזט גערעכט, שערי ענן, מיר דאַרפן לערנען וועגן חנוכה אויך, אָבער קיינער פון אונז דאָ ווייסט ניט קיין סך וועגן חנוכה. אפשר קענסטו אונז דער־ציילן?

נעמט שערי ענן און דערציילט קורץ און שאַרף: „שלעכטע מענטשן זיינען געקומען קיין ישראל און זיי זיינען אַריין אין טעמפּל און האָבן שמוציג געמאַכט דעם פּלאַץ („דווירדהיט אַפּ דהי פּלעיס״). זיינען געקומען די מאַקאַבייער און האָבן זיי אַרויסגעוואָרפן („קיקד דהעם אַוט״), און זיי האָבן געפונען אַ קריגעלע בוימל גענוג פאַר איין ליכטל איין נאַכט אין דער מנורה, אָבער ס׳האָט געברענט אַכט טעג, און דאָס איז חנוכה. און דאָס איבעריגע האָט מיין מאַמע אַ ביכל, וואו עס ווערט אַלץ דערציילט, און מיר האָבן אַ מנורה אויך...״

אַראָפּגערעדט זיך פון האַרצן, האָט שערי ענן זיך אַוועקגעזעצט מיט אַ געפיל פון טריאומף. און די לערערין, אַ זייער סימפּאַטישע ענגלענדערין, האָט איר שטאַרק געדאַנקט פאַר איר אינטערעסאַנטער

„לעקציע" און האָט איר געפרעגט צי קען זי ניט בעטן איר מאַמע, זי זאָל שיקן דאָס ביכל און די מנורה אין דער שולע אַריין, פאַר אַלע קינדער צו זען.

שערי ענן איז אַ גליקליכע געלאָפן אַהיים אָנצוזאָגן דער מאַמע'ן. די מאַמע, דר. עלסי סטיינער, האָט מיט צופרידנקייט געמאַכט אַ פּעקעלע פון דעם ביכל און דעם חנוכה־לעמפּל און עס מיטגעגעבן דעם קינד אין דער שולע אַריין.

די לערערין, מרס. ראָבערטס, האָט זיך גלייך גענומען שטודירן דאָס ביכל, וואו ס'איז געשטאַנען גענוי באַשריבן ווי אַזוי מ'בענטשט חנוכה־ליכט, די ברכה און אַלץ, און האָט דאָ אויפ'ן אָרט אין קלאַס געבענטשט חנוכה־ליכט און אַלע קינדער האָבן געזען, געלערנט און הנאה געהאַט.

די שטונדע געענדיגט, וויל שערי ענן נעמען דאָס ביכל און דאָס חנוכה־לעמפּל צוריק אַהיים. אָבער מרס. ראָבערטס האָט געזאָגט: ניין, זאָל עס בלייבן אין דער שולע, כדי זי זאָל קענען בענטשן חנוכה־ליכט אַלע אַכט טעג.

דאָ איז שוין צו שערי ענן'ס גליק גאָר קיין גרעניץ ניט געווען. אַ באַגייסטערטע איז זי געלאָפן אַהיים אָנזאָגן די גרויסע בשורה דער מאַמען און דעם טאַטען, הערמאַן סטיינער.

אָבער הפנים אַז די טיפע איבערלעבונג איז געווען צופיל פאַר איר: אונזער קליינע העלדין איז פאַרשלאָפט געוואָרן, און אויף מאָרגן האָט זי גאָרניט געקענט גיין אין דער שולע. און אַזוי איז איר ניט באַשערט געווען אויסצוטרינקען איר בעכער גליק ביז'ן סוף: זען ווי מרס. דאָראָטהי ראָבערטס בענטשט חנוכה־ליכט אַלע אַכט טעג פאַר די אויגן פון אַלע פעלקער פון דער וועלט...

אָבער וואו שערי ענן האָט אָפּגעלאָזט, האָט איר ברודערל סטיווען אָנגעהויבן. ער לערנט אין דעם קינדערגאָרטן פון דער זעלבער שולע, און וואָס די שוועסטער האָט געטאָן מיט איר לערערין, האָט ער געטאָן מיט זיינער, מיסס מאַריאַ גאַנסקאָ, אַ בולגאַרין. ער האָט פאַרלאַנגט זי זאָל אויסבאָרגן דאָס חנוכה־לעמפּל ביי מרס. ראָבערטס און ווייזן פאַר די קינדער פון זיין קלאַס אויך ווי אַזוי מ'בענטשט חנוכה־ליכט...

און אָט אַזוי האָבן צוויי אידישע קינדערלעך מקדש השם געווען:

געבראַכט פאַר די אויגן פון אַלע קינדער פון דער וועלט, די קינדער וואָס וועלן מאָרגן זיין די פעלקער פון דער וועלט, די לערע פון חנוכה...

די סטיינערס זיינען פליטים פון היטלער־לאַנד.

און אָט איז נאָך אַ פאַל פון אַ קידוש השם דורך אַ אידיש קינד, נאָך דראַמאַטישער ווי שערי ענג׳ס, ווייל ער האָט אָפּגעקלונגען אין דער גאַנצער וועלט:

די קריסטן, ווי באַוואוסט, האָבן אַ מנהג: געפאַרבטע אייער אום איסטער אָדער פאַסכע. אין אַמעריקע איז דער דאָזיגער מנהג צונויפּ־געפלאָכטן מיט נאָך אַ מנהג: דעם איסטער־זונטאָג, אין וואַשינגטאָן, קומען זיך צוזאַמען מאַסן קינדער פאַרן ווייסן הויז פון דעם פּרע־זידענט, און מען קייקלט געפאַרבטע אייער אויפ׳ן גראָז.

אַזוי יאָר איין, יאָר אויס. באַוואוסטזיניגע אידישע קינדער נעמען, פאַרשטייט זיך, ניט קיין אָנטייל אין דעם טשיקאַוון שפּיל. ביז איינמאָל — דאָס האָט אויך געטראָפן אין יאָר 1958 — האָט אַ אידיש אינגל זיך מתקנא געווען און איז אַרויס מיט אַ פאַרטל: אַזוי ווי יענעם יאָר איז דער אידישער פּסח אויסגעפאַלן אין נאָנטסטער שכנות מיט איסטער, איז דאָס אינגל אויך געקומען „קייקלען" אויפ׳ן גראָז פאַר׳ן ווייסן הויז. נאָר אָנשטאָט אייער, האָט ער געקייקלט קניידלעך...

און איבער גאַנץ אַמעריקע, אין די צייטונגען, אויף דער ראַדיאָ און אויף טעלעוויזיע, האָט זיך צעטראָגן די מעשה מיט די קניידלעך, און דורך די קניידלעך — די מעשה פון בין ישראל לעמים...

און נון, צוריק צו אונזער אינערן הייליגטום.

איך האָב געקענט אַ אינגל — היינט איז ער שוין אַ יונגערמאַן — וואָס זיין מאָדנער וועג צו אידישקייט איז גאָר אויסטערליש.

זיין בענקשאַפט צו אידישקייט האָט זיך אויפגעוועקט אין אים ווען ער איז איינמאָל געווען אין הויז פון זיינעם אַ חבר, וואָס האָט געלערנט אין אַ ישיבה, און האָט דאָרט געהערט שפּילן חזנ׳ישע פּלאַטן. די חזנ׳ישע מוזיק האָט אויפגערודערט זיין קינדיש הערצל. איז ער געקומען אַהיים און האָט גענומען בעטן טאַטע־מאַמע מ׳זאָל אים אויך שיקן אין אַ ישיבה. אָבער די עלטערן האָבן ניט געהאַלטן דערפון.

די חזנ׳ישע געזאַנגען האָבן דעם אינגל מער ניט געלאָזט רוען. איז ער אַוועק און האָט זיך געקויפט אַן אינסטרומענט מיט עטליכע חזנ׳ישע פּלאַטן און האָט זיי געשפּילט. און ס׳איז אַוועק אַ לאַנגע סדרה. יעדן דאָלאַר וואָס ער האָט געקראָגן האָט ער אויסגעגעבן אויף חזנ׳ישע פּלאַטן, און יעדער פרייע מינוט וואָס ער האָט געהאַט, האָט ער זיי געלאָזט שפּילן.

און ניט קיין פּאַסיווער צוהערער איז ער געווען: ער איז גע־וואָרן אַליין אַ מין חזנ׳ישע פּלאַטע, ניט איינע, נאָר אַ סך, אומצייליגע. אַלץ וואָס ער האָט געהערט, האָט ער אַריינגענומען אין זיך, די ווערטער און די ניגונים אינאיינעם. און אַזוי ווי ער איז געווען מוזיקאַליש און האָט געהאַט אַ גוט שטימעלע, פלעגט ער אָפּזינגען און איבערזינגען די חזנ׳ישע תפילות פון די פּלאַטן אַן אַ סוף.

דער סוף איז געווען, אַז ער האָט געקענט אָפּזינגען דאָס גאַנצע דאַוונען, פון וואָך, שבת און יום־טוב ווי די בעסטע חזנים.

נאָר אַלץ אויף אויסווייניג. קיין עברי האָט ער ניט געקענט. לייענען אין סידור אָדער מחזור די תפילות, וואָס ער האָט געזונגען מיט גרויס טעם און כוונה, האָט ער זיך קיינמאָל ניט אויסגעלערנט. און קיין פירוש המילות אַוודאי ניט.

געבליבן אַן אַ צורת אלף ביז היינטיגן טאָג, אָבער געוואָרן אַ וואוילער איד, אויפ׳ן אַמעריקאַנער שטייגער, אַ געזעלשאַפטליכער טוער, איבערגעגעבן צו מדינת ישראל מיט לייב און לעבן. און אַלץ מיט׳ן כוח פון חזנ׳ישן געזאַנג אַליין...

ס׳איז ניט קיין גרינגער קאַמף וואָס אונזערע קינדער האָבן צו פירן מיט טאַטע־מאַמע. אָפטמאָל די טאַטע־מאַמע צווישן זיך אויך.

איך האָב געהערט אַ פאָטער טענה׳ן: איך וויל ניט מיין קינד זאָל גיין אין ישיבה, וואו איך אַליין בין ניט געגאַנגען. ער וועט לערנען זאַכן וואָס זיינען מיר געבליבן פרעמד, און ער וועט אַריינ־ברענגען אין הויז אַריין פירעכצן, וואָס זיינען מיר ניט באַקאַנט. דאָס קען פירן צו מיספאַרשטענדענישן, אפשר אַפילו צו קאָנפליקטן, און עס וועט צעשטערט ווערן דער פרידן אין הויז...

אָבער פון דער מאַמען פון זעלבן קינד האָב איך געהערט:

זינט איך האָב מיין קינד אַוועקגעשיקט אין ישיבה, האָב איך

זיך אַליין אָנגעהויבן באַקענען מיט אידישקייט. וואָס ער לערנט אין דער ישיבה קומט ער אַהיים און דערציילט מיר איבער. איך נאָש פון אים וויפיל נאָר עס לאָזט זיך. איך הער זיך איין אין זיין לערנען און שלינג זיינע רייד. ערשט איצט פיל איך וואָס איך האָב ניט געגנאָסן ביי מיין טאַטען אין הויז. נאָך ווען מיין אינגעלע איז געגאַנגען אין דעם קינדער־גאָרטן פון דער ישיבה, האָב איך שוין אָנגעהויבן לערנען פון אים.

דער דאָזיגער ווידוי פון אַ מאַמען איז איינע פון די וואונדער־ליכסטע זאַכן וואָס מיינע אויערן האָבן פאַרנומען אויף דער וועלט. פריער האָט די מאַמע געזויגן דאָס קינד. איצט זויגט דאָס קינד די מאַמע...

אָדער נעמט אברהמ׳עלען, אברהמ׳עלע אַקסלראד. ווען אברהמ׳ילע איז נאָך אַ קליין אינגעלע געווען, איז אונז אויסגעקומען צו פאַרברענ־גען עטליכע זומערן אין דאָרף צוזאַמען. און אברהמ׳עלעס גרעסטע פרייד, און אויך זיין גרעסטער שטאָלץ איז געווען מיר צו האַלטן די הבדלה שבת צונאַכטס.

איינמאָל פרייטאָג צונאַכטס איז ער געקומען צו אונזער טיש און איז באַשיינפערליך באַצויבערט געווען פון די ליכט, פון די חלה אונ־טער אַ ווייס טישטעכל, פון דעם זילבער, און מער ווי אַלץ פון דעם קידוש מאַכן. דאָס נפש׳ל איז נאָך דעמאָלט קיין דריי יאָר ניט אַלט געווען. ווען איך האָב געענדיגט קידוש מאַכן, שרייט אברהמ׳עלע אויס מיט אַנטציקונג: אוי, מיסטער ליבערמאַן, מאַכט „דלה" (הבדלה) אויך!...

די עלטערן, שלמה און בעטי אקסלראד, האָבן אברהמ׳עלען גע־שיקט אין ישיבה ד׳לאָנג איילאַנד, אין פאַר ראַקעוויי, וואו זיי וואוינען. אברהמ׳עלע איז אַ וואויללערנער, אַ מתמיד. ווען ער איז געוואָרן בר־מצוה, אין מאַי, 1959, האָט ער געזאָגט, אַז ווען ער וועט אויסוואַקסן און וועט חתונה האָבן און וועט האָבן קינדער, „וועל איך זיך מקריב זיין און וועל זיי שיקן אין ישיבה".

אויף אַ סך אַמעריקאַנער טאַטעס געזאָגט געוואָרן אברהמ׳עלעס שכל...

דער „וועל איך מקריב זיין" איז אברהמ׳עלעס אייגענער אויסדרוק.

וואָרים צו אַלע זיינע שיינע, גוטע און זיסע מעלות, רעדט נאָך אברהמ׳ע־לע אַ טייערן אידיש אויך.

צום שלוש — אַ פּאַסירונג וואָס איז אַ טיפער סימבאָל:

טאַטע־מאַמע און אַ אינגל פון אַ יאָר זיבן. די עלטערן זיינען פרייע, ראַדיקאַלן. קיין סימן פון אידישקייט אין הויז. פּרינציפּיעל ניט.

דעם אינגל׳ס אַ חבר הויבט אָן גיין אין תלמוד־תורה. קריגט דאָס אינגל אויך חשק. נאָר טאַטע־מאַמע ווילן אַפילו ניט הערן דערפון.

אָבער דאָס אינגל כאַפּט זיך סיי־ווי־סיי אַריין אין תלמוד־תורה, און דאָרט דערוויסט ער זיך אַ סך נייע זאַכן. איינע פון די זאַכן, וואָס ער דערוויסט זיך איז, אַז אויף שבת בענטשן אידישע מאַמעס ליכט.

קומט ער אַהיים און הויבט אָן בעטן דער מאַמען זי זאָל בענטשן ליכט. ער האָט עס קיינמאָל ניט געזען, און עס גייט אים ממש אויס דאָס האַרץ. נאָר די מאַמע האָט בשום אופן ניט געוואָלט נאָכגעבן דעם קינד׳ס „נאַרישן קאַפּריז״...

אַז דאָס אינגל האָט געזען, אַז די מאַמע וויל ניט בענטשן קיין ליכט, האָט ער באַשלאָסן, אַז ער וועט אַליין בענטשן...

דאָרט אין הויז פלעגט זיך פירן, אַז יעדן פרייטאָג־צו־נאַכטס פלעגן טאַטע־מאַמע גיין אין קינאָ. דאָס אינגל פלעגט מען לייגן שלאָפן און אַליין פלעגט מען אַוועקגיין. אַ שכנה פלעגט האַלטן אַן אויג אויף דער טיר...

אָט דעמאָלט, ווען טאַטע־מאַמע גייען אַוועק אין קינאָ — האָט דאָס אינגל ביי זיך באַשלאָסן — וועט ער בענטשן ליכט.

דורך דער וואָך האָט ער אָפּגעשפּאָרט עטליכע סענט פון זיין „ספּענדינג מאָני״, און אַז ס׳איז געקומען פרייטאָג איז ער אַוועק אין שפּייז־קראָם, אָדער גראָסערי־סטאָר, און געזאָגט: גיט מיר ליכט.

דער קרעמער האָט געקענט דאָס אינגל. די מאַמע פלעגט האַנדלען ביי אים. ער האָט געקענט דאָס הויז און האָט געוואוסט, אַז ס׳איז אַ ראַדיקאַל הויז און דאָרט בענטשט מען ניט קיין ליכט אויף שבת. ער ווייסט אָבער אַז אַ יאָרצייט־לעמפּל צינדט מען אָפּטמאָל אַן אַפילו ביי ראַדיקאַלן. גייט ער און גיט דעם אינגל אַ יאָרצייט־ליכט.

דאָס אינגל האָט געמיינט, אַז דאָס איז שבת־ליכט, האָט ער עס

געגומען אַהיים און באַהאַלטן. באַהאַלטן ביז די עלטערן וועלן אַוועק אין קינאָ.

ער האָט זיך קוים דערוואַרט דעם אָוונט. נאָכ׳ן עסן האָט אים די מאַמע געלייגט שלאָפן און זי איז מיט׳ן טאַטען אַוועק אין קינאָ.

דאָ איז דאָס אינגל אַרויס פון בעט, האָט אַרויסגענומען דאָס יאָרצייט־לעמפל פון באַהעלטעניש, האָט אָנגעריבן אַ שוועבעלע און אָנגעצונדן. ער האָט זיינס דערגרייכט: ער האָט געבענטשט ליכט אויף שבת...

ער האָט דאָס יאָרצייט־לעמפל אַוועקגעשטעלט אויף אַ שטול נעבן זיין בעט, איז אַריין אין בעט אַריין און איז געלעגן און מיט נחת צוגעקוקט ווי זיין שבת־ליכט ברענט. ס׳איז געווען זיין ערשטע טיפע אידישע איבערלעבונג — ער איז געלעגן אַזוי לאַנג ביז דער שלאָף האָט אים גובר געווען און ער איז איינגעשלאָפן.

ליגט זיך דאָס אינגל און שלאָפט, און צוקאָפּנס ביי אים שטייט אַ יאָרצייט־ליכט און ברענט.

שפּעט אין אָוונט, טאַטע־מאַמע קומען צוריק פון קינאָ, זיי עפענען די טיר, און אַ פּחד באַפאַלט זיי: וואָס זעען זיי? וואָס איז געשען? וואָס איז עס פאַר אַ טויטן־ליכט צוקאָפּנס פון זייער קינד? וואָס איז געשען מיט זייער קינד?

די מאַמע איז אַוועקגעפאַלן אין חלשות. און ווען זי איז צו זיך געקומען, און ווען עס איז קלאָר געוואָרן וואָס דאָ איז געשען — יאָ, וואָס־זשע מיינט איר איז געשען?

פון דעמאָלט אָן האָט זי שוין יעדן פרייטאָג געבענטשט ליכט. און דאָס אינגל האָט זיך פאַרשריבן אין תלמוד־תורה און ס׳איז געוואָרן גאָר אַן אַנדער הויז.

די מעשה האָט מיר דערציילט אַ באָבע פון דעם אינגל.

און אָט דאָס איז דער סימבאָל פון דער דאָזיגער מעשה, ווי פון אַלע אונזערע מעשיות, ווי פון דער גאַנצער אידישער געשיכטע:

ס׳איז אָדער שבת־ליכט, אָדער יאָרצייט־ליכט!...

# קאָנטראַסטן

דעם 13טן מאַי, 1959, צום עלפטן יום העצמאות פון מדינת ישראל, איז אין „פאָרווערטס״, אונטער מיין נאָמען, געדרוקט געוועזן דער פאָלגענדער סאַלוט צו דער אידישער מדינה:

„די זון איז הייס איבער ישראל. ס'איז אַ נייע זון וואָס רופט אויס די ווידערגעבורט פון אַ פאָלק. אוי, ווי מיר ווילט זיך אויסשרייען צו אַלע שאַרן פון ישראל זיי זאָלן אויפשטיין, אָנקוקן, און מקבל פנים זיין זייער פאָלק וואָס קומט צוריק!

יהושע, שאַל דיינע שופרות! מיר קומען אַזוי ווי דו ביסט געקומען — טויזנטער וואָס זיינען שטאַרק, גאַרנדיג און אויסגעבענקט נאָך אונזער היימלאַנד. זיבן לענדער האָסטו איינגענומען צו דערוועגבן דיין געבורטסרעכט. אַזוי האָבן מיר זיבן פעלקער מנצח געווען. מיר טרעטן ניט אַריין אין זעלבן לאַנד וואָס „פליסט מילך און האָניג״ ווי דו. אָבער די ערשטע ווייַנטרויבן פון כרמל זיינען אויך אַזוי זייער זיס!

דערוואַך, דערוואַך, דבורה! דערוואַך, דערוואַך, זינגג אויס אַ געזאַנג. גיי אַרויף מיט ברק'ן צום שפּיץ גלבוע און זינג צו דיין פאָלק. וואָרים אַזוי ווי דו האָסט מנצח געווען די חיילות פון סיסרא, אַזוי זיינען מיר מנצח דעם ירדן.

נעם דיינע קריגעלעך מיט פייער און דיינע טרומפייטן, גדעון, און קוק אַן אונזער ניי מאָדנע פייער וואָס שיסט אַרויס פון ביקסן און טאַנקען. קוק עס אָן איצט, ווייל באַלד לייגן מיר עס אַוועק און נעמען זיך אַקערן די פעלדער.

שמשון, פליס אַריין אין אונז אַביסל פון דיין קראַפט. שמשון, מען וויל אונז דערמאָרדן אַזוי ווי מ׳האָט דיך דערמאָרדעט. גיב אונז דיין גייט און מיר וועלן אַרונטערשמעטערן זייערע טעמפלען.

„זיסער זינגער פון ישראל״, נעם דיין האַרף און זינג צו ג־ט, גיב אים דאַנק פאַר דעם נס וואָס ער האָט באַוויזן. יאָ, איך ווייס וואָס דו וועסט זאָגן: „זעט, דער וואָס היט ישראל זאָל ניט דרימלען און ניט שלאָפן״. מיר שלאָפן ניט, דוד. מיר היטן ישראל פאַר דיר!

דוד, נעם־מיט דיין קריגס פירער מיט דיר, יואב׳ן. ער איז געווען אַזוי גרויס און מעכטיג. אפשר קען ער עפעס ראַטן אונזערע קריגס־לייט. און יונתן, אים נעם־מיט — זיין בריה׳שקייט מיט פייל־און־בויגן איז היינט אפשר נוצלאָז, אָבער זיין טאַקטיק און זיין גייסט — אָה, און ער איז געווען דער זון פון אַ קעניג.

דיין נבואה איז מקוים געוואָרן, ישעיה. מיר האָבן זיך אויסגעע־דרייט און געזאָגט איינער צום אַנדערן: „בית יעקב, קומט לאָמיר גיין אין ג־ט׳ס ליכט״. מיר זיינען געגאַנגען. עס האָט אונז געבראַכט אַהער, קיין ישראל.

קום צוריק מיט אונז, בר גיורא, און דו בר כוכבא, און דו רבי עקיבא. קומט, איר וואָס האָט די ערשטע דערפילט דעם גלות. איר זייט געשטאָרבן פאַרטיידיגנדיג ישראל אין זיין לעצטן שטעל. איך קומט דער ערשטער אַריינטריט. קומט, פירט אונז.

א ון דו אויך, טעאָדאָר הערצל. דו האָסט אַריינגעפלאָסן אין אונז אַ נייע האָפענונג ווען דו האָסט געזאָגט: „אויב איר ווילט, איז עס ניט קיין לעגענדע״. ניין, ס׳איז ניט קיין לעגענדע! וואָרים מיר זיינען דאָ, און דאָ וועלן מיר בלייבן.

דעריבער, שטייט אויף, איר אַלטע העלדן פון ישראל, און קוקט אָן די נייע! מיר קומען איינצעמען נייע וועלטן — וועלטן פון פרייהייט, האָפענונג, גלויבן, חכמה, שלום. מיר וועלן זיך באַזעצן דאָ אין אונזער היימלאַנד און לעבן אין די דאָזיגע וועלטן, אפשר ווי אַ מוסטער פון ג־ט׳ס ווילן.

די זון גייט אויף הייס איבער ישראל. ס׳איז דער פרימאָרגן פון לעבן. גוט מאָרגן דיר, ישראל!״

די אויבערשטע שורות זיינען, ווי געזאָגט, געווען געדרוקט אונ־טער מיין נאָמען, אָבער זיי זיינען ניט פון מיר געשריבן געוואָרן. איך וואָלט אוודאי געקענט זיין זייער שטאָלץ מיט זיי. אָבער געשריבן האָט זיי אַ יונג אידיש מיידל אין מאָנטרעאָל, קענעדע, נאָך קיין זעכצן יאָר ניט אַלט, חוה ראַסקיס.

וויכטיג אויך צו באַמערקן, אַז זי איז נאָך קיינמאָל ניט געווען אין ארץ ישראל און האָט נאָך ניט געזען דאָס לאַנד און די מדינה מיט אירע אויגן. דאָך האָט זי מיט אַזאַ וואונדערליכן כוח אויפגעכאַפּט דעם גייסט און די וויזיע פון מדינת ישראל.

פון דעם מערקווירדיגן אויפזאַץ פון חוה ראַסקיס קען מען זען וואָס פאַר אַ באַגייסטערונג עס קען אָנגעצונדן ווערן אין די הערצער פון די אידישע קינדער אין אַמעריקע צו מדינת ישראל.

ניין, איך האָב ניט געשריבן דעם „גוט מאָרגן דיר, ישראל!״. איך האָב עס נאָר איבערגעזעצט אין אידיש. די הערליכע פאָעמע איז דערגאַנגען צו מיר אין ענגליש. און כדי צו ברענגען דעם תענוג פון דער זאַך צו די וואָס קענען ניט לייענען קיין אידיש, גיב איך עס דאָ אויך אין חוה ראַסקיס׳ אָריגינעלער פאָרם, אין ענגליש:

The sun is hot over Israel. It is a new sun that proclaims the rebirth of a nation. How I long to shout out to all the hosts of Israel to arise, behold, and welcome their returning people.

Joshua, blow your trumpets! We come as you came—thousands who are strong, willing and yearning for our homeland. Seven countries did you conquer to claim your birthright. So did we seven countries subdue. We do not enter the same land "flowing with milk and honey" that you did. But the first grapes of Carmel are so very sweet!

Awake, awake, Deborah. Awake, awake; utter a song! Go with Barak to the top of Gilboa and sing to your people. For as you conquered the armies of Sisera, so do we conquer Jordan.

Take your jugs of fire and your trumpets, Gideon, and watch the new fire we bring that shoots out of guns and tanks. See it now, for soon we lay it down to till the fields.

Samson, instill in us some of your strength. Samson, they want to murder us as they did you. Give us your spirit and we will crash down their temples.

"Sweet psalmist of Israel," take your harp and sing to God, thank Him for the miracle He has wrought. Yes, I know what you will say: "Behold, he who keepeth Israel shall neither slumber nor sleep." We sleep not, David! We guard Israel for you.

David, take your general with you—Joab. He was so very mighty. Perhaps he can tell *our* warriors something. And Jonathon—his skill at archery may be useless, but his tactics and spirit—Ah! And he was the son of a king.

Your prophecy has come true, Isaiah. We turned and said to one another, "House of Jacob, let us arise and follow the light of God." We have. It has led us here, to Israel.

Come back to us Giora, Bar Kochba and Rabbi Akiva. Come, you who were the first to be exiled. You died defending Israel in the last stand. To you should go the first entry. Come, lead us.

And you too, Theodore Herzl. You instilled in us a new hope when you said, "If you will it, it is no fairy tale." It is no fairy tale! For we are here, and here we shall remain.

Therefore, arise, old heroes of Israel and behold the new! We come to conquer new worlds—worlds of freedom, hope, belief, thought, peace. We will settle here in our homeland and live in these worlds as an example, perhaps, of God's will.

The sun rises hot over Israel. It is the dawn of life.

Good Morning, Israel!

EVA ROSKIES

ס׳איז צו באַוואונדערן ווי אַזוי אונזער יונגע מחבר׳ין, ביי יעדן העלד און נביא, טרעפט־צו געגוי צו יענעמס ראָלע און יענעמס נוסח. דאָס ווייזט אויף אַ גוטער באַקאַנטשאַפט מיטן ענין און אויף אַן איידעלן חוש פאַר סטיל.

פון דעם ערשטן וואָרט ביז׳ן לעצטן פילט זיך דער גייסט פון תנ״ך. בלויז איינער וואָס איז דורך און דורך אָנגעזאַפּט מיט דער הייליגער שריפט, דורכגענומען ביז׳ן מאַרך פון די ביינער, האָט גע־קענט אַרויסגעבן אַזאַ קליין קונסט־שטיק, וואָס איז אַן אמת׳ער בת קול פון תנ״ך.

חוה ראַסקיס האָט געענדיגט אַ אידישע טאָג־שולע אין מאָנטרעאָל, „די אידישע פאָלק־שולע״, אונטער דער אָנפירונג פון די פּעדאַגאָגן שלמה וויסמאַן און שמשון דונסקי. נאָך דער „פאָלק־שול״ איז זי אַוועק אין דער ענגלישער גימנאַזיע, און די אידישע און העבּרעאישע לימודים האָט זי ממשיך געווען אין אָוונט אין דער פאָלק־שול. איר עסיי וועגן ישראל אין ענגליש איז פּשוט אַ צופאַל: מען האָט געדאַרפט שרייבן אין דער ענגלישער גימנאַזיע אַ פּרייז קאָמפּאָזיציע, האָט זי דערפילט אַ דראַנג, אַז אויך אין דער ענגלישער שולע זאָל מען אַמאָל הערן און רעדן וועגן ישראל. האָט זי עס אָנגעשריבן.

געבענטשטע טאַטע־מאַמע און אַ געבענטשטע אידישע טאָכטער. וואָס טאַטע־מאַמע האָבן פאַרשטאַנען איר צו געבן אַ אידישע נשמה, איר אמת׳ע נשמה. נאָר ווי ווייניג אידישע טעכטער אין אַמעריקע האָבן געקראָגן די טייערע מתנה פון אַ אידישער נשמה פון זייערע טאַטע־מאַמע אָדער דערציער! די געבענטשטע פון זיי, וואָס האָבן אַ זיבעטן זכות געהאַט, האָבן עס אַמאָל אַליין געפונען.

ווי אַזוי אַ אידישע טאָכטער האָט געפונען איר נשמה, ווערט דערציילט אין אַ מערקווירדיגן בריוו וואָס איך האָב דערהאַלטן. אויב איר ווילט, איז דער בריוו אַ שפּיגל פון דער גאַנצער אידישער טראַגעדיע אין דער היינטיגער צייט: ווי אַזוי האָט עס אַזאַ טייער אידיש קינד גאָר בכלל פאַרלוירן איר נשמה? איר אידישע שפּראַך, איר פאַרבינדונג מיט איר פאָלק, דעם אידישן אינהאַלט פון איר לעבן? וואָס האָבן אידישע טאַטעס און מאַמעס אין אַמעריקע געהאַט צו זייערע קינדער? פאַרוואָס האָבן זיי זיי געשטאָפּט ווי די געגנז ווען עס איז

געקומען צום גוף, און זיי געלאָזט אויף אויסצערונג און בלוטלאָזיגקייט ווען עס איז געקומען צו זייער גייסט ?

נאָר לאָמיר לייענען דעם בריוו. איך וויל נאָר באַמערקן, אַז דער בריוו איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך מיינס אַן אַרטיקל אין „פאָרווערטס" אונטערן נאָמען „אין קליינעם געסל". אין דעם אַרטיקל האָב איך דערציילט ווי אַזוי איין טאָג, ווען איך בין אַרויס אין דער גאַס, האָב איך דערפילט ווי די גאַנצע וועלט איז פול מיט „איד": צוערשט האָב איך באַגעגנט דעם גוי'אישן איסטער, דערנאָך דעם גרויסן פילם „די צען געבאָט", דערנאָך דעם פילם וועגן דעם אידישן מאַרטירער־קינד „אַננאַ פראַנק". און אָט ווי עס גייט דער בריוו, אין זיין אייגענעם געמאַטערטן אידיש:

„ווערטער מר. ליבערמאַן — איך האָב ערשט געלעזן דעם אַרטיקל „אין קליינעם געסל", ווי איך לעז אייערע אַרטיקלען אַלעמאָל, נאָר יעצט קען איך זיך מער ניט איינהאַלטן צו שרייבן צו אייך. פריער, דענק איך, מוז איך שרייבן וועגן זיך און ווי עס קומט פאָר אַז איך לעז אייער קאלום. איך בין אַמעריקאַנער־געבוירן. פון קינדווייז האָב איך געקענט שפּרעכן און פאַרשטיין אידיש, נאָר קיינמאָל ניט געקענט לעזן און שרייבן — ווי אַלע פון מיינע יאָרן. נאָר מאַנכע יאָרן צוריק בין איך געוועזן גאַנץ קראַנק, און ווען איך האָב זיך געפילט בעסער האָב איך זיך גענודיעט ליגן אַ גאַנצן טאָג אין בעט, אַפילו מיט לעזן ענגלישע ביכער. האָב איך זיך באַשלאָסן — איך ווייס ניט פאַרוואָס — זיך אויסלערנען שרייבן און לעזן אידיש. מיין פאָטער האָט מיר געקויפט אַ קאַרטע מיט דעם אלף־בית, וואָס די קינדער שטודירן אין חדר, און מיט דער קאַרטע האָב איך זיך אויסגעלערנט, און איך האָב גענומען דעם „פאָרווערטס" און אויסגעקליבן אַן אַרטיקל, און געשריבן דאָס אין אידיש.

נו, בין איך געוואָרן בעסער, צוריק צו דער אַרבעט און מיינע טעגליכע זאַכן, און ווידער מער ניט געלעזן און געשריבן (קיין אידיש). נאָר איינמאָל אין אַן אָוונט, לעצטן דעצעמבער, ווען די ענגלישע גאַזעטן זיינען געוועזן אויף סטרייק, בין איך געוועזן אַזוי נייגעריג אויף נייעס, אַז איך האָב אָנגעפאַנגען לעזן דעם „פאָרווערטס", און פון דעמאָלט אָן לעז איך שוין אַלע טאָג. און פון ערשטן לעז איך חיים ליבערמאַן.

נו, צום געסטערנ׳ס אַרטיקל: עס האָט מיך גענומען צוריק צום לעצטן יאָר ווען איך בין געווען אין אַמסטערדאַם (האָלאַנד) און בין געגאַנגען פאַר אַ באַזוך צום הויז פון אננאַ פראַנק. איך האָב פריער געווען אין ישראל, פון דאָרטן בין איך געפאָרן צו איטאַליע, צו פּאַריז, וואו איך האָב באַזוכט דעם נייעם מעמאָריאַל צו די זעקס טויזנט (מיליאָן) אידישע מאַרטירער, פון דאָרטן צו בעלגיע, און נאָכדעם צו אַמסטערדאַם, צו ענגלאַנד, און געענדיגט מיין רייזע פון אַלע פלעצער — אין איירלאַנד.

פון אָנפאַנג טוט מיר זייער לייד זאָגן, אַז איך האָב ניט געגליכן ישראל. דעם מיינונג (די באַדייטונג) פון ישראל קען איך און פאַרשטיי עס גאַנץ גוט, נאָר ישראל דעם פּלאַץ האָב איך ניט געגליכן. געקומען צו פּאַריז, צו די מאַרטירער־מעמאָריאַל, און דאָרטן האָט מיר פיל גענומען צום האַרצן. געקומען צו אַמסטערדאַם, דעם ערשטן טאָג געגאַנגען צום פּרינצן־גראַכט, די הויז פאַרשלאָסן. צוריקגעגאַנגען פרי דעם נעקסטן טאָג, אויפן וועג בייגעגאַנגען אַ סטאָר פון בלומען. עפּיס האָט מיך געמאַכט קויפן אַ קליינעם בינטל געלינקע בלומען. קומענדיג צום הויז זע איך ווי אַ גרופּע מענער און פרויען קומען אַרויס און נעמען בילדער נעבן הויז און פאָרן אַוועק אין אויטאָמאָבילס. איך קום אַריין אין דעם אַלטן, צעבראָכענעם הויז. אַ פרוי באַגריסט מיך. איך גיב איר די בלומען. „פאַר אַ קליין מיידעלע", פאַנג איך אָן צו זאָגן צו איר, און באַגיס זיך אין טרערן. און עס האָט מיר גענו־מען אַ לאַנגע צייט ביז איך האָב געקענט זאָגן — „וואָס האָט דאָ געשטאָרבן". דורך מיינע טרערן און פאַרשטיקטן האַלז האָב איך מיט שווערקייט איר געזאָגט: „איך בין פון אַמעריקע, אין אַמעריקע האָבן מיר פון דעם אַלעס ניט געוואוסט. מיר האָבן געלעזן, נאָר ניט אַליין געוואוסט פון דאָס. מיר האָבן געלעבט און געלאַכט, ווייל (בשעת) דאָ אין איראָפּע האָט אַלץ דאָס פּאַסירט צו אונזערע מענטשן".

זי גיט מיר צוריק די בלומען: „דו לייג זיי דאָרט אַליין". איך האָב זיך אַביסל געקומען צו זיך, און זי גיט מיר אַ בוך אַריינצושרייבן מיין נאָמען. אויפן זעלבן בלאַט זע איך ווער די מענטשן זיינען געווען וואָס איך האָב געזען אַנקומענדיג צום הויז — עס זיינען געווען ניט מער ווי יוסף שפּרינצאַק און אַנדערע באַאַמטע פון „כנסת" אין ישראל!

נו, פאַרפאַלן, אַביסל צו־שפּעט געקומען! אַ מאַן און פרוי, דער

מאַן אַ דאָקטאָר פון אַמסטערדאַם, די פרוי אַ פראַנצויזישע שרייבערין, זיינען געקומען נאָך מיר, און דער מאַן דער וואָס פּאַסט אויף אויף דעם הויז, האָט אונז אַרומגענומען זען אַלעס. מיר האָבן אַרויפגעקלעטערט אויף די הויכע לייטער וואָס זיינען די שטיגן אין האַלענדישע הייזער, דורך דער טיר וואָס איז געווען באַהאַלטן מיט דער „שעלף" (פּאָליצע) פון ביכער, ביז מיר האָבן געקומען צו דעם צימער, וואו אַננאַ פראַנק האָט געשלאָפן. און דאָרטן אין וויגקעלע לעבן פענסטער, וואו איז געשטאַנען איר בעטעלע, האָב איך אַוועקגעלייגט מיין קליינעם בינטעלע געלינקע בלומען, צו די טרערן וואָס האָבן ווידער גערונען פון מיינע אויגן.

פאַרלאָזן דעם הויז, האָב איך געגאַנגען צו דער קירך, וואו האָבן געקלונגען די „בעללס" (גלעקער) וואָס זי האָט געהערט און וועגן וואָס זי האָט געשריבן. איך האָב זיך אַביסל צוגעזעצט אין אַ פּאַרק אַנטקעגן דער קירך צו שרייבן אַ בריוו צו מיין שוועסטער וועגן מיין באַזוך.

און דאַן, דענקענדיג פון מיין באַזוך צו דעם מעמאָריאַל אין פּאַריז און צו דעם הויז פון אַננאַ פראַנק, האָט צו מיר געקומען די פולע מיינונג (באַדייטונג) פון מדינת ישראל: פאַר דאָס מוזן מיר אַרבעטן — אַז מער ניט קען מען (זאָל מען קענען) טאָן צו אידן, און צו אַנדערע מינאָריטי־גרופּעס פון דער וועלט וואָס מען האָט געטאָן אין די ביי־גאַנגענע יאָרן.

איך האָף אַז איר קענט פאַרשטיין מיין שרייבן. מיט מיינע בעסטע געווינטשן צו איך, אייער בייסטע לעזערין,

מיס פלארענס ליפּקין, ניו יאָרק."

איך האָב איבערגעגעבן דעם בריוו פון מיס פלאָרענס ליפּקין מיט אַלע זיינע גרייזן, צו ווייזן ווי בראַוו זי ראַנגלט זיך מיט איר אידיש, און אויך ווי נאָענט זי שטייט צום סאַמע ברעג פון אַ גוטן, פולן, זאַפטיגן אידיש. אַלץ וואָס איר פעלט איז אַ צוויי־דריי לעקציעס מיט אַ לערער. דאָס וואָלט איר געווען גענוג אַרומצושערן די „שנויצן" פון אירע גרייזן און אַרויספאָרן אין אידיש אויפן ברייטן שליאַך.

דער אופן ווי אַזוי מיס ליפּקין האָט זיך אויסגעלערנט אידיש איז ביז גאָר באַלערנדיג: ווי גרינג דאָס איז איר אָנגעקומען! אַליין, מיט די אייגענע כוחות, קראַנקערהייט אין בעט, בלויז מיט אַ טאַבעלע פון אלף־בית.

מיט אַזאַ קליינער אָנשטרענגונג — און מען געווינט אַ גאַנצע שפּראַך, עפּעס אַ קלייניגקייט, — נאָך אַ שפּראַך אין לעבן! ווי אַזוי איז עס ביי אידן רעכט געוואָרן אַזוי צו פאַרנאַכלעסיגן זייער לשון? וואָס פאַראַ „פּריצים״ זיינען זיי עס פּלוצלונג געוואָרן ביי זיך, אין אַמעריקע, וואָס זיי האָט אויפגעהערט אָנצושטיין זייער אייגענער לשון?! אַ היסטאָרישער פאַרברעכן, און אַ חרפּה. אַ חרפּה לגבי די אַמאָליגע דורות און אויך פאַר די צוקונפטיגע.

נאָר דער ענין אידיש איז ניט דער איינציגער אינטערעס וואָס פּלאָרענס ליפּקינ׳ס בריוו רופט אַרויס. מיר זעען אין דעם בריוו דעם וועג, אויף וועלכן די שרייבערין איז געגאַנגען און אויף וועלכן זי האָט געפונען איר אידישע נשמה. איר זעט איר חשבון הנפש. זי איז דערשיטערט געוואָרן שטייענדיג פּנים אל פּנים מיטן מאָנומענט פון די זעקס מיליאָן אידן וואָס זיינען אומגעקומען דורך די דייטשן, און זעענדיג דאָס דאָכשטיבל, וואו דאָס וואונדערליכע קינד, אַננאַ פראַנק, איז געפּייניגט געוואָרן. זי טאַדלט זיך אַליין וואָס בשעת יענע האָבן געליטן און זיינען אומגעקומען, האָט זי אַליין געלעבט אַ גוטן טאָג אין אַמעריקע. (און צי דען נאָר זי אַליין?). אין ליכט פון דעם וואָס זי האָט דאָ דערזען און באַגריפן, האָט מדינת ישראל געקראָגן גאָר אַן אַנדער באַדייטונג אין אירע אויגן: בשעת זי איז פריער געווען גלייכגילטיג, איז זי איצט געוואָרן גרייט צו אַרבעטן פאַר ישראל, זיך ווידמען צו דער אידישער מדינה.

אָבער דאָך דאַרף געזאָגט ווערן, אַז דער טויער פון טרערן איז ניט דער איינציגער, און אפשר אויך ניט דער ריכטיגער, דורך וועלכן אַריינצוטרעטן אין אידישקייט. אידישקייט איז ניט „טרערן״. אידישקייט איז ניט קיין „טראַגעדיע״. אידישקייט, פּונקט פאַרקערט, איז אַ לעבנס־אָנשויאונג פון אָפּטימיזם, פרייד און גייסטיגן און קערפּערליכן גליק. די טרערן און מאַרטירערשאַפט זיינען נאָר דער רעזולטאַט פון אַ פּיל טויזנט־יעריגער ראַנגלעריי מיט דער וועלט. אידישקייט איז קודם כל און בעצם אַ פּאָזיטיווער גוט און פאַרמעגן, נאָר אונזערע טאַטעס און מאַמעס אין אַמעריקע האָבן גענומען דעם דאָזיגן גרויסן פאַרמעגן און אים פאַרטאַכלעוועט אויף גאָרניט, באַרויבנדיג זייערע קינדער פון זייער אידישער ירושה און אמת׳ן לעבן.

# אַ מעשה און אַ פילאָזאָפיע

צו אַלע מעשות פון לעבן וואָס זיינען געבראַכט געוואָרן אין לויף פון אונזערע באַטראַכטונגען, לאָמיר צוגעבן נאָך איינע, וואָס טראָגט און איז מפרש איר אייגענע פילאָזאָפיע, און די דאָזיגע פילאָזאָפיע דריקט אויס אין דער אייגענער צייט די פילאָזאָפיע פון אַלע אַנדערע מעשות, אייגנטלעך די פילאָזאָפיע פון דעם גאַנצן בוך.

געלעבט אין ניו־יאָרק אַ ראַדיקאַלע אידישע פאַמיליע, וואָס איר ראַדיקאַליזם איז געגאַנגען אַזוי ווייט און ברייט, אַזוי טיף און הויך, אַז ווען ס'איז ביי זיי געבאָרן געוואָרן אַ בן־יחיד, האָבן זיי מיט פאַר־אַכטונג אָפּגעוואָרפן דעם געדאַנק פון מל זיין אים.

ניט געוועזן נאָך דעמאָלט אין מאָדע דער היינט פאַרשפּרייטער אייַנפיר, מל צו זיין אינגלאַך צוליב היגיענע, וואָס האָט פּאָפּולער גע־מאַכט מילה אפילו צווישן גוים, און וואָס גיט די אידישע ראַדיקאַלן אַ גוטן אויסרייד צו ברענגען זייערע זין אין דעם ברית, אָבער ניט צוליב אידישקייט, נאָר צוליב פיזישן געזונט.

אַז מען האָט דאָס אינגל אפילו ניט מל געווען, איז דאָך אַ פשיטא שוין אַז מען האָט אים אין חדר ניט געשיקט. איז ער אַליין אויסגע־וואקסן אַ „גוי".

און אַט איז ער שוין אַ גרויסער בחור, און אַ גערעטענער אין אַלע וועלטלעכע זינענס.

מאַכט זיך איינמאָל און ער פאַרברענגט זומער אין אַ זומער־פּלאַץ און באַגעגנט דאָרט אַ מיידל און ער פאַרליבט זיך אין איר אויפ׳ן ערשטן קוק. און זי אין אים אויך אַזוי, אויפ׳ן ערשטן קוק אָדער אויפ׳ן צווייטן. קיין חילוק ניט.

און דאָס מיידל איז א רב׳ס אַ טאָכטער.

געקומען קיין ניו־יאָרק, איז דער בחור באַלד געוואָרן אַן איינגייער ביים רב אין הויז.

עס האָט דעם רב ניט לאַנג גענומען צו דערקענען, אַז ער האָט פאַר זיך אַ וואוילן יונגענמאַן, נאָר נעביך אַ „גוי גמור״.

ווען דער רב האָט זיך דערגראָבן צו זיין ראַדיקאַלן יחוס, האָט ער זיך דערוואוסט, אַז דער יונגערמאַן איז ניט גע׳מל׳ט אויך.

— אַ ניט־גע׳מל׳טער ביי מיר פאַר אַן איידים — האָט דער רב געזאָגט דעם יונגענמאַן — אויסגעשלאָסן!

דעמאָלט איז דער יונגערמאַן געקומען צו זיינע עלטערן און האָט פאַר זיי אַוועקגעלייגט אַ מאָדנע טענה:

— וואָס פאַראַ רעכט — האָט ער זיי געפרעגט — האָט איר גע־האַט מיך ניט מל צו זיין?

טאַטע־מאַמע, האָט ער גע׳טענה׳ט, האָבן אוודאי זייערע רעכט אי־בער אַ קינד, אָבער דאָס קינד האָט אויך זיינע אייגענע רעכט, וואָס ליגן ניט אין דעם רשות פון די עלטערן. די עלטערן קענען אים, למשל, געבן אַזאַ דערציאונג אָדער אַן אַנדערע, אים צוגרייטן צו אַזאַ פּראָ־פעסיע אָדער אַן אַנדערער, אָבער זיי קענען ביי אים, למשל, ניט צונע־מען דאָס לעבן, אָדער מאַכן פאַר אַ קאַליקע, אָדער אפילו מיסבאַ־האַנדלען מיט צופיל שטרענגקייט, ווער שמועסט גרויזאַמקייט. דאָ מישט זיך אַריין דאָס געזעץ.

ברית־מילה, האָט ער גע׳טענה׳ט, געהער צו דער צווייטער קאַ־טעגאָריע רעכט אָדער פּריווילעגיעס. עס ליגט ניט אין דעם רשות פון טאַטע־מאַמע: ס׳איז אַ נאַציאָנאַלער ענין, וואָס געהער צום קינד אַלס איד. עס געהער צו אים אַלס קינד פון פאָלק, ניט אַלס קינד פון עלטערן. די אידישע אומה האָט עס אויף אים אַרויפגעלייגט אַלס חוב

אָדער אַלס זכות, און טאַטע־מאַמע האָבן איבער דעם קיין דעה ניט, צו זאָגן ניין.

און דער בחור איז אַוועק און האָט זיך געלאָזט מל זיין, און האָט זיך געלאָזט איבערדערציען אַלס אמת׳ער איד, און ער האָט חתונה געהאַט מיט זיין געליבטער און זיי האָבן געלעבט גליקליך.

די דאָזיגע מעשה טראָגט אין זיך אַ פילאָזאָפיע, וואָס איז אַ מין דעקלאַראַציע פון די איינגעבאָרענע, אומאָפּנעמבאַרע רעכט פון דעם אידישן קינד. אָבער ניט מילה אליין איז אַן איינגעבאָרן רעכט פון דעם קינד אַלס איד, נאָר אויך אַ אידישע דערציאונג, אַ דערציאונג צו תורה און אידישקייט. עלטערן האָבן נישט קיין רעכט דאָס אַוועק־צונעמען פון זייערע קינדער. און אויב זיי טוען עס, באַגייען זיי אַ געזעצלאָזיקייט פון אונטערדריקונג און גזילה: זיי באַרויבן, באַ׳גנב׳ענען און באַ׳גזלנ׳ענען זייערע קינדער פון זייער נאַציאָנאַלער ירושה, פון זייערע טייערסטע און הייליקסטע נאַציאָנאַלע גיטער. ביי זייער גרעס־טער ליבשאַפט האַנדלען זיי ווי פיינט פון זייער אייגן בלוט און פלייש.

# דער גרויסער סך־הכל

דעם לעצטן סך־הכל וועל איך מאַכן דורכ׳ן מויל פון אַנדערע.

באָריס סטאָליאַר, דירעקטאָר פון דער „איטא״ אין ניו־יאָרק, שטייט אין סאַמע צענטער פון אידישן לעבן. ער איז אַ לאַנגיעריגער, קילער, אָביעקטיווער, דערפאַרענער באַאָבאַכטער פון דער אידישער ווירקליכקייט אין אַמעריקע. אין פרילינג פון יאָר 1958 האָט ער געשריבן אַ סעריע אַרטיקלען וועגן די הויפּט שטרעמונגען אין אידישן לעבן אין אַמעריקע ביים אַריינטריט אין דער צווייטער העלפט פון צוואַנציגסטן יאָרהונדערט און אין דעם צווייטן צענדליג פון מדינת ישראל. איך ברענג דאָ אייניגע פון זיינע אויספירן.

וועגן געמישטע חתונות האָט ער געשריבן:

„זיי האַלטן אין שטייגן. אין מאַנכע שטעט מאַכן זיי אויס צען פּראָצענט פון אַלע פאַרהייראַטע אידישע פאַמיליעס, און אין אַנדערע גרייכן זיי ביז צוועלף פּראָצענט. ניינציג פּראָצענט פון געמישטע הייראַטן זיינען פון אַמעריקאַנער געבוירענע. די מערסטע קינדער פון געמישטע הייראַטן קריגן ניט קיין דערציאונג אַלס אידן״.

און וועגן דער אידישער שטודירנדיגער יוגנט שרייבט ער:

„דער דורכשניטליכער אידישער סטודענט אין אַמעריקע — אַזוי

גלויבן יענע וואָס פירן די אַרבעט צווישן אידישע סטודענטן אין די הלל פאַונדעישאָנס — האַלט זיך „נייטראַל" — צו אידישקייט. דאָס הייסט ער פאַרלייקנט ניט זיין אידישקייט, אָבער ער האָט ניט קיין אינטערעס אין אידישע פראַגן.

דער דורכשניטליכער אידישער סטודענט טראָגט אַ קליינעם מגן דוד, אָדער אַ קליינע מזוזה אויף זיין האַלז, פונקט ווי דער דורכשניטליכער קריסטליכער סטודענט טראָגט אַ קליין צלמ'ל. און ער שעמט זיך ניט צו צייגן זיין מזוזה'לע, אָדער מגן דוד'ל, פאַר זיינע קריסטליכע חברים. ער נעמט זיין אידישקייט פאַר אַ נאַטירליכע זאַך. ער באַרימט זיך ניט דערמיט וואָס ער איז אַ איד, אָבער ער פילט אויך ניט אַז ער דאַרף זיך פאַר עמיצן אַנטשולדיגן פאַר זיין אידישקייט.

פון דער צווייטער זייט אָבער, גייט אים די עכטע אידישקייט זייער ווינציג אָן. דער דורכשניטליכער אידישער סטודענט קען אַפילו ניט דעם אידישן אַלף־בית, און האָט ניט דעם מינדעסטן אינטערעס אים צו קענען, אָפּגערעדט שוין דערפון, אַז ער האָט ניט קיין שום וויסן פון אידישער געשיכטע אָדער פון אַנדערע אידישע גייסטיגע ווערטן. מאַנכע אידישע סטודענטן געדענקן אַז זיי זיינען אין זייערע קינדערישע יאָרן געגאַנגען יעדן זונטאָג אין „סאָנדעי סקול" ביי דער סינאַגאָג, און אַנדערע זיינען אַפילו אין קיין אידישער סאָנדעי סקול אויך ניט געגאַנגען . . .

אַ באַדייטנדע צאָל אידישע סטודענטן קומען פון היימען וואו די עלטערן האָבן זיך געשעמט מיט אידישקייט, אָדער האָבן, אַלס ערשטער דור אַמעריקאַנער־געבוירענע, ניט געוואוסט פיל וועגן אידישקייט. זיי קומען פון היימען וואו עס איז ניטאָ קיין אידישער בוך, אַפילו ניט די ביבעל. עס איז דערפאַר קיין וואונדער ניט וואָס זייער אינטערעס צו אידישקייט איז אַ פּאַסיווער — זיי זיינען איינפאַך גלייכגילטיג צו זייער אידישקייט און צו אַלץ וואָס איז אידיש.

מיט אַזאַ גלייכגילטיגקייט צו אידישקייט, איז עס נאַטירליך אַז אידישע סטודענטן זאָלן ניט מאַכן קיין שום וועזן וועגן געמישטע הייראַטן.

וואָס איז די שטעלונג פון דעם אַמעריקאַנער אידישן סטודענט צו ישראל?

דער דורכשניטליכער סטודענט האָט קיין שום אינטערעס ניט אין

ישראל. ער איז ניט גערירט פון דעם וואָס אידן האָבן נאָך צוויי טויזנט יאָר געקראָגן אַן אייגענע מדינה. ער פאָלגט ניט נאָך די אַנטוויקלונג פון ישראל, און עס אינטערעסירן אים ניט די דאָרטיגע דערגרייכונגען.

דאָס אַלץ קומט דערפון, וואָס זיין „פינטעלע איד" דריקט זיך אויס בלויז אין דעם וואָס ער פאַרלייקנט ניט זיין אידישקייט. פיליכט ווען ער זאָל האָבן אַ בעסערע אידישע דערציאונג, וואָלט ער אויך דאַן געהאַט אַ פּאָזיטיווע באַציאונג צו ישראל. ער וואָלט פיליכט דאַן אויך אַרויסגעצייגט אינטערעס פאַר פראַגן וואָס רירן־אָן דאָס אידישע לעבן אין אַמעריקע גופא.

דער דורכשניטליכער אידישער סטודענט באַטראַכט זיך פאַר אַן אַמעריקאַנער פון אידישן גלויבן גאַנץ אומבאַוואוסטזיניג, אויף אַן אויטאָמאַטישן אופן.

דער אידישער סטודענט, ווייט פון אידישע טראַדיציעס, איז אויך ווייט פון צו זיין ברייטהאַרציג אין דעם גייסט פון אידישער טראַדיציע. ער איז ניט גענויגט צו געבן ביישטייערונגען פאַר אידישע צוועקן, כאָטש ער איז גענוג פאַרמעגליך צו מאַכן געהעריגע ביישטייערונגען. ער האָט גענוג געלט פאַר זייטיגע אויסגאַבן און ער איז זעלטן אין פינאַנציעלער נויט. אָבער דאָס געלט וואָס ער האָט, גיט ער אויס מערסטנטייל אויף אַ „גוד טאַים".

(„פאָרווערטס", יוני 8, 1958)

עד כאן באָריס סמאָליאַר.

און דאָ זיינען איניגע ציטאַטן פון אַ צווייטן ערנסטן, זייער וואָגיגן מקור:

הרב טובי' גאָלאָמבעק דערציילט אין דער „אידישער וואָך" (מאַי 7, 1959), אַז אין זומער פון 1958 איז ער געווען אין אַ זומער־קעמפּ פון אידישער יוגנט. דאָרט איז געווען אַ וועכנטליכע פּראָגראַם פון פראַגן און ענטפערס, צו פּרואוון די אינטעליגענץ פון די אָנטיילנעמער, לויטן שטייגער פון די ענגלישע ראַדיאָ־ און טעלעוויזיע־פּראָגראַמען ווי „אינפאָרמעישאָן, פּליעז". הרב גאָלאָמבעק האָט גע'פּול'ט ביים דירעקטאָר ער זאָל איין אָוונט געבן אַן עכט־אידישע פּראָגראַם מיט פראַגן וואָס האָבן אַ שייכות מיט אידישער געשיכטע, מיטן תנ"ך, מיט אידישע דינים און מנהגים. און הרב גאָלאָמבעק האָט טאַקע אַליין אויסגעשטעלט די פּראָגראַם.

„דאָס זיינען ניט געווען — שרייבט הרב גאָלאָמבעק — קיין שווערע, אַקאַדעמישע פראַגן וואָס פאָדערן ערנסטע קענטעניש אָדער שטודיום. עס האָט זיך בלויז געפאָדערט עטוואָס באַקאַנטשאַפט מיטן תנ״ך, מיטן אידישן לוח, עטוואָס אידישע געשיכטע און ישראל־געאָגראַפיע״. און צווישן די פיר הונדערט יונגע אידישע סטודענטן וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין דעם אָוונט, דערציילט דער חשוב׳ער רב, האָט זיך ניט געפונען קיין איינער וואָס האָט געקענט ענטפערן אַפילו צוויי פון די דרייסיג פראַגן! און אָט זיינען עטליכע פון די פראַגן:

ווען איז פאָרגעקומען דער ערשטער מאָרד אויף דער וועלט און ווער איז אים באַגאַנגען? וועלכער חתן האָט געאַרבעט פערצן יאָר ביי דער כלה׳ס פאָטער כדי צו קריגן זיין כלה? ווער האָט אַרויסגע־צויגן וואַסער פון אַ שטיין און וואו איז דאָס געשען? וואו געפינט זיך דער טויטער ים, פאַרוואָס רופט מען אים אַזוי, און ווי רופט מען אים אין העברעאיש? ווער האָט געבויט דעם ערשטן בית המקדש און וואו איז ער געשטאַנען? גיט אָן די נעמען פון דריי שטעט אין מדינת ישראל. גיט אָן דעם נאָמען פון אַ פּאָרט־שטאָט אין מדינת ישראל. ווער איז געווען דער ערשטער פרעזידענט פון מדינת ישראל? ווי איז דער נאָמען פון דעם פרעמיער־מיניסטער פון מדינת ישראל?

פיר הונדערט אידישע יוגנטליכע, מערסטנס סטודענטן, האָבן ניט געקענט ענטפערן אויף קיין איינער פון די דאָזיגע פראַגן!

דער לעזער וועט זיך דערמאָנען פון אַ פריערדיגן קאַפּיטל וועגן אַ „פּרוב״ וואָס אַ קריסטליכער פּראָפעסאָר האָט געגעבן אַ גרופּע אידישע טעכטער: יענע זיינען שוין געווען גאַנצע למדנית׳טעס אַנטקעגן די געפּרובטע פון דעם חשוב׳ן הרב גאָלאָמבעק. פון דאָרט ביז אַהער האָבן די אַמעריקאַנער אידן געמאַכט אַ ריזיגן פאָרשריט אין — עם הארצות.

איך האָב געמיינט, אַז די פראַגע „וועלכער משה איז געווען פריער״, אָדער „וואָס איז געוואָרן פון סאָלאָמאָנ׳ס טעמפּל, ער שטייט נאָך?״ איז שוין דער סאַמע לעצטער גרונט אין דעם אָפּגרונט פון אידישער אומוויסנקייט און טעמפּקייט, אָבער ניין: הרב גאָלאָמבעק׳ס פראַגע־בויגן האָט אויפגעדעקט נאָך גרעסערע, גאָר אומגעאַנטע טיפענישן אין אידישער פאַרגרעבטקייט.

דער חשוב׳ער רב איז נאָך מוסיף, בעל פה, אַז די געפרעגטע האָבן

זיך, חלילה, ניט געשעמט מיט זייער אומוויסנקייט, זיך ניט געפילט אין קיין פאַרלעגנהייט, זיך ניט געדרויטלט פאַר בושה. פאַרקערט, זיי האָבן עפּעס ווי זיך געגרויסט, זיך איבערגענומען, זיך געגוויגערט. זיי האָבן גענומען דעם ענין אויפ'ן גרויסן געלעכטער, זיי האָבן גע־חוזק'ט, געשפּעט, ווי זיי וואָלטן געזאָגט: ווער עמען גייען אָן אַזעלכע זאַבאַבאָנעס? ווי שעמט מען זיך ניט צו קומען מיט אַזעלכע אָפּגעלעבטע נאַרישקייטן צו אונז, קינדער פון צוואַנציגסטן יאָרהונדערט?...

פיר הונדערט יונגע סטודענטן און סטודענטקעס...

די אמת'ע טראַגישע ירידה וואָס ליגט דערין וועט אונז קלערער ווערן ווען מיר וועלן אַ קער טאָן אַ בלאַט אין אונזער גאָרניט־לאַנג־אָניקער געשיכטע און איבערלייענען אַ קאַפּיטל. איך מיין דאָס קאַפּיטל אידישע געשיכטע פון מיטן נייַנצנטן יאָרהונדערט. געווען דעמאָלט אַ דור אין אייראָפּע, וואָס האָט געהאַט אַ סך ענליכקייטן צום אידישן דור אין אַמעריקע ביים מיטן פון צוואַנציגסטן יאָרהונדערט. אויך געווען פאַרפרעמדטע, אין אידישקייט אומוויסנדע, צום פאָלק גלייכ־גילטיגע. נאָר מיט וואָס פאַר אַן אַנדער אויסגאַנג!

מיר וועלן נעמען פיר גרויסשטייענדיגע פּערזענליכקייטען אַלס פאָרשטייער פון יענעם דור: טעאָדאָר הערצל, מאַקס נאָרדאַו, לעאָ פּינסקער און זאב זשאַבאָטינסקי.

מיר וועלן אָנהויבן מיט זשאַבאָטינסקי'ן.

זאב זשאַבאָטינסקי איז געווען אַ באַרימטער ציוניסטישער פירער. און געקומען איז ער צום ציוניזם, און מ'קען זאָגן — צו אידן, פון דער פרעמד. ער איז אויפגעוואַקסן אין אַ רוסישער סביבה און קיין אידישע דערציאונג האָט פריער ניט געהאַט דורכגעברענט זיין נשמה. יעדנפאַלס זייער, זייער ווייניג. ער איז געווען אַ רוסישער אינטע־לעקטואַל, אויפגעצויגן אין שויס פון דער רוסישער ליבעראַלער קול־טור. דאָס האָט געמיינט אין דער ליבעראַל־אייראָפּעאישער קולטור. ווייל די ליבעראַלע רוסישע אינטעליגענץ האָט געהאַט איר האַרץ און אירע אויגן אין מערב־אייראָפּע. אין אַנדערע ווערטער, ער איז געווען אַ קינד פון דער אייראָפּעאישער קולטור.

פונדעסטוועגן איז געקומען אַ צייט און ער האָט זיך אַ שאַרפן קער געטאָן צום ציוניזם און ער האָט אָפּגעפרעגט די אייראָפּעאישע קולטור. דאָס איז געווען דערפאַר וואָס ער האָט דערזען, אַז די „אייראָפּעאישע

קולטור" וועט ניט געבן דעם אידן וואָס אים קומט אַלס מענטש, אַ גלייכער מיט גלייכע. נאָכמער, ער האָט געזען, אַז די „איראָפּעאישע קולטור" קען אים אַפילו ניט גאַראַנטירן זיין לעבן.

זשאַבאָטינסקי האָט גאַנץ גוט געוואוסט און האָט אַנערקענט, אַז אין דער איראָפּעאישער געזעלשאַפט איז דאָ אַן ערליכער, אָנשטענ־דיגער עלעמענט, וואָס פאַרשטייט די אידישע פּראָבלעם און איז גרייט צו העלפן לייזן די אידישע פראַגע. ס'איז, הייסט עס, אַ סדום אין וועלכן עס פעלן ניט די צען צדיקים. און אפשר טאָקע די גאַנצע פופציג. אָבער ער האָט געהאַט פּחד, אַז אין דער צייט פון סכנה און נויט, וועלן די געציילטע צדיקים פון דער איראָפּעאישער קולטור ניט קענען ביישטיין דעם המון פון אירע רשעים.

צוויי ווערטלעך פלעגט זשאַבאָטינסקי ליב האָבן צו נוצן, און ווען מען שטעלט זיי אַוועק איינס נעבן אַנדערן, דריקן זיי אויס זיין גאַנצע סאָציאַלע און ציוניסטישע פילאָזאָפיע. איינס איז געווען, אַז „עס זיינען דאָ מערדער, אָבער עס זיינען אויך דאָ ריכטער". דאָס הייסט, די איראָפּעאישע געזעלשאַפט איז ניט אינגאַנצן פאַרדאָרבן. ס'איז דאָ אין איר יושר און צדק אויך. דאָס אַנדערע ווערטל, אָדער לאָזונג, איז געווען געווענדט צו אידן און האָט געלויטעט: „מאַכט אַ סוף צום גלות, אַניט וועט דער גלות מאַכן אַ סוף צו אייך". ער, דער טיף־דורכגעדרונגענער מיט דער איראָפּעאישער קולטור, באַוואוסטזיניג פון אירע מעלות, האָט אויך געוואוסט אירע חסרונות. און די דאָזיגע חסרונות, האָט ער געהאַלטן, וועלן אין אַ צייט פון קריזיס, אַוועק־שווענקען די מעלות און ברענגען גרויס אומגליק אויף אידן. און אַזוי איז געווען.

אין דעם פּרט איז זשאַבאָטינסקי ניט געווען קיין אויסנאַם. געווען נאָך צוויי ציוניסטישע פירער, פירער פון ערשטן ראַנג, נאָך גרעסערע „אייראָפּעער" פון זשאַבאָטינסקי'ן, און אפשר נאָך ווייטער אָפּגערוקט פון אידן ווי ער איז געווען. נאָר פאַר זיי אויך איז געקומען אַ צייט ווען זיי האָבן זיך אויסגעקערט מיט'ן פּנים צו אידן, און — מיט'ן רוקן צו דער איראָפּעאישער קולטור. איך האָב דאָ אינזינען דר. הערצל און דר. מאַקס נאָרדאַו. ביידע זיינען זיי געווען איראָפּעער ביז'ן מאַרך פון די ביינער. דר. הערצל נאָך אַפילו מער ווי מאַקס

נאָרדאָו. וואָרים נאָרדאָו איז נאָך ביז'ן עלטער פון צען יאָר געגאַנגען אין חדר; הערצל האָט אַזאַ אידישע דערציאונג ניט געקראָגן.ביידע זיינען זיי געווען באַרימטע שריפטשטעלער און זייערע נעמען האָבן געקלונגען אין די גרעסטע ליטעראַרישע צענטערס פון דער צייט: וויען, פּאַריז, בערלין, לאָנדאָן.

אָבער ווען דאָס רעדל האָט זיך אַ דריי געטאָן און זיי זיינען געוואָרן ציוניסטן — אין אמת'ן, די שעפער פון פּאָליטישן ציוניזם — אַזוי האָבן זיי דערפילט בחוש, אַז דער איד דאַרף וואָס גיכער אַנטלויפן פון איראָפּע מיט איר קולטור, אויב ער וויל ניט פאַרניכטעט ווערן.

אייגנטלעך דאַרף מען די זאַך אַוועקשטעלן פאַרקערט: ווייל זיי האָבן דערפילט בחוש אַז איראָפּע קען ווערן אַ קבר פאַר אידן, האָבן זיי זיך אויסגעדרייט מיט'ן פּנים צו אידן און האָבן פאַרלייגט די יסודות פון פּאָליטישן ציוניזם.

ביי הערצל'ען און מאַקס נאָרדאָו איז דער געשריי געווען: „אַרויס פון געטאָ" און „עקזאָדוס" — יציאת מצרים. אויך הערצל פלעגט זאָגן, אַז „עס זיינען דאָ מערדער, אָבער עס זיינען אויך דאָ ריכטער". אייגנטליך האָט זשאַבאָטינסקי געגאַשט דאָס דאָזיגע שפּריכוואָרט פון הערצל'ען, אָבער ביידע האָבן געהאַלטן, אַז די „ריכטער" וועלן זיין קוים געננוג צו העלפן די אידן זיך ראַטעווען פון די „מערדער", נאָר מ'דאַרף, מ'קען און מ'זאָל געווינען און אויסנוצן זייער סימפּאַטיע און זייער הילף פאַר'ן ציוניזם.

די זעלבע דערשיינונג געפינען מיר ביי דר. לעאָן פּינסקער, דעם פאָרלויפער פון פּאָליטישן ציוניזם, דעם באַרימטן פאַרפאַסער פון דעם קליין־גרויסן ביכל: „אויטאָ־עמענסיפּאַציע". לעאָ פּינסקער איז אויך געווען אַן „איראָפּעער". ער האָט שטודירט אין רוסישע און דייטשישע אוניווערזיטעטן. און ער איז געווען אַ גרעסערער משכיל פון אַלע משכילים. די משכילים, געוויינליך, האָבן געהאַלטן אַז די אידן דאַרפן אַוועקוואַרפן זייערע אייגענע זיטן און שפּראַך און איבערנעמען די זיטן און שפּראַך פונ'ם לאַנד, אָבער זיי האָבן זיך געקלאַמערט אין העב־רעאיש. דר. לעאָן פּינסקער איז גרייט געווען אויפצוגעבן העברעאיש אויך. ער האָט פאַרלאַנגט, אַז מ'זאָל די אידישע תפילות איבערזעצן

אויף רוסיש און דאַוונען אויף רוסיש, און אַפילו דעם תנ״ך האָט ער פאַרלאַנגט זאָל מען דערלויבן די אידן נאָר אין רוסישער איבערזעצונג. אַזאַ פּראָגראַם האָט ער אויסגעאַרבעט מיט אַ גרופּע, און מ׳האָט די פּראָגראַם געשיקט צו דער רוסישער רעגירונג אויף באַשטעטיגונג. דער פּונקט וועגן דעם תנ״ך איז שוין געווען צו שאַרף אַפילו פאַר דער רוסישער רעגירונג, און דער אינערן־מיניסטער האָט אים אויסגעמעקט.

נון, דאַרף מען שוין ניט האָבן קיין בעסערן „אייראָפּעער״ ווי לעאָן פּינסקער איז געווען.

פונדעסטוועגן איז אויך פאַר אים געקומען אַ צייט ווען ער האָט זיין גאַנצן אייראָפּעאישן באַגאַזש אַריינגעוואָרפן אין ים אַריין און האָט זיך אומגעקערט צו אידן. ער איז געוואָרן אַ גרויסער חובב ציון. ער האָט געהאַט דעם מוט אָפּצוטרייסלען זיך פון דער אייראָפּעאישער קולטור און רופן אידן צו אַנטלויפן קיין ארץ ישראל. ער האָט פאַר׳־משפט די אייראָפּעאישע קולטור אַלס קראַנקע. און איר קראַנקהייט האָט ער אָנגערופן „יודאָפאָביע״, פחד פאַר אידן, און שנאה וואָס וואַקסט אַרויס פון דעם פחד.

נאָך פון אַלע פיר איז מאַקס נאָרדאַו געווען דער טיפסטער דענקער און דער גרעסטער קענער פון אייראָפּע, איר געשיכטע און איר קולטור. ער האָט אויפגעשטורעמט אייראָפּע מיט צוויי ווערק, וואָס האָבן אַנאַלי־זירט די קראַנקהייטן פון דער אייראָפּעאישער קולטור. דאָס ערשטע איז געווען: „די קאָנווענציאָנעלע ליגנס פון אונזער ציוויליזאַציע״. מיט דער האַרטקייט פון אַ כירורג און מיט דער שאַרפקייט פון אַ מוסר־זאָגער דעקט ער אויף די צביעות פון דער מאָדערנער ציוויליזאַציע, אירע פאַלשקייטן און פאַרדאָרבנקייטן. דאָס צווייטע בוך איז געווען: „די ענטאַרטונג״, וואו ער באַווייזט מיט אַ גאונ׳ישער טיפקייט, אַז דווקא יענע גרויסע לייט, מיט וועלכע די אייראָפּעאישע ציוויליזאַציע גרויסט זיך, ווי, למשל, טאָלסטאָי, ניטשע, וואַגנער, אַז ערשט זיי זיינען קראַנק אויף קראַנקע געדאַנקען, און מיט זייערע ווערק פאַרגיפטן זיי נאָך מער דעם קערפּער פון דער אייראָפּעאישער מענטשהייט. אין דעם דאָזיגן בוך, וואָס איז געשריבן געוואָרן צום סוף פון 19טן יאָרהונדערט, איז שוין אַפילו דאָ אַ נבואה אויף הילזאַ קאָך, וועלכע האָט, אין די נאַציישע לאַגערן, זיך געמאַכט לאָמפּן פון מענטשליכער הויט.

װאָס זיינען געװען די סיבות װאָס האָבן גורם געװען אַרויסצורייסן די דאָזיגע גרויסע מענטשן פון זייערע װאָרצלען?

אין דעם פאַל פון לעאָן פּינסקער זיינען עס געװען די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד אין אָנהויב פון די אַכציגער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. אין דעם פאַל הערצל איז עס געװען די דרייפוס־אַפערע װאָס ער האָט מיטגעמאַכט אין פּאַריז, זייענדיג דער קאָרעספּאָנדענט פון דער װינער „נייע פרייע פּרעסע". ביי מאַקס נאָרדאָו איז אויך געװען די דרייפוס־געשיכטע װאָס האָט געװירקט. אויך די װאַקסנדיגע אַנטיסעמיטישע באַװעגונג אין דייטשלאַנד און עסטרייך. ביי זשאַבאָ־טינסקי'ן, קען מען זאָגן, האָבן שוין געװירקט די אַלע זאַכן אינאיינעם.

אין יענער צייט אויך, האָט חיים נחמן ביאַליק מיט אַן איינציגער פּאָעמע, „אין דער שחיטה־שטאָט", נאָכ'ן קישינעװער פּאָגראָם, אויפ־געװעקט אַ גאַנצן דור צו תשובה און גרויסע מעשים.

אָבער טוט אַ קוק היינט. היינט איז נאָכ'ן היטלער־חורבן. זעקס מיליאָן אידן פאַרברענט, די גאַנצע עקזיסטענץ פון אידנטום אין אייראָפּע פאַרניכטעט. אין רוסלאַנד, דאָס לאַנד פון סאָציאַליסטישע האָפענונגען, װערט דאָס רוסישע אידנטום פאַר אונזערע אויגן לאַנגזאַם צעמאָלן אין שטויב — און דאָך! און דאָך קיין תשובה, קיין חרטה, קיינע מעשים ביי אונזערע אינטעלעקטואַלן, קיין צוריקקער צום אידישן לאַגער, קיין קריטיק אויף דער „ציװיליזאַציע" און „קולטור", נאָר פאַרקערט, אַ געיעג אין אַסימילאַציע, אין געמישטע הייראַטן, אַפילו אין שמד...

אין יענער צייט, װען אַזעלכע פּערזענליכקייטן װי הערצל און נאָרדאָו זיינען אַרויס אויף דער אידישער סצענע, צום סוף פון דעם ניינצנטן יאָרהונדערט, איז אין אייראָפּע געװען אַ שטימונג װאָס מ'האָט אָנגערופן „פּען די סיעקלע", סוף פון דעם יאָרהונדערט. עפּעס אַ מאָדנע שװערע שטימונג איז געלעגן און האָט געדריקט אויף די הערצער פון די מענטשן אין אייראָפּע. עפּעס אַ אַ פּיינפולע שרעק איז געלעגן אויף די נשמות און קיינער האָט ניט געקענט זאָגן פאַרװאָס און פאַרװען. עס האָט עפּעס געשראָקן אין דעם געדאַנק, אַז דאָס גלאָררייכע ניינצנטע יאָרהונדערט דערגייט צו אַ סוף. און מען האָט געמאַכט אַ גרויסן חשבון הנפש. סיי אידן, סיי גויים. און אין דעם

דאָזיגן חשבון הנפש האָבן אַ סך גרויסע, אָבער דערוויטערטע, אידן זיך אומגעקערט צו זייער וואָרצל.

היינט, היינט ב״ה רעדט מען אויך פון אַ סוף. ניט פון אַ סוף פונ׳ם יאָרהונדערט, נאָר פון אַ סוף פון דער וועלט און פון דער מענטשהייט. און דאָך פילט זיך ניט קיין חשבון הנפש ביי אידן, ניט ביי גרויסע און ניט ביי קליינע, און מען איז פאַרטאָן אין ליידיגע פאַרגעניגנס און פוסטע מחלוקת׳ן, אַזוי ווי אַלץ וואָלט געווען ווי עס באַדאַרף צו זיין אין דער דאָזיגער בעסטער פון אַלע מעגליכע וועלטן.

און מיר לייענען אַזעלכע באַריכטן וועגן אונזערע אינטעלעקטואַלן ווי די, וואָס מיר האָבן אויבן געבראַכט.

צוויי דורות, און ווי אַנדערש איז זייער גאַנג . . .

וואוהין יענער דור איז אַוועק, און איז אָנגעקומען, האָבן מיר געזען.

וואוהין גייט אונזער דור אין אַמעריקע און וואוהין וועט ער אָנ־קומען ?

# צוריק צו גרויסקייט!

מיט אַן עלטערן אידן האָט אַמאָל געטראָפן אַן אומגליק: ער האָט פאַרגעסן דאָס לערנען וואָס ער האָט געקענט, און ביסלעכווייז האָט ער אַפילו דעם אלף־בית פאַרגעסן. האָט ער זיך דערשראָקן: ער האָט געמיינט, אַז ער ווערט צוריק אַ קינד. איז ער אַוועק צו אַ גוטן־אידן פרעגן אַן עצה. האָט אים דער גוטער־איד געזאָגט: גיי צו אַ מלמד און שעם זיך ניט און זעץ זיך אַוועק צווישן די קליינע קינדער און אינאיינעם מיט זיי הויב אָן פון אלף־בית.

דער איד האָט אַזוי געטאָן. נאָר אַז ער האָט אינאיינעם מיט די קליינע קינדער געלערנט, האָט ער שוין אָנגעהויבן אינאיינעם מיט זיי זיך שפּילן אויך. ער האָט זיך געשפּילט מיט זיי אין זאַמד, אין פערדלעך, אין צייכנס, אין קאַץ און מויז. אַז דער גוטער־איד האָט עס דערהערט, האָט ער אים געלאָזט זאָגן:

פון לערנען ווי אַ קליין קינד, קענסטו ווערן צוריק אַ למדן, אָבער פון שפּילן זיך ווי אַ קליין קינד, ווערסטו טאַקע ווערן צוריק אַ קינד...

דער משל איז אָנגעפּאַסט אויף דעם אַמעריקאַנער איד. דער אַמעריקאַנער איד האָט פאַרגעסן לערנען. אַפילו דעם אלף־בית האָט ער פאַרגעסן. און ער האָט זיך אַריינגעלאָזט אין אַלערליי שפּילן

און שטיפערייען, אין ספּאָרטס און ליידיגע פּאַרגעניגנס, און ס'איז דאָ אַ גרויסע סכנה, אַז ישראל סבא, דער אַלטער, גרייז־גרויער איד, חכם און למדן, זאָל אין זיין אַמעריקאַנער געשטאַלט, חלילה, ווערן ווי אַ קינד...

אַט די פראַגע פייניגט אייביג ווי אַ וואונד אויפן מאַרך, און איז דער ענין פון דעם גאַנצן איצטיגן ווערק. און מיט דער פראַגע אין געדאַנק בין איך איינמאָל (פרילינג, 1959) געגאַנגען אויף אַ באַגע־געניש מיט גוטע אידן, וואָס האָבן זייער לעבן געווידמעט כדי דעם אַמעריקאַנער איד אַפּצורייסן און אָפּקירעווען פון זיינע שפּילערייען ווי אַ קינד מיט קינדער, און אים אומקערן צו דער אַלטער אידישער תורה און חכמה. ס'איז געווען אַ מסיבה מיט די פירער פון ישיבה־אוניווערזיטעט.

קיין „גוטערע" אידן פון זיי זיינען ניטאָ. געווען אין דער מסיבה דער גאון האמתי, דער אמת'ער, גרויסער גאון, הרב דר. יוסף בער סאָלאָווייטשיק, ער וואָס האָט אַרויפגעקלעטערט ביזן סאַמע שפּיץ פון „יעקב'ס לייטער" און האָט מיטן קאָפּ אַריבערגעקוקט אַריבערן לייטער, אין סאַמע הימל אַריין; געווען דאָרט דער באַגייסטערטער זעער און געניאַלער בוימייסטער פון תורה, הרב דר. שמואל בעלקין, בויער אין שטיין און בויער אין מחשבה; געווען דאָרט זייער געטרייער מיטהעלפער און מיטטרוימער, היטער און שיצער פון די צאן קדשים, „דיען אָוו מען" דר. שמואל זאַר.

און מיט פאַרצווייפלונג האָב איך זיי געקוקט אין די אויגן און געפרעגט: „התחיינה העצמות האלה?" צי קענען נאָך די טרוקענע ביינער פון אַמעריקאַנער אידנטום אויפלעבן?

יע, געוויס — איז געווען זייער ענטפער — אַוודאי, מיט אידישן ווילן און דעם אויבערשטנס הילף.

און צו באַשטעטיגן זייער בטחון האָבן זיי דערציילט און דער־ציילט...

און וואָס זיי האָבן דערציילט איז געווען ווי אַ מעשה פון טויזנט און איין נאַכט. וואו ס'איז פריער געווען וויסטער מדבר, שטייט היינט אַ ישיבה פאַר'קנס'ט מיט אַן אוניווערזיטעט, מיט אַרום פיר טויזנט תלמידים. אַ סך פון זיי עילויים, עילויים אין תורה און עילויים אין בילדונג, און פון די צוויי, תורה און בילדונג, וועבט זיך אויס אַ נייער,

שיינער אידישער געוואַנט, אַ יוסף׳ס כתונת פּסים פאַר אַמעריקאַנער אידישע קינדער. ווי אַזוי איז עס געוואָרן? ווען איז עס געשען? ווער האָט עס געמאַכט?

הרב סאָלאָווייטשיק, וואָס זיין נשמה האָטביידע טבע׳ס, זי איז וואָך צו דער מיסטיק פון לעבן אַזוי ווי צו זיין רעאַליסטיק, האָט דער־ציילט, אַז ער איז שוין (1959) גענוי אַכצן יאָר ביי דער ישיבה, און נאָך אַלץ קען ער זיך ניט אָפּ׳חידוש׳ן איבערן גרויסן וואונדער, זעענדיג ווי אַזוי עס קומען אין דער ישיבה יונגעלייט פון פרייע היימען און זעצן זיך לערנען תורה. יונגעלייט וואָס זיינען שוין דער דריטער און פערטער דור אין אַמעריקע, אַפילו פינפטער און זעקסטער, פון הייזער וואו ס׳האָט נאָך קוים־קוים געצאַנקט אַ זכר פון אידישקייט, וואו די טאַטעס קענען שוין ניט די צורה פון אַן אלף, וואו מ׳ווייסט ניט פון קיין שבת און קיין כשרות — הויבן זיך אויף אין אַ שיינעם פרימאָרגן, פאַרלאָזן דעם טאַטנס הויז און קומען און באַזעצן זיך אין דער ישיבה און גייען אַריין מיט לייב און לעבן אין תורה. זאָל עס זיין אינטע־לעקטועלע קוריאָזיטעט? פרעגט ער, און ער ענטפערט: ניין, וואָרים אַ קוריאָזיטעט, ווען זי ווערט מער־וויניגער באַפרידיגט, קען זיך אויסלעשן. אָבער דאָ איז ניט דער פאַל. מ׳בלייבט לערנען. און וואָס ווייטער מ׳בלייבט, אַלץ מער לערנט מען. זאָל עס זיין קאַריערע? עס קען ניט זיין קיין גרויסע לאָקונג פאַר אַ תורה־קאַריערע אין אַ סביבה וואו די רעגל איז עם־הארצות, ניט לומדות. איז דאָ נאָר איין דערקלערונג, פירט אויס דער גאון: די הבטחה פון דעם אויבערשטן, אַז „לא ימושו מפיך״, די תורה וועט זיך קיינמאָל ניט אָפּטאָן פון אידישן מויל...

און נאָך אַ זאַך וואָס איז אַ חידוש — האָט הרב סאָלאָווייטשיק אַרויסגעבראַכט — כאָטש פאַר אים אַליין איז עס קיין חידוש ניט, נאָר פאַר אַנדערע זעט עס אויס אַ חידוש: מ׳לערנט אין דער ישיבה־אוניווערזיטעט תורה און וועלטליכע לימודים, און די תלמידים גנב׳ענען אַראָפּ צייט פון זייערע וועלטליכע לימודים פאַר תורה־וועגן, און ניט פאַרקערט... די וועלטליכע לימודים כאַפּט מען אָפּ אַזוי גיך ווי מעגליך, אַבי צוגעגרייט די לעקציעס און מען איז פאַרטיג, אָבער פאַר תורה וועגן שפּאָרט מען אָפּ צייט אַפילו פונם עסן, און אַפילו פון שלאָף. גאַנץ שפּעט אין די נעכט, דערציילט הרב סאָלאָווייטשיק, טראָגט זיך

דאָס קול פון לערנען דורך די קאָרידאָרן פון די געביידעס, און אַמאָל אַמפּערט מען זיך אין לערנען אַזש די קולות גייען ביזן הימל.

געווען איינמאָל אַ פּאַל, האָט מיטדערציילט הרב בעלקין, שפּעט ביינאַכט, ווען פון איין צימער איז געגאַנגען אַזאַ ליאַרם, אַז ס'האָט שוין ניט געקלונגען ווי אַ וויכוח אין לערנען, נאָר ווי אַ געשלעג. איז מען אַריינגעלאָפן זען וואָס דאָרט קומט פאָר. און ווירקליך, מ'האָט געפונען צוויי בחורים אין אַ פּאָזע פון געשלעג: איינער האָט דעם חבר געהאַלטן ביי די לאָצן און אים געטרייסלט מיט אַ שרעקליכער רציחה. און וואָס איז געווען? מ'האָט זיך געאַמפּערט איבער „טעם כעיקר" אָדער ניט...

ווען מיר דערמאָנען זיך מיט וואָס פאַר אַ גרינגן האַרצן משכילים אַמאָל האָבן אַוועקגעוואָרפן די אידישע לימודים און זיך געכאַפּט צו די וועלטליכע, איז עס טאַקע אַ חידוש צו זען דאָ אַ פאַרקערטן גאַנג.

— ווי אַזוי ווירקט די ישיבה אויף די בחורים וואָס קומען פון די פרייע היימען? האָט די ישיבה אַ השפעה אויף זייער פערזענליכן לעבן?

איך האָב די פראַגע געשטעלט צו הרב סאָלאָווייטשיק, און ער האָט געענטפערט:

— פון די שאלות וואָס זיי קומען מיר פרעגן, קען איך אייך זאָגן, אַז זיי זיינען אמת'ע צדיקים... די פון זיי וואָס גייען שפּעטער אַוועק זיך ספּעציאַליזירן אין אַנדערע אוניווערזיטעטן, גייען זיי דאָרט אין יאַרמולקעס אויפן קעמפּוס און אַפילו אין די קלאַסן, האָט הרב סאָלאָווייטשיק דערקלערט... מ'זעט היינט אַ שפּאַר ביסל יאַרמולקעס אויפן קעמפּוס אין האַרוואַרד... דער „עם. אַי. טי." (מאַסאַטשוסעטס אינסטיטוט אָוו טעקנאָלאָדזשי) האָט סוף כל סוף געלאָזט איינפירן אַ כשר'ע קיך אויפן קעמפּוס, אַ זאַך וואָס אין פריערער צייט איז קיינמאָל ניט דערלויבט געוואָרן...

און אָט איז אַ דריטער חידוש, וואָס די פירער פון דעם ישיבה־אוניווערזיטעט האָבן דערציילט: אָט די דריי־פיר מאָל אַמעריקאַניש־געבוירענע יונגעלייט, וואָס קומען אָפּט פון גאַנץ אַסימילירטע היימען, זיי לערנען אין דער ישיבה גמרא — אויף אידיש! מ'לערנט ניט אין דער ישיבה קיין גמרא אַנדערש ווי נאָר אויף אידיש. און פונדאַנען,

ווי אַ צוגאָב צו דער גמרא, לערנען זיך די בחורים אויס די אידישע שפּראַך...

איך וואָלט געוואונטשן די וועלט זאָל הערן ווי אַזוי הרב סאָלאָ־וויטשיק רעדט וועגן אידיש, מיט וואָס פאַר אַ ליבשאַפט, מיט וואָס פאַר אַ צוגעטאָנענקייט, מיט וואָס פאַר אַ פרומקייט אַפילו. אידיש, זאָגט ער, איז אַזוי אַריינגעוואַקסן אין אידן און אין תורה, אַז זי איז „נתקדש געוואָרן". די אידישע שפּראַך האָט אין משך פון הונדערטער יאָרן אַרומגענומען דאָס אידישע לעבן און האָט אַרומגעוויקלט אידיש־קייט אַזוי ווי אַ מענטעלע וויקלט אַרום אַ ספר תורה, און איר דין איז אַזוי ווי דער דין פון דעם מענטעלע אויף דער ספר תורה, האָט ער געזאָגט: דאָרט וואו מ'ראַטעוועט אַ ספר תורה, מוז מען אויך ראַטעווען דאָס מענטעלע...

אַזוי האָט דער גאון גע'פסק'נט. און אַז ער האָט אַזוי גע'פסק'נט, איז אַזוי געוואָרן דער דין.

דאַרפן פון היינט אָן אידן וויסן, אַז ס'איז אַ חוב על פּי דין צו ראַטעווען אידיש ווי אַ שטיק אידישע קדושה.

איך לייען שטענדיק דריי צייטונגען — האָט הרב סאָלאָוויטשיק געזאָגט — אַ העברעאישע, אַ אידישע און אַן ענגלישע. די אידישע צייטונג פאַרמאָגט איר אייגענע היימישקייט און אייגנאַרטיקע פאָל־קישקייט, אָן וועלכע ס'איז שווער זיך צו באַגיין, האָט ער געזאָגט, און איז אים נענטער ווי די ענגלישע.

מיט גרויס ערגערניש האָט דער גאון גערעדט וועגן דעם וואָס די שול איז פאַרענגלישט געוואָרן, דורך די ענגלישע דרשות פון די רבנים. די אידישע דרשה, האָט ער געזאָגט, האָט זיך איר באַשטימטן נוסח, און דער ענגלישער „סערמאָן" האָט זיין באַשטימטן נוסח. איז אַז מ'האַלט אַ אידישע דרשה אויף ענגליש, מוז זי קלינגען ווי אַ פּראָטעסטאַנטישער „סערמאָן". ס'איז אומפאַרמיידליך. אָנשטאָט „רבונו של עולם", דאַרף דער רב נאָר אַרויסרעדן „דהי לאָרד", און שוין שמעקט עס מיט ניט־אידישן גייסט.

אידיש — האָט הרב סאָלאָווייטשיק געזאָגט — איז ניט געשטאָרבן, נאָר מ'האָט עס דערמאָרדעט, און דערמיט האָט מען געעפנט טיר און טויער פאַר דער אַסימילאַציע.

נאָך אַ מערקווירדיגע באַהויפּטונג האָט געמאַכט הרב סאָלאָ־

וויטשיק וועגן אידיש, וואָס וועט פאַר אַנדערע זיין אַן אמת׳ע איבער־ראַשונג: ווען מ׳וויל דערקלערן אַ זאַך אין דער גמרא אויף ענגליש, נעמט עס צען מאָל אַזוי פיל שפּראַך ווי אין אידיש. ווייל אידיש איז אויפגעוואַקסן אויף דער גמרא און האָט שוין אַלע טערמינען און קנייטשן וואָס פאָדערן זיך צום פאַרשטיין די גמרא.

הרב סאָלאָווייטשיק האָט אין באָסטאָן אַ וועכנטליכן שיעור פאַר אינטעלעקטואַלן, לאַיערס, דאָקטוירים, דענטיסטן, אינזשענירן, כמעט אַלע אַמעריקאַנער־געבוירענע, און דאָרט זאָגט ער אויך דעם שיעור אויף אידיש.

אין דעם זעלבן זין האָבן וועגן אידיש גערעדט דר. בעלקין און דר. זאַר. אין די לעצטע יאָרן זיינען אין דעם ישיבה־אוניווערזיטעט איינגעפירט געוואָרן קורסן אין אידיש, און זיי וועלן נאָך פאַרשטאַרקט ווערן.

ווען איך האָב געהערט ווי הרב סאָלאָווייטשיק האָט געפּרוּווט זיך דערגראָבן צו די סיבות וואָס ציען־צו די אַמעריקאַנער בחורים מיט אַזאַ ליבשאַפט צו דער ישיבה און אירע לימודים, און צו אידיש־קייט בכלל, האָב איך געטראַכט, אַז איין סיבה, זייער אַ קלאָרע און זייער אַ נאָענטע צו אים, האָט ער ניט דערמאָנט, און אפשר איז ער גאָרניט געוואָר פון איר: און דאָס איז ער אַליין, זיין אייגענע פערזענליכקייט און זיין אייגענע גאונות.

אַ אידיש שפּריכוואָרט זאָגט: אַז ג־ט גיט, גיט ער מיט אַ פולער האַנט. אַזוי האָט ער געגעבן הרב יוסף דוב סאָלאָווייטשיק זיין גאונות: מיט אַ פולער האַנט. ער האָט אים געגעבן גאונות און אַלע כלים צו גאונות; אַ דערהויבענע געשטאַלט, אַ הערליכע דערשיינונג, אַ געזיכט ווי פון אַ פאַרצייטיגן קעניג, אויגן וואָס באַצויבערן מיט אַ ניט־דאַאיגן פחד, אַ לויטערן חיתוך הדיבור, אַ כוח הסברה, וואָס מאַכט דעם טונקעלסטן ענין קלאָר ווי אַ פּליסיג וואַסערל, אַ רעדנער־טאַלאַנט וואָס קען שטורעמען ווי דער ים, אַ קאָפּ פאַר הלכה און אַ האַרץ פאַר אגדה, אַן אויג פאַר רעאַליזם און אַן אויער פאַר מיסטיק, אַ טאַלאַנט צום רעדן און אַ כוח צום שרייבן, און אַן אָפּענעם מוח אַריינצונעמען כל התורה כולה.

הרב סאָלאָווייטשיק האָט אַרויסגעגעבן אַ ספר מיטן נאָמען: „די אידישע פערזענליכקייט איז געגליכן צו אַ ספר־תורה״. אויף אים אַליין

פֿאַסט דער נאָמען און דער חיבור: ער אַליין איז אין אמת'ן זין פֿון וואָרט געגליכן צו אַ ספֿר־תורה — „מיט אַלע מ״ב פּירושים״. טיר און טויער אין דער תורה שטייען פֿאַר אים אָפֿן און ער איז אַ בן־בית אין אַלע אירע ווינקעלעך.

און אַ מתיקות איז דאָ אין זיין תורה. ער מאַכט די הלכה אַזוי זיס ווי די אגדה, און די אגדה לאָדט ער אָן מיט באַדייטונג ווי די הלכה. און אין אַלץ איז ער גרויס. ער טרעט קיינמאָל ניט אַרויס פֿון גרויסקייט. צי ס'איז אַ זאַץ אָדער אַ פּסוק, צי אַ פּרשה אָדער אַ מסכת, צי נאָר אַן איינציג וואָרט, אַלץ קומט אַרויס פֿון אים מיט אַ רחבות, וואָס נעמט אַריין וועלטן. און ער דעקט אָפּ שלייערן פֿון דער תורה, פֿון אונטער וועלכע עס שלאָגט אַרויס גאָר אַ נייע, אומ־געאַנטע ליכטיקייט.

גאַנץ אידנטום, פֿון האָריזאָנט ביז האָריזאָנט, ליגט אים ווי אַן אָפֿענע קאָרט אויף דער האַנט, אַלץ אויף אַ מאָל. אין יעדער צייט. אין יעדער שעה.

און נישט אַליין זיין אויג זעט די ליכטער פֿון דער תורה, נאָר אויך זיין אויער הערט די קולות פֿון דער תורה. ס'איז דאָ תורה שבכתב, תורה שבעל פּה און תורה שבקול. אין דער תורה איז פֿאַרשריבן אַ קול, ג־ט'ס קול, ווי אין פּסוק שטייט: „כי תשמע בקול השם אלקיך לשמור מצותיו וחקתיו הכתובה בספר התורה הזה״ (דברים ל, י). דער „הכתובה״ גייט אויפֿן „קול״. פֿונדאַנען נעמען זיך אַלע „דערהערן״. אונזער גאון האָט אַ דין און שאַרף אויער פֿאַר דער תורה וואָס איז פֿאַרשריבן מיטן קול. אַ קלאַנג וואָס איז צו נידעריג און אַ רעש וואָס איז צו שרייאיג פֿאַרנעמט ניט דאָס מענטשליכע אויער. אַ סך ב״ה לייענען די תורה וואָס איז פֿאַרשריבן געוואָרן פֿאַרן אויג, אָבער ניט קיין סך דערהערן די תורה וואָס איז פֿאַרשריבן געוואָרן מיטן קול. אונזער גאון זעט און הערט ביידע. ער הערט וואָס אַנדערע הערן ניט. ער ברענגט אַרויס נייע מוזיק פֿון דער תורה, פֿריער קיינמאָל ניט געהערטע קלאַנגען. ער איז אַ מחולל רעיונות. ער איז אַ מקור ראשון. ער שעפּט ניט פֿון היינט און ניט פֿון נעכטן, נאָר פֿונם אָנהויב. אַזאַ תורה־איד קומט ניט פֿון אַ דור אָדער אַפֿילו פֿון דורות: אַזאַ תורה־איד בויט זיך פֿון משה רבינו אָן.

און די חכמות פֿון דער וועלט זיינען אויך זיין קנין. און ער

בויגט ניט די תורה צו די חכמות, נאָר מאַכט קניען די חכמות ביי די געצעלטן פון דער תורה.

עס ווערט דערציילט וועגן אַ מתנגד׳ישן בחור׳ל וואָס איז געפאָרן קיין קאָצק און איז געקומען צוריק אַ פייערדיגער קאָצקער חסיד. ווען דער פאָטער האָט אים געפרעגט מיט וואָס ער איז געקומען פון קאָצק, האָט דער זון געענטפערט: איצט ווייס איך אַז ס׳איז דאָ אַ ג־ט. דער טאַטע האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט און האָט אַריינגערופן די דינסט און איר געפרעגט: חנה־דוואָשיע, איז דאָ אַ ג־ט אויף דער וועלט? אַוודאי, האָט זי געענטפערט. און ווענדנדיג זיך צום זון האָט דער פאָטער געזאָגט; דו הערסט, חנה־דוואָשע זאָגט אויך אַז ס׳איז דאָ אַ ג־ט.

— זי זאָגט און איך ווייס — האָט דער זון געענטפערט.

דאָס „וויסן" וואָס אין דער דאָזיגער חסידישער מעשה איז דאָס „וויסן" וואָס הרב סאָלאָווייטשיק „ווייס". ס׳איז אַן אַנדער אַרט וויסן ווי ביי אַנדערע. ס׳איז עפּעס דאָ אַ מעכטיגקייט אין זיין וויסן, אַ הילכיגקייט, וואָס פילט אויס יעדן פּיצל חלל אין אַן ענין. ער ווייסט גאַנץ. ער ווייס דורך און דורך. ער ווייס אַ וויסן גע׳כפל׳ט אויף וויסן. ער איז פול אין אַלע ווינקעלעך, און אַלע ווינקעלעך אין אים זיינען פול. ביי אים אין קאָפּ איז שטענדיג טאָג. ער ווייס יענעם וויסן, וואָס אין דעם „וארשתיך לי באמונה וידעת את השם"...

און ער קען זאָגן תורה פאַר אַלעמען גלייך: צו אויסדערוויילטע און צו אַנגעלאָפּענע, צו גאונים און פּראַסטאַקעס. ווי די תורה אַליין, איז ער ניט צו קליין פאַר די גרעסטע און ניט צו גרויס פאַר די קלענסטע. איך האָב געזען צווישן זיין עולם צוהערער, אידן זיצן מיט פאַרקראַמפּטע פינגער.

ס׳איז נאָר אַ שאָד, וואָס הרב סאָלאָווייטשיק גיט זיך אָפּ כמעט אינגאַנצן מיט ישיבה־לייט צווישן די פיר ווענט פון דער הלכה און זעלטן טרעט ער אַרויס פאַרן ברייטן פאָלק מיט זיין רעדן, און נאָך זעלטענער מיט זיין שרייבן. מיט דער דערמאָנטער אומפאַרגלייכליכער און אומפאַרגעסליכער סעריע וועגן איד און ספר תורה, האָט ער זיך באַוויזן, און שוין ניט צום ערשטן מאָל, פאַר אַ שריפטשטעלער פון העכסטער מדרגה. און מיט זיין ליבשאַפט צו אידיש, און מיט זיין מייסטערשאַפט אין דער שפּראַך, גיט ער אַ רעכט דער אידישער

שרייבער־משפּחה אים צו רעכענען פאַר אַ אידישן שרייבער. און אויב יע, איז ער דער גרעסטער אידישער שרייבער היינטיגן טאָג: ווער איז גלייך צו אים אין געביט פון מחשבת היהדות?

אַוודאי, אויך אין העברעאיש איז ער אַ גדול הדור. זיין „איש ההלכה" אין עברית איז אַ גלייכן אין גרויסקייט צו זיין „אַ איד איז געגליכן צו אַ ספר תורה" אין אידיש. וועלן מיר זיך טיילן מיט אים צווישן אידיש און העברעאיש האַלב אויף האַלב. נאָר אַפילו בלויז אַ האַלבער, איז ער אויך דער גרעסטער אידישער שרייבער.

אַ דור וואָס איז געבענטשט מיט אַזאַ גאון, איז ניט קיין דור יתום. נאָר ר' יאָשע בער איז ניט די איינציגע ברכה פון ג־ט, פאַר אונזער דור ההולך בחושך. דער אידישער הימל איז באַלויכטן מיט נאָך מאורות גדולים: ר' חיים העלער, ר' אליעזר סילווער, ר' אהרן קאָט־לער, ר' יעקב קאַמינעצקי, ר' משה דובער ריבקין, ר' משה פיינשטיין, ר' אהרן סאָלאָווייטשיק: מיט אַזאַ ליכטיגן הימל, פאַרוואָס־זשע איז אונזער ערד באַדעקט מיט אַזאַ חושך? דאַרף מען האָפן, אַז די דאָזיגע גדולים פון תורה און ריזן פון גייסט וועלן ברענגען אַ נייע אויפלעבונג ביי אידן, אַ נייע געבורט פון אידישקייט, און אויפהויבן דאָס פאָלק צוריק צו גרויסקייט, צו דער אַלטער און אייביגער אידישער גרויסקייט.

לאָמיר נאָר ברענגען אונזערע קינדער צו זיי...

# די לעצטע האָפענונג

און אַצינד קומען מיר צום סוף פון אונזער אייגענער מעשה: „דאָס אידישע הויז אין אַמעריקע ברענט!"

מיר האָבן געזען די צוויי ניסים: דעם אויפשטייג פון די ישיבות און די דערוואַכונג פון די קינדער.

די צוויי דאַרפן זיך צונויפגיסן אינאיינעם, אין אַ דריטן נס.

די קינדער קעמפן פאַר אידישקייט מיט זייערע עלטערן, אָבער ניט שטענדיג געווינען זיי זייער קאַמף. די עלטערן זיינען שטאַרקער. די קינדער איינציגווייז, אַליין, פאַרלירן אָפטער ווי זיי געווינען.

זיי דאַרפן האָבן הילף. עס פאָדערט זיך פירערשאַפט. ריכטיג געפירט, מיט קלוגשאַפט געכאַוועט, מיט ליבשאַפט געוואַרעמט, קענען די מיסטישע סענטימענטן פון די קינדער אויפגעפלאַקערט ווערן אין אַ הייליגן פייער, אַז אַלע געצן זאָלן פאַרברענט און אויסגערויכערט ווערן פון אידישן הויז און זייער אַש זאָל צעשטויבט ווערן אין אַלע פיר עקן.

קומען דאַרף עס פון די ישיבות.

אין די ישיבות זיצן יונגע אידן און לערנען. „זיצן און לערנען" איז שטענדיג געווען דער גרויסער אידישער געדאַנק. אָבער היינטיגע צייטן איז ניט גענוג פאַר קיינעם בלויז צו זיצן און לערנען. היינט דאַרף מען אויך גיין און לערנען, לויפן און לערנען, פאָרן און לערנען

— מקיים זיין דעם גאַנצן פסוק: בשבתך... ובלכתך... בשכבך... ובקומך... היינט דאַרף מען לערנען און טאָן, לויפן אין די גאַסן און שרייען גוואַלד, שפּרינגען אין פייער אַריין צו ראַטעווען אידישע קינדער.

די ישיבות סוף כל סוף קענען געדייען נאָר דעמאָלט, ווען זיי וועלן האָבן אַ ברייטע באַזע אין דעם פאָלק. פאַר זייער קיום און פאַר זייער בליאונג מוזן זיי האָבן אַ שטאַרקן אָנשפּאַר אין די הייזער און אויף די גאַסן. זיי מוזן האָבן פאָלק, מאַסן. „במקהלים אברך השם", און „במקהלות ברכו אלקים" — האָט געזאָגט דער בעל התהלים, און „אין השכינה שורה אלא בקהל" — האָבן געזאָגט אונזערע חכמים.

פון די ישיבות דאַרפן אַרויסגיין פירער פאַר די קינדער. און פון די ישיבות דאַרפן קומען קאַדרן, וואָס זאָלן גיין איבער אידישע הייזער. גיין איבער די הייזער און רעדן צו טאַטע־מאַמע. גיין און אַגיטירן די הייליגע מאַנונג: שיקט אייערע קינדער אין חדר, גיט אייערע קינדער אַ אידישע דערציאונג!

אפשר זאָלן עס די „בני עקיבא" טאָן? די „צעירי אגודת ישראל"? די טעכטער פון די „בית יעקב" שולעס? אפשר „מעפּילים" פאַר אַמעריקע אַזוי ווי פאַר ישראל? גיין פון הויז צו הויז אין אַן אייביגן קאַמפּיין...

עס טרעפט אָפט, זייער אָפט, און איך הער אַ קלאַפּ אין מיין טיר. איך עפן. עס דערשיינען שליחים פון אַלערליי גוי'אישע סעקטעס. דאָס רוב פון די „וויטנעסעס". נאָך וואָס גייען זיי? זיי גייען זוכן נשמות צו ראַטעווען. זיי קומען מיך רופן צו ווערן אַ גוי.

אָבער קיינער האָט נאָך קיינמאָל ניט אָנגעקלאַפּט אין מיין טיר, מיך רופן צו ווערן אַ איד!

צייט צו גיין קלאַפּן אין אידישע טירן. די שעה איז שפּעט.

שטייט אויף, אידן, צו עבודת־הבורא! אידישע קינדער, שטייט אויף צו קידוש השם!...

די שעה איז שוין שפּעט. עס איז שוין גאַנץ שפּעט אין דער נאַכט פון אידישקייט אין אַמעריקע. עס איז די שעה פון געדיכטער פינסטערניש, און ווער עס וועט ברענגען דעם פרימאָרגן זעט זיך נישט.

רעדן העלפט ניט ,שרייבן ווירקט ניט, מאָנען נוצט ניט, שרייען איז קיין פּעולה ניט.

עס דרימלען די פּאַסטוכער, און עס שלאָפן די בעק.

אויסער אַ קליין הייפל, די פּער פון דער געמיינדע, וואָס האָבן אויפגעשטעלט און האַלטן אויף די געצעלטן פון תורה. מיט מי און מאַטער טראָגן זיי די הייליגע לאַסט, און זיינען יעדן טאָג מקדש השם. טאָ געבענטשט זאָלן זיין די רבנים, די עסקנים, די תומכים, די טאַטעס און מאַמעס, און איבער אַלעמען די תלמידים, וואָס האָבן אין אַמעריקאַנישן לאַנד אויפגעהויבן פון דער ערד די קרוין פון תורה.

אָבער עס איז ווייניג. עס קלעקט קוים פאַר'ן מאמר: הלל מחייב עניים. אָבער ס'איז מחייב! יאָ, אויב פלוני בן פלוני קען, פאַרוואָס זאָל אלמוני בן אלמוני ניט טאָן דאָס אייגענע?

נאָר מען טוט ניט. און קיין שום מאמר העלפט שוין ניט. אַלע רייד שוין אויסגערעדט און אַלע מאמרים שוין אויפגעבראַכט. זיי הערן שוין גאָרניט ווען מען רעדט צו זיי. עס הערן ניט די מנהיגים, עס הערן ניט די עלטערן.

בלייבט נאָר איין עצה און איין תרופה, עס בלייבט נאָר איין צד, וואָס איז דער לעצטער און אויך דער ערשטער: דאָס קינד אַליין! איז לאָמיר גיין דירעקט צום קינד! איבער די קעפּ פון די מנהיגים, איבער דעם ווידערשטאַנד פון טאַטע־מאַמע!

מיר, וואָס וויסן, אַז אונטער זיין פאַרשייטקייט, שטיפעריי, שפּילעריי, טליעט ביים אידישן קינד דער אידישער פונק און עס דרימלט אַ נאָגעניש נאָך אידישן זיך, אַ בענקשאַפט צו אידישער הייליגקייט, לאָמיר רעדן אין זיינע אויערן און אויפוועקן דעם ג־טליכן דרימל. לאָמיר רעדן דירעקט צום קינד!

ס'איז איצט אַ שעת הכושר. אידישע קינדערלעך זיינען איצט וואַך. ווער ווייסט צי דאָס קען, חלילה, ניט אינגיכן אַריבערגיין און אויסגעלאָשן ווערן. געדענקט איר דעם שעת הכושר וואָס איז געווען אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה? אידישע יוגנט אין די צענדליגער טויזנטער, אויף אַלע פראָנטן, האָבן געזען פּנים אל פּנים דעם שלעכטן שד מיט דער אויסגעצויגענער שווערד אויפ'ן האַלז פון אידישן פאָלק, און זיי האָבן אָנגעהויבן זוכן און פאָרשן

נאָך אידישן זין. ס'איז געווען אַ גרויסער שעת הכושר, אַן אמת געבענטשטע שעה. אָבער קיינער האָט עס ניט אויסגענוצט. די פירער האָבן פאַרשלאָפן. דער סוף איז געווען, אַז די אידישע זעלנער זיינען געקומען פון די פראָנטן אַהיים און האָבן מיטגעבראַכט גוי'אישע ווייבער...

איצט האָבן מיר אַ שעת הכושר מיט אידישע קינדער אין אַמע־ריקע: לאָמיר כאָטש די איצטיגע שעה ניט דורכלאָזן.

און אפשר איז דאָס ניט קיין שעה, נאָר ניט מער ווי אַ רגע, וואָס איז אונז געגעבן געוואָרן...

טאָ לאָמיר גיין צו די קינדער.

לאָמיר אָנהויבן מיט די קינדער וואָס געפינען זיך שוין אין אונ־זער רשות. צו יעדן קינד אין חדר, אין תלמוד־תורה, אין ישיבה, אין שול, לאָמיר זאָגן: ברענג אַ חבר! רעד צו דיינעם אַ שפּיל־פריינט און פיר אים אַריין אין אידישן הויז, אין הויז פון תורה. נעם אים פאַר דער האַנט און לאָז אים ניט אָפּ. עס איז אַ גרויסע מצוה!

אַזוי זאָלן מיר ריידן צו די קינדער און אָנפייערן זייערע הערצלעך מיט ג־טליכן אייפער, און אין איין קורצער רגע וועט פאַרדאָפּלט ווערן די צאָל קינדער אין רבי'נס הויז!

דאָס איז דער שטילער, בנחת'דיגער וועג. עס איז דאָ נאָך אַ וועג, דער וועג פון שטורם.

שטורעמען אין די גאַסן! אַרויסגיין אין די גאַסן און רופן קינדער מיט פּויק און טרומייטער. און באַלד וועלן אַלע קינדערלעך פון גאַס זיין אַרום אייך, ווי עס איז די טבע פון קינדער, און ווען זיי זיינען פאַרזאַמלט, זיך שטעלן און רעדן צו זיי: אידישע קינדער! שמע ישראל!

אָדער רופן מאַסנמיטינגען פון קינדער, אין גרויסע זאַלן, אויף גרויסע סקווערן, און דאָרטן זאָלן רעדנער און דרשנים אָנקלאָגן די טאַטעס און די מאַמעס פון די קינדער פאַר די קינדער, און זיי דער־ציילן די זינד פון די פאָטערס, פאַר וועלכע זיי, די קינדער, ליידן און וועלן ליידן.

אויפהויבן די קינדער אין אַ בונט, אָנצינדן זיי אין אַ רעוואָלט!

און דער געשריי זאָל זיין דער אַלטער אידישער געשריי: מי להו׳ אלי!

און איר וועט זען ווי קינד וועט זיך אָנצינדן פון קינד, ווי עס צינדט זיך אָן איין ליכטעלע פון אַנדערן ליכטעלע, ביז דאָס גאַנצע אידישע הויז אין אַמעריקע וועט אויפלויכטן אין דער נאַכט אַזוי ווי אין זוניגן בייטאָג. ניט אין אַ שריפה, נאָר אין אַ ליכטיגקייט.

לאָמיר צעבונטעווען די קינדער אין אַ גרויסן בונט, אַן עפנטליכן. אפשר וועלן אידן זיך אָנהויבן שעמען פאַר די גויים.

לאָמיר פירן די קינדער איינצונעמען מיט שטורם דאָס הויז פון תורה!

מען האָט שוין געזען אַזעלכס געטאָן מיט קינדער. לייענט די געשיכטע פון די קינדערשע קרייצונגען אין איראָפּע, ווען הונדערטער טויזנטער קינדער זיינען אויפגעהויבן געוואָרן מיט פרומען אייפער צו גיין איינעמען ירושלים. אָדער ווי עס האָט געטראָפן אין אונזערע טעג פון קאָמוניזם און פאַשיזם, וועלכע האָבן זייערע נצחונות איבער די היימען געוואונען דורך די קינדער.

אויב מען קען מיט קינד דערגרייכן צו געץ, וועט מען, להבדיל, צו ג־ט אַוודאי דערגרייכן.

מיר האָבן אַ צוזאָג אויף דעם. עס שטייט אין הייליגן ספר: אין יענעם טאָג „והשיב לב אָבות על בנים״ — ער וועט אומקערן דאָס האַרץ פון די עלטערן אויף די קינדער — מאַכט רש״י אויפ׳ן אָרט: על ידי בנים, דורך די קינדער.

יענער טאָג איז שוין דאָ! קינדער קערן היינט אום די עלטערן צו אידישקייט...

עס גייט שטענדיג דאָס לשון אין דער תורה: ג־ט זאָגט צו משה׳ן: „דבר אל בני ישראל״, רעד צו די קינדער פון ישראל.

עס שטייט ניט „רעד צו ישראל״, נאָר רעד צו די קינדער פון ישראל.

טאָ לאָמיר רעדן צו די קינדער!

צען משוגעים! וואו זייט איר? גייט, רעדט צו די קינדער פון ישראל!...